# סאָוועטיש
# היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון סססר

ערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

יולי



1986

# אינהאַלט

דער ערשטער נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד"
איז געווען אַ צווייכאַדאָשים־אויסגאַבע
און ער איז דאַטירט מיט די כאַדאָשים יול—אַווגוסט.
נעמענדיק דאָס אין אַכט, האָט די רעדאַקציע באַשטימט
ווידמענען דעם 25־יאָריקן יובילײ פונעם זשורנאַל
די נומערן 7 (יול) און 8 (אַווגוסט) פון הײַנטיקס יאָר.
דער איצטיקער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד"
איז צונויפגעשטעלט פון ווערק,
וועמענס אַווטאָרן עס זײַנען יונגע שרײַבער,
דאָס הייסט, אַז עס ווערט געשטעלט אויפן פּאַדערפּלאַן
די **צוקונפט** פון אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור.
די רעדאַקציע נעמט אָן,
אַז אונטערן באַגריף **יונגער שרײַבער**
זאָל אין דעם געגעבענעם פאַל
געמיינט ווערן אַ ייִדיש־שרײַבנדיקער שריפטשטעלער,
וועלכער איז געבוירן געוואָרן
**נאָך דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע.**
דער צווייטער יאָמטעוודיקער נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד",
אין צוזאַמענהאַנג מיטן פינף־און־צוואַנציקיאָריקן יובילײ,
וועט דערשײַנען, ווי געווײנלעך, אין אַווגוסט
און אויף זײַנע זײַטן וועלן אַרויסטרעטן
מיט נײַע קינסטלערישע ווערק
און מיט אָפּהאַנדלונגען
די גרונט־שעפער פון דער הײַנטצײַטיקער
סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור.

ארן וווערגעליס

# נעמט זיך אָן מיט קוּכעס, יונגע שפּראָצלינגען!

לאָמיר צוערשט פאַרצייכענען אַן אַלגעמיין באַוווּסטן פאַקט:

אין סאָף פון די דרײַסיקער יאָרן האָט די ייִדישע ליטעראַטור אויפגעהערט צו שוואַנגערן מיט נײַע טאַלאַנטן. ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דער וווּקס פון איר עפּערישע רייען.

אין דער מענטשישער געזעלשאַפט גייען אַזוי אַראָפּ פון דער אַרענע פאַרצווײַגטע אין דער פאַרגאַנגענהײַט מישפּאָכעס, שוואָטים, גאַנצע פעלקער, און דאָס זעלבע מוז אומפאַרמײַדלעך טרעפן מיט אַ ליטעראַטור, אויב זי הערט אויף אַרויסצוגעבן פון זיך שעפערישע אומבײַטן.

עס גייט דאָ אַ רייד וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור בא אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד. אין די מײַרעוו-לענדער און אין פּאַלעסטינע — ייִסראָעל האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט קיין ווידערוווּקס, וואָס זאָל בלײַבן אין דער ליטעראַטור. דער באָדן אין יענע מעקוימעס איז בי־כלאַל ניט געווען איר געבורט-באָדן. אַהין איז זי אָנגעקומען פון אונדזערע קאַנטן. פאַר די ווייניקע יאָרצענדליקער פון איר זײַן אויך דאָרטן האָט זי אַפילע ווי ס'געהער צו זײַן זיך ניט אויסגעלערנט אָפּצושפּיגלען די נײַע פאַר איר ווירקלעכקײַט. אין אַמעריקע האָט זי באַוויזן צו פאַרמיסטיקן מיט איבעריקע ענגליציזמען (אָפּן אייב קאַהאַנישן אויפן) דאָס ייִדישע לאָשן און בלויז אין אַזעלכע הויכע מוסטערן, ווי שאָלעם אַש, יויסעף אָפּאַטאָשוּ, אײַזיק ראַבאָיס, מוישע נאַדירס אַמעריקאַנער שאַפונגען איז זי צוגעטראָטן ערנסט צו אַמעריקאַניזירן איר טעמאַטיק. דאָס איז אָבער געווען ווייניק, און דער באַנײַונגס-פּראָצעס האָט ניט געהאַט קיין אונטערהאַלט פון אַ גענוג טיפן שיכט אייגן-אַמעריקאַנישע שריפטשטעלער, קעדיי קאָנען אַרויסרופן צום לעבן אַן אַבאָריגעניש-אָרטיקע שעפערישע קאָהאָרטע. אַזוי איז געקומען צום איצטיקן מאַצעוו: די קינסטלערישע ייִדישע פּראָזע און פּאָעזיע אָפּן אַמעריקאַנישן באָדן איז צום סאָף פון אונדזער יאָרהונדערט אָפּגעשטאָרבן צוזאַמען מיטן פיזישן טויט פון די אָנגעקומענע אַהין אין אָנהייב יאָרהונדערט פון רוסלאַנד און פּוילן ייִדיש-שעפער.

אין פּאַלעסטינע — ייִסראָעל האָט „אַרויסגעהאָלפן” דער ליטעראַטור אַף ייִדיש אין פּראַט פון שעפערישע קאַדרען דער אַרופגאַנג פונעם דײַטשישן פאַשיזם און די צווייטע וועלט-מילכאָמע, ווי אויך די שאָדן-פּראָפּאַגאַנדע פונעם ציִעניזם. אין מעשעך פונעם פאַרגאַנגענעם האַלבן יאָרהונדערט זײַנען אַהין „רעקרוטירט געוואָרן” — צוערשט עטלעכע כאַלוצישע דיכטער (דער אויסגעשפּראָכענער פון זיי — יויסעף פּאַפּערניקאָוו), שפּעטער — דיכטער און פּראָזאַיקער פון פּוילן און ליטע: סוצקעווער, העלער, אַ צאָל אַנדערע, און לעצטנס — די קערלערס, בוימוואָלס, מאַלטינסקיס פונעם עמיגראַנטישן „מיסט”. ניטאָ וואָס צו דערווײַזן, אַז די אָפּטריניקע פון אַן אַנדער אידייִש-קינסטלערישער סוויווע האָבן קיין עכטע געפילן-ליבע מיטן לאַנד פון זייער געפאַלנקײַט ניט געקאָנט רעאַליזירן אין קינסטלערישן שאַפן, און ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס קיין סאַברעס זײַנען אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון ייִסראָעל הײַנט-צו-טאָג נאָך אַלץ ניטאָ, האַגאַם אין דעמאָגראַפישן זין האָט דאָס לאַנד שוין געגעבן עטלעכע סאַברע-דוירעס.

אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז דער אָפּשטעל פונעם צוּוווּקס געווען א פאַרשטענדלעכער. די מילכאָמע האָט אויסגעמאָרדעט א צו גרויסן טייל פון די לייענער און פון די שאַפער. באַטראַכטנדיק, אַזויאַרום, דעם גורל פון שוין קימאַט אַן אויסגעראָטן פאָלק, האָבן די לעבנגעבליבענע ייִדן געזוכט דעם אויסגאַנג, צווישן אַנדערס, אויך פאַר דער דוירעסדיקער ליטעראַטור. ס'האָט אָבער פונקט אין אָט דער צײַט זיך געטווישט דער עקאָנאָמישער, געאָגראַפישער און שטייגער-באָדן בא אונדזער נאַציאָנאַלער סוויווע. זי האָט אין פיל פאַלן געהאַלטן בא פאַרלירן די מוטער-שפראַך, און אין דעם איז געווען און איז הײַנט-צו-טאָג פאַרבליבן א האַרבע, אומפאַרמײַדלעכע, פון קיינעמס סוביעקטיוון ווילן ניט אָפּהענגיקע לאָגיק.

מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק האָט זיך אין מאָסקווע אַנטפלעקט די ליטעראַרישע דערשײַנונג, וועלכער רופט זיך „סאָוועטיש היימלאַנד", און דאָס האָט זיך אַרויסבאַוויזן פאַר דעם איינציק מעגלעכן, רעאַלן און ווירקזאַמען ענטפער אַף דער געשאַפענער סיטואַציע. אין יענער צײַט איז די פראַגע שוין געשטאַנען אַזוי: אָדער עס וועלן אָפּגעזוכט ווערן שעפערישע „קרײַטעכצער", וואָס זײַנען פעיִק צוצוגעבן קויכעס דער ייִדישער ליטעראַטור, זי זאָל ווײַטער לעבן און זיך פרוכפערן, אָדער די שוין באַיאָרטע גענעראַציע ייִדישע שרײַבער וועלן באַקומען א זשורנאַל אַף צו דרוקן זייערע ווערק באַם לעבן, און ווען זיי וועלן פיזיש זיך ענדיקן, וועט עס זײַן דער פינאַל פון דער ייִדישער ליטעראַטור — אַזוי ווי אין אַמעריקע אין די 70-ער יאָרן, אַזוי ווי אין פראַנקרײַך, קאַנאַדע, ענגלאַנד, אַרגענטינע, אַוסטראַליע.

אין משך פון א פערטל יאָרהונדערט האָט „סאָוועטיש היימלאַנד" געאַקערט א נײַעם באָדן. די ליטעראַטור-ציכטלער זײַנען געווען מיר אַליין — א מאַכנע „איבערגעבליבענע", פאַרוואָרצלטע נאָך אין די פריִערדיקע ערד-שיכטן, צעצווײַגטע אונטער דער זון פון דער נײַער צײַט, גרייטע צו זיצן טאָג און נאַכט סײַ בא די אייגענע שאַפונגס-טישן, סײַ איינצײַטיק בא די טישן אין רעדאַקציע, סײַ אין די וווינונגען און אַף די אַרבעטס-ערטער פון די לייענער, וועלכע זײַנען אין רעזולטאַט פון די גיגאַנטישע קאַטאַקליזמען געווען שוין אין טאָך אַנדערע, איבערגעטראָגענע אין גאָר אַנדערע געאָגראַפיעס, א ביסל, קאָן מען זאָגן, דערווײַל נאָך אָפּגעווײַטערטע, אָבער, פאַרשטייט זיך, די זעלבע טײַערע, באַהאַרצטע, נאָסטאַלגישע ייִדישע לייענער.

די ערשטע גערעטעניש אין פראַט פון א שעפערישן צוּוווּקס נעמען מיר אַראָפּ איצט, נאָך פינף און צוואַנציק יאָר האָרעוואַניע באַם באַפרוכפערן ווידער דעם באָדן פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. קעדײַ אַלע זאָלן עס ווי געהעריק אָפּשאַצן, האָבן מיר באַשטימט אָפּצוטאָן א זעלטענע אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור זאַך — אָפּגעבן דער יונגער, ערשט געקומענער „בריגאַדע" א ספּעציעלן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

ווען דער לייענער בא אונדז און אין אויסלאַנד וועט אים דורכבלעטערן, וועלן זיך אַנטפלעקן פאַר זײַנע אויגן מאַמעש אומגלייבלעכע מאָמענטן. אַלע איין און דרײַסיק יונגע שעפער זײַנען געבוירן געוואָרן שוין נאָכן קריג, ווען קיין ייִדישע שולן זײַנען ניט בענימצע, נאָר אַלע שרײַבן זיי אַן אָנעמבאָרן ייִדיש — איינע פרײַער, אַנדערע דערווײַל נאָך מיט סטיליסטיש-לעקסישער אָנשטרענגונג, אָבער — דאָס שרײַבן און דאָס שאַפן איז אויך א גאַנג!

זיי האָבן ניט אָנגעהויבן זייער שעפערישע געמיינזאַמקײַט, ווי עס איז געווען אַמאָל אָנגענומען, פון הויכשרײַענדיקע, אָפּלייקענענדיקע, ניהיליסטישע בענעגייע דער טראַדיציע דעקלאַראַציעס. זייער ליטעראַריש-קינסטלערישע און אידייִשע פראָגראַם איז די פראָגראַם פון אונדזער אַלגעמיינער טריבונע, דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". דאָס באַטײַט, אַז די יונגע ייִדישע שרײַבער פון סאָוועטנפאַרבאַנד זײַנען ניט קיין פאַרשטייער פון א „פאַרלוירענעם דאָר", זיי קומען ניט פון דער אַנטוישונג, נאָר אומיטלבאַר פון דעם לעבעדיקן לעבן, זיי זײַנען אייניקלעך פון די זיידעס, קינדער פון די טאַטעס, זיי זײַנען שוין איצט גרייט נעמען אַף זיך א טייל פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט און טאָן עס מיט פאַרשטאַנד.

זיי גיבן זיך ניט קיין נאָמען „יונגע" — זיי זײַנען יונגע לויטן טאָך, לויט די יאָרן און לויט דער וועלט-אויפאַסונג, יונגע פראָזע-שרײַבער, דיכטער, ליטעראַטור-קריטיקער, דאָקומענטאַליסטן, אַרכיוויסטן, ליטעראַטור-וויסנשאַפטלער, מאָלער, קאָמפּאָזיטאָרן, זשורנאַליסטן, סאָוועטישע מענטשן פון די 80-ער יאָרן און אויב ריידן פינקטלעכער — פונעם פעריאָד פון דעם XXVII פאַרטיי-צוזאַמענפאָר.

זייער סאָציאַלער מאַצעוו, די פערזענלעכע ביאָגראַפיעס זייערע זײַנען אַן און פאַר זיך א רײַכער מאַטעריאַל פאַר אַן אָפּשאַצונג וועגן דער שעפערישער סוויווע בא דעם הײַנטצײַטיקן סאָוועטישן ייִדנטום. אין דער ייִדישער ליטעראַטור קומען יונגע מענטשן, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין זאַפּאָראָזשיע, אין דניעפּראָפּעטראָווסק, זאַגאָרסק —

שטעט פֿון טיף אוקראַינע און טיף רוסלאַנד, און נאָך אַ גרעסערע צאָל קומט פֿון מאָסקווע, קיִעוו, ווילנע, מינסק, טאַשקענט, קעשענעוו — צענטראַלע שטעט פֿונעם לאַנד. ווי אַ דער־מאָנונג פֿון די אַלטע צײַטן, ווען ייִדישע שריפֿטשטעלער זײַנען געווען קינדער פֿונעם טכום, באַווײַזן זיך איצט געציילטע יונגע שרײַבער, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן אין די אַמאָליקע שטעטלעך — קראַסנע לעם ווינניצע, פּריִענאַי אין ליטע, בעלץ... און צוזאַמען מיט זיי — געבוירענע נאָך דער פּאַטערלענדישער מלחמה אין ביראָבידזשאַן.

מיט וואָס פֿאַרנעמען זיך הײַנטיקע צײַטן יונגע ייִדישע שריפֿטשטעלער אין סאָוועטנ־פֿאַרבאַנד איידער זיי פּראָפֿעסיאָנאַליזירן זיך און הייבן אָן ציִען די כאַיונע פֿון ליטעראַטור? גענאַדי עסטרײַך — אַ הויפּט־ספּעציאַליסט אין אַ פּראָיעקטן־אינסטיטוט, איגאָר שנײַדמאַן — אַ פּראָגראַמיסט, שלוימע קאַליאַקאָוו — אַ ספּעציאַליסט אין אַרכעאָלאָגיע פֿון מיטל־אַזיע און דאָרעם־רוסלאַנד, מיכאל קרוטיקאָוו — אַן איבערזעצער פֿון טעכנישער ליטעראַטור, באָריס סאַנדלער — אַ מוזיקאַנט, אַלעקסיי לאַקשין — אַ לעקטאָר פֿון געשיכטע אין אַ קינסט־לעריש־אינדוסטריעלער שול, מאַרק קופּאַוועצקי — אַ מיטגליד פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער געאָגראַפֿישער געזעלשאַפֿט בײַ דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון פֿססר, כאַיִם באַרגמאַן — אַ קאָמפּיוטער־פּראָגראַמיסט, דמיטרי יושקאָווסקי — אַ פֿירנדיקער אינזשעניר אין מיניס־טעריום פֿונעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט, זיסי ווייצמאַן — אַ מאַיאָר פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי אאַוו. אַדג.

וואָס איז שײַך דעם קרײַז אינטערעסן, די באַרירטע פּראָבלעמען, דעם קאָלאָריט פֿון דער שילדערונג אין די ווערק פֿון די יונגע, קאָן מען זאָגן, אַז וועגן וואָס און ווען און וועמען עס זאָל ניט גיין אַ רייד אין אָט די ווערק, ליגט אויף דעם אַלעם דער כויסעם פֿון אַ יונגער וועלט־שפּירונג, דערבײַ ווערט קלאָר פֿון דער ערשטער שורע און ביז דער לעצטער, אַז דאָס אָנגעשריבענע שפּיגלט אָפּ דעם מאַצעוו פֿון הײַנטצײַטיקע יונגעלײַט — ניט ערגעץ־ווו, נאָר אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד. אויב די אינטערעסן פֿון אַן אוטאָר זײַנען געווענדט צו היסטאָרישע אָדער וויסנשאַפֿטלעכע פֿראַגן, זעט מען אין דעם אָנשוילעך אַ ווילן מיצאַד די יונגע צו באַווײַזן, אַז זיי פֿאַרשטייען די אומפֿאַרמײַדלעכקײַט פֿון דער היסטאָרישער מיסיע איבער־צונעמען די קולטור־אוצרעס בײַ די עלטערע.

צי קאָנען מיר שוין איצט זאָגן, אַז עס האַלט באַם איבערקערן אַ נײַע בלאַט אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור? פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזוי זאָגן איז נאָך גאָר־גאָר פֿרי, עס גייט דערווײַל אין דעם, אַז דאָס, וואָס וועט עפּשער מיט דער צײַט ווערן אַ העמשעך, אַ נײַער גאַנג אין אונדזער ליטעראַטור, שטעלט שוין די ערשטע טריט. אינגאַנצן גענומען, וועט נאָך דורכגיין אַ צײַט אין דעם ווײַטערדיקן פֿערטל יאָרהונדערט פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד”, ביז מע וועט קאָנען טאַקע אָפּאַנעמעסן, אין ברייטן זין פֿון וואָרט, אויפֿהייבן דעם פֿאָרהאַנג פֿאַר דעם נײַעם גאַנג.



## באָריס סאַנדלער

געבוירן געוואָרן אין 1950 אין בעלץ (מאָלדאוויע). נאָכן פאַרענדיקן די קאָנסערוואַטאָריע געאַרבעט אין דער קעשענעווער פילהאַרמאָניע אַלס פידלער. זיך געלערנט אויף די העכסטע ליטעראַרישע קורסן באַם ליטעראַטור־אינסטיטוט אויף א. מ. גאָרקיס נאָמען. די ערשטע דערציילונג פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אין 1981. וווינט אין קעשענעוו.

# אין דער קורצער רעגע צווישן היינט און מאָרגן

אַלץ האָט אין אים געטליִעט: די נעשאָמע מיטן לייַב, דער קויער־האַדימיען מיטן זיקאָרן, זיך געריכערט, ווי א קופּע האַרבסטיקע בלעטער אין א פייַכטן אינדערפרי. וואָס שטאַרקער אָבער עס איז געוועזן דער באַגער זיך באַפרייַען פון דער אינווייניקסטער ברענעניש — פון יענע געדאַנקען און געפילן, וועלכע זייַנען געוואַקסן אין אים פון טאָג צו טאָג, אַלץ צעשוווּמענער זייַנען זיי געוואָרן.

וויפל טויזנטער יאָרן האָבן געריַיפט אינעם באַשעפער פון דער וועלט די צוויי אומשטערבלעכע ווערטער: „יעהי אויר!", איידער ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט אויף די ליפּן „זאָל ליכטיק ווערן!" — און די ליכט האָט געשייַנט אַזוי שטראַליק און אַזוי העל, אַז מ'האָט געקאָנט זען די גאַנצע וועלט — פון איין עק ביזן אַנדערן. האָט זיך געדאַרפט טרעפן א זינד, און דאָס ציכטיקע ליכט האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן ווערן אַלץ טונקעלער און טונקעלער...

יעפים רימאַן איז געזעסן איבער א בויגן פּאַפּיר און האָט געשריבן.

„...א פאַרשאָלטענער האָט קאַין אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער וועלט. איינמאָל האָט ער זיך דערנענטערט צו א גרויסן אייַזערנעם טויער, אויף וועלכן עס האָט זיך קוים אָנגעזען אַן אויפשריפט:

„דאָס וועט איר געפינען...".

דאָס לעצטע וואָרט פון דער אויפשריפט האָט זיך, אַפּאָנעם, פון דער צייַט אָפּגעריבן, און ס'איז שווער געווען צו פאַרשטיין, וואָס עס באַטייַט: „פּרייַנט" אָדער „פייַנט".

מיטן אַקסל האָט קאַין א שטויס געטאָן דעם שווערן טויער. א פאַרזשאַווערטער סקריפּ האָט אויפגערירט די שטילקייַט, און באַלד האָט זיך דערהערט א מיליטער־מאַרש...

קאַין איז געבליבן שטיין. פון ביידע זייַטן האָבן אין שוואַרצע טאַכריכים זיך אויסגעשטעלט, ווי אויף א פּאַראַד, טאַליאָנים מיט פאַרשטיינערטע שמייכלען אויף די שאַרבנס".

צוויי „סאַמעכן", ווי צוויי גלעזלעך פון א פּאָר ברילן. אַריבער די דאַזיקע ברילן קוקן אַרויס א פּאָר רויטע, טרערנדיקע אייגעלעך; א נאָז, באַשאָטן מיט שוואַרצע פּינטעלעך, אַקוראַט א בייגל מיט מאָן, האָט זיך פאַרטשעפּעט אין רוים. דאָס גראָוו שיטער בערדל — פאַרשפּיצט אין א פאַרוווּרף: „כ'זע, דו האָסט מיך אינגאַנצן פאַרגעסן!.."

פימע האָט איצט קלאָר געזען פאַר זיך א זאַקן: אָט שלעפּט ער אַרויס פון זייַן קעשענע א צעקנייטשט טיכל, שנייַצט מיט א פּייַף אויס די פאַרקאַטערטע נאָז זייַנע און פּאָנפּעט דערבייַ אַרויס: „דערקענסט מיך ניט, ניין? אנו, דערמאָן זיך, ווער האָט מיט דיר געלערנט דעם אַלעפבייס?.. יאָ־יאָ, דאָס בין איך, דער אַלטער שלוימע..."

קיינער האָט ניט געוווּסט, וויפל דער אַלטער שאַמעס איז אַלט, און ער אַליין האָט שוין, דאַכט זיך, אויך פאַרגעסן דעם כעזשבן פון זייַנע יאָרן.

— איך קאָן אײַך נאָר זאָגן, — פֿלעגט ער זיך כאַכמענען, — אַז כ'בין געבוירן געוואָרן דעם דריטן טאָג שוואַט, אָבער אין וואָס פֿאַר אַ יאָר?..

די קינדער פֿלעגן אים רופֿן (ניט רייצן) „דיעד מאַזײַ". ער האָט זיך נאָר געדאַרפֿט באַווײַזן אין גאַס, פֿלעגן זיי אים באַלד אַרומרינגלען און אַרײַנקוקן אים אין די הענט: וואַרטן, ביזוואַנען דער אַלטיטשקער וועט צעוויקלען זײַן שקאַרמיצל און יעדערן דערלאַנגען אַ צוקערקעלע. דער שאַמעס פֿלעגט די צוקערקעלעך רופֿן „מאַפּאַסיע". אַליין האָט ער זײַנע „מאַפּאַסיע" ניט געגעסן, אַפּאַנעם, זיך ניט פֿאַרגונען, — געהאַלטן זיי נאָר פֿאַרן קלײנוואַרג.

דעם אַלטן שלוימעס צוקערקע-מאַנפּאַסיע, אַרומגעקלעפּטע מיט שטיקלעך פּאַפּיר פֿונעם שקאַרמיצל, האָבן געהאַט אַ באַזונדערן טאַם. מע פֿלעגט זיך קוויקן מיט זיי שאַענווײַז: האַלטן אונטער דער צונג, קעדיי צעציִען דאָס ביסל פֿאַרגעניגן. יעדעס מאָל האָט מען אַרויסגעגליטשט אַף דער דלאָניע דאָס פֿון מאָל צו מאָל קלענער געוואָרענע צוקערקעלע, באַטראַכט עס אַף דער זון און ווידעראַמאָל עס אַרײַנגעוואָרפֿן אין מויל.

נאָר די גרעסטע פֿרייד פֿלעגט ערשט קומען דעמלט, ווען מ'האָט פֿונעם שאַמעס געהערט די גליקלעכע בסורע: „קומט, ייִנגעלעך, אַף אַ קרישמע-לייענען!". אין דער קינדערשער פֿאַנטאַזיע האָט דאָס מאָדנע וואָרט „קרישמע-לייענען" זיך אויסגעמאָלט, ווי אַ בײַטעלע מיט קאָלערליי נאַשערײַען: כראָמזשענדיקע לעקעכלעך, ניס, קאָנפֿעקטן, ראָזשינקעס, און קלינגען פֿלעגט דאָס קישעפֿדיקע וואָרט מיטן קעלכל פֿון יענעם ערשטגעבוירענעם יאַטל, אַף וועמענס קרישמע-לייענען עס פֿלעגן זיך צונויפֿנעמען די כעוורע.

דער אַלטער שאַמעס, טאַקע יאָ ווי אַן עמעסער דיעד מאַזײַ, האָט געשפּאַנט מיט זײַן שטעקעלע דער ערשטער, און נאָך אים, ווי אַ סטאַדע האָזלעך, זײַנען נאָכגעלאָפֿן די ייִנגעלעך: דער — אין אַ קאַפּעליושל, יענער — אין אַ טיובעטייקע, און איבער דער גאַנצער גאַס האָט זיך געטראָגן:

אײלער-מײלער, קאַטשקע דרײלער,
דיר אַן עפּל, מיר אַ קויל —
פֿליט אַרײַן אַ פֿליג אין מויל...

שפּעטער, ווען פֿימע רימאַן איז שוין געווען אַ סטודענט, פֿלעגט ער זיך ניט איין מאָל דערמאָנען אין יענע טעג פֿון זײַן קינדהײַט.

— שוין זשע האָסטו עס נאָך אַלץ פֿאַרכאַפּט? — האָט זיך געכידעשט זײַן נאָענטער פֿרײַנט אַליק ווײַנשטאָק. — פֿאַר מיר, אַשטייגער, קליִנגען די ווערטער אַליין „שלוימע דער שאַמעס" ווי אַן אַנאַכראָניזם.

— ס'איז נאַטירלעך, דו ביסט אויפֿגעוואַקסן אין אַן אַנדער סוויווע...

— יאָ, אַלץ איז ריכטיק, — האָט אים איבערגעשלאָגן אַליק, — די סוויווע, ווו כ'האָב זיך דערצויגן, איז געווען, קאָן מען זאָגן, ווײַט פֿון ייִדיש.

אַ הויכער און אַ דאַרער, מיט אַ קאָפּ טונקעלע, לאַנגע האָר ביז אין די אַקסלען, מיט אַ ביינערדיק, עטוואָס אויסגעצויגן פּאָנעם, וואָס איז אַרומגעזוימט מיט אַן אומדערוואַרט געל בערדל — אַ שטענדיקער אָביעקט אַף קאָלערליי שפּאַסן, — איז אַליק ווײַנשטאָק געווען דער ערשטער אַף אַלע סטודענטישע קערמעשלעך. אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון לידער, האָט ער געקאָנט אָפּזיצן אַ גאַנצן פֿאַרנאַכט מיט זײַן גיטאַרע אין די הענט און זינגען.

פֿימע און אַליק האָבן זיך געלערנט אין איין אינסטיטוט, און קימאַט אַלע פֿינף יאָר פֿון זייער סטודענטיש לעבן האָבן זיי פֿאַרבראַכט אינײנעם. בײדע זײַנען זיי געקומען צו פֿאָרן קיין מאָסקווע פֿון ניט קיין גרויסע שטעט, און דאָס ראַשיקע הויפּט-שטאָט-לעבן האָט זיי באַלד פֿאַרשלעפּט אין אַ געווירבל. אינײנעם זײַנען זיי געלאָפֿן אין טעאַטער אַף טאַגאַנקע, קעדיי זען „לעבעדיקערהייט", ווי מע זאָגט, די שפּיל פֿונעם פּאָפּולערן אַקטיאָר וולאַדימיר וויסאָצקי, וועמענס לידער אַליק האָט באַזונדערס ליב געהאַט. אין די פֿרײַע טעג פֿלעגן זיי פֿאַרפֿאַלן ווערן אין די זאַלן פֿון דער „טרעטיאַקאָווקע", אינעם מוזיי אַף פּושקינס נאָמען, באַזוכן פֿאַרשײדענע אויסשטעלונגען און סטאַם אַזוי שפּאַצירן איבער די אַלטע מאָסקווער געסלעך. אינגיכן האָבן זיי אַפֿילע אָנגעהויבן רעדן מיט אַן אייגנטימלעכן פֿאַר די מאָסקווער טוישווים אַקצענט, וואָס פֿלעגט בא די פֿרײַנט אַרויסרופֿן די ערשטע צײַט אַן איראָנישן שמייכל, — „פּאַ-אַ-סלושײַ", „פּאַ-אַ-יע-כאַלי", „פּאַ-אַ-סמאָטרים"... זיי פֿלעגן פֿאַרנעמען אײנער דעם אַנדערן אַ ריי אין די ביליקע סטודענטישע „סטאָלאָווקעס"; זיך געטיילט מיטן לעצטן געלט, וואָס האָט טאָמיד ניט געסטײַעט. צוזאַמען האָבן זיי געלייענט און געווען אָנ-

ציקט פון ערענבורגס „מענטשן, יארן, לעבן", פון שאָלעם-אַלייכעמס דערציילונגען, פון אנדריי וואָזנעסענסקיס לידער... און אָפּט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן פּלעגן זיך הערן אינעם צימער 32, ווו פּימע מיט אַליקן האָבן געוווינט אין דער צוזאַמענוווינונג, זייערע לאַנגע וויקוחים.

— דו ווייסט, פּימע, דײַן אַלטן שאַמעס נעם איך אויך, ווי אַזאַ מין סימבאָל פון אַן אייביקן נאַוונאַדניק, וואָס איז געקומען אין אונדזער צײַט פון אַמאָל...

— דו זאָג מיר בעסער, — האָט זיך געכידעשט פּימע, — וויאַזוי קאָן מען דערקלערן, אַז ביז הײַנט-צו-טאָג זײַנען נאָך דאָ אין דער וועלט שווארצע קויכעס מיט נידעריקע אינ-סטינקטן, מיט מיטלאַלטערלעכע אידייען — קאַלערליי „נעאָס" און אַנדערע מיסטן, וואָס שלאָפן און זעען נײַע וקרימענס פון אַשוועניטשים, נײַע טרעבלינקעס און באַבי יאַרן?.. דאַכט זיך, יעדער נאָרמאַלער מענטש האָט ליב די זון, די נאַטור, ביכלאַל דאָס לעבן...

— יאָ, אַ מאָדנע זאַך: יעדער „האָמאָ סאַפּיענס" באַזונדער וואָלט אַוודע געוואָלט לעבן אייביק און דאָך, זינט די וועלט שטייט, זײַנען פאַראַן מילכאָמעס...

— מע זאָגט, אַז די דעלפינען האָבן קימאַט אַזאַ אינטעלעקט, ווי מיר, מענטשן, — האָט זיך שטיל אָנגערופן פּימע, — נאָר די דעלפינען פאַרמאָגן נישט ניט קיין הענט און ניט קיין פיס, עפשער דערפאַר האָבן זיי קיינמאָל נישט געפירט קיין מילכאָמעס, ניט פאַר-כאַפּט און ניט רויִנירט די וועלט.

זיי זײַנען געלעגן, יעדערער אויף זײַן געלעגער. זיך אײַנגעקוקט אין דער נאַכט, וועלכע האָט אויסגעזען אין דער פענצטער-ראַם, ווי אַ שיין בילד.

— אַליק, דו שלאָפסט נאָך ניט?

— ניין...

— עפשער איז מײַן פראַגע אַ נאַיווע און אפילע אַ נארישע, נאָר כ׳וויל דיך, פונדעסט-וועגן, פרעגן... דו וואָלסט געוואָלט לעבן אייביק?

אַ ווײַלע האָט אַליק געשוויגן.

— דו האָסט, מיסטאַמע, אַליין באַמערקט, — האָט ער זיך, ענדלעך, אָנגערופן, — אַז אין די אוראַלטע מיפן לעבן אייביק נאָר געטער און אויך יענע, וועלכע זײַנען פאַרמישפּעט צו לעבן אייביק פאַר זייערע זינד, אַשטייגער, ווי קאַין. כ׳מיין, אַז דאָס איז ניט צופעליק...

יעפים רימאַן האָט אופגעהערט שרײַבן. זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע. דערנאָך דורכגעלייענט נאָכאַמאָל די נאַרוואָס אָנגעשריבענע שורעס.

„דו געדענקסט נאָך יענעם ערשטן לימעד יידיש? — האָט אַ קלוגע געטאָן באַם סאַמע אויער דעם זאַקנס דין-וויבערש קעלכל. — די יאָרן לויפן, האָ?"

עס איז געשטאַנען אַ הייסער זומערדיקער טאָג. די זון איז געבליבן הענגען איבער דער צעמאַרעטער גאַס. די אָפּגעקאַלכטע ווענט פון די שטיבער האָבן זיך באַהאַלטן אונטער זייערע אָנגעהיצטע בלעכענע דעכער. די שלעפּעריקע הינט — זיך געטוליעט צו די ווענט, געזוכט, נעבעך, אַ קיל ווינקעלע, זיך צעלייגט אויף דער ערד און, האַלטנדיק די צונגען אין דרויסן, שווער געאָטעמט.

פּימע האָט זיך אַרופגעדראַפּעט אַפּן פּלויט און אַרויסגעקוקט פון דאָרטן אויף זײַנע כאַ-וויירים. ווי אַפּצולאָכעס האָט זיך אין גאַס קיינער ניט באַוויזן.

— וואָס האָסטו זיך דאָרט צעזעצט אויבנאָן? ווילסט נאָך, כאַלילע, באַקומען אַן אודאַר?..

פון הינטער דער אַקאַציע האָט זיך אַרויסגעשטופּט דעם שאָכנס צעקנייטשט פּנעמל. אַפּן שפּיץ קאָפּ האָט זיך קוים געהאַלטן אַ קליינע שוואַרצע יאַרמעלקע.

— קום, בעסער, אַהער! — האָט ער אַ רוף געטאָן פּימען מיט דער האַנט. — דאָ, אונ-טערן בוים, איז קיל-מעכײַע.

„עפשער וועט מיר פון אים אַרײַנפאַלן אַ צוקערקעלע?" — האָט אַ שווינדל געטאָן אַ נאַשעריש געדאַנקעלע, און פּימע איז אַראָפּ פונעם פּלויט.

— כ׳זע, ס׳איז דיר סקוטשנע, איאָ? — האָט געפאַנפעט דער אַלטיטשקער, אָפּטרײַבנ-דיק מיט דער האַנט די נימעסע פליג, וועלכער ס׳איז, אַפּאַנעם, זייער געפעלן געוואָרן זײַן רויטע, שטענדיק פאַרקאַטערטע נאָז. — אין שקאָלע גייסטו שוין?

— וואָס הייסט „איך גיי"? כ׳בין שוין אריבער אין צווייטן קלאַס!

— אַזוי גאָר?! — האָט מאַמעש אויסגעזונגען דער שאַמעס. — וואָס זשע נעמסטו ניט עפּעס אַ ביכל אויף צו לייענען?

ער האָט אַ טײַט געטאָן מיטן פֿינגער אין זײַן צעבאַרשטן בוך, וואָס איז געלעגן בײַ אים אויף די קני, און געזאָגט ווײַטער:

— אָט בין איך, ווי דו זעסט מיך, אַן אַלטער מענטש, אין אַ סײַפֿער, אָבער, קוק איך פֿונדעסטוועגן אַרײַן.

אַזאַ דרייַ האָט פּימע פֿונעם שאַכן ניט דערוואַרט: קימאַט דאָס זעלבע ביטל מוסער, וואָס ס'האָט אים איצט אַרײַנגעזאָגט דער אַלטער שלוימע, פֿלעגט ער אויסהערן יעדן פֿאַרנאַכט פֿון זײַן טאַטן.

— בײַ מיר זײַנען אַצינד קאַניקולן, — האָט פּימע געפּרוווט זיך פֿאַרענטפֿערן, — און אין די קאַניקולן דאַרף מען זיך אַ ביסל אָפּרוען פֿונעם לערנען.

— אָ, דו ביסט שוין אַ גאַנצער כאַכעם, זע איך! — און דער שאַמעס האָט באַטראַכט פּימען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, גלײַך ווי ער וואָלט אים דאָס ערשטע מאָל געזען.

אויף די גלעזלעך פֿון זײַנע ברילן האָבן געטאַנצט עטלעכע זון-שטראַלכלעך.

— אַנו, כאַכעמל, זעץ זיך נאָר צו אָט דאָ-אָ, לעבן מיר, כ'האָב שוין לאַנג געוואָלט האָבן מיט דיר אַ שטיקל שמועס.

פּימע איז געשטאַנען מיט אַ זויערער צורע, גלײַך ווי ער וואָלט פֿאַרזוכט איצט אַ גרין עפּעלע, און האָט געטראַכט צו זיך אַליין: „טאַקע אַ גוט צוקערקעלע האָב איך געקראָגן, גיי ווייס!"

— אויף ייִדיש, פֿאַרגעדענק, לייענט מען ניט פֿון לינקס אויף רעכטס, נאָר פֿאַרקערט — פֿון רעכטס אויף לינקס.

— און שרײַבן, ווי-אַזוי שרײַבט מען?.. אויך פֿאַרקערט?..

— פֿאַרשטייט זיך...

— הער נאָר! — האָט פּימע זיך געהאַלטן אין איין כידעשן. — אויב אַזוי, קומט אויס צו שרײַבן מיט דער לינקער האַנט.

דער אַלטיטשקער האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די קליינע שוואַרצע יאַרמעלקע זײַנע וועט זיך אים אָט-אָט אַראָפּגליטשן פֿונעם קאָפּ.

ניט געזעענע פּעדעם האָבן זיך געצויגן פֿון די איבערגעלעבטע יאָרן, וועלכע ס'האָט פֿאַרהיט רימאַנס זיקאָרן. וואָס פֿאַר אַ פּעדעמל אָנכאַפּן? — יעדעס איז באַזונדערס וויכטיק, — וועקט אויף אין האַרצן אַ בענקעניש.

שלוימע דער שאַמעס — אַ שאַלייַער פֿון דער קינדהייט. אַליק ווײַנשטאָק — זײַן בעסטער פֿרײַנט פֿון דער יוגנט. די צוויי פּעדעמלעך האָבן זיך היינט איבערגעפּלאָנטערט...

— אַליק, דו וואָלסט געוואָלט קענען ייִדיש? — האָט אין איינעם אַן אָפּדערנאַכט אַ פֿרעג געטאָן פּימע.

אַליק איז געזעסן באַם טיש און האָט געלייענט אַ ביכל.

— ייִדיש? — האָט ער איבערגעפֿרעגט. — וואָס פּלוצעם ייִדיש?

— און פֿאַרוואָס ניט?

— דעם עמעס געזאָגט, זע איך אין דעם קיין שום זין ניט, — האָט ער אַ הייב געטאָן די אַקסלען.

— און סטאַם אַזוי, לייענען, לעמאָשל, שאָלעם-אַליי׳כעמען אין אָריגינאַל, ווי דו לייענסט אַצינד מאַרק טווענען...

— ע, ענגליש איז אַן אַנדער זאַך! ייִדיש האָט קיין שום פּערספּעקטיוו ניט!

דאָס וואָרט „פּערספּעקטיוו" האָט אַליק אַרויסגעזאָגט מיט אַן ענגלישן אַקצענט, גלײַך ווי ער וואָלט געוואָלט מיט דעם ווײַזן, וואָס פֿאַר אַ ווערט ענגליש האָט פֿאַר אים.

דעם כאַווערס רייד האָבן איצט דערמאָנט פּימען אין יענע מענטשן, וועלכע קוקן אויף אַלץ מיטן פּראַקטישן: „וואָס וועל איך פֿון דעם האָבן?"

אַליק האָט עס באַלד באַמערקט.

— איך פֿאַרשטיי דײַנע געפֿילן, — האָט ער זיך ווי פֿאַרענטפֿערט. — דו קענסט ייִדיש, פּרוווסט אַפֿילע אַליין עפּעס שרײַבן, נאָר קעדיי אַ שפּראַך זאָל עקזיסטירן און זיך אַנטוויקלען, דאַרף זי האָבן אַ לעבעדיקע סוויווע...

— אַוואַדע קאָן מען פֿאַר זיך געפֿינען טויזנטער טערוצים, — האָט אים איבערגעשלאָגן פּימע, — נישטאָ קיין פּערספּעקטיוו, נישטאָ דאָס, נישטאָ יענץ!

פּימע איז געשטאַנען אין דער צײַט בײַ דער פּאָליצע מיט זײַנע באַליבטע ביכער. ער האָט זיך צוגעהערט צום כאַווערס ווערטער און בעשאַסמײַסע זיך אײַנגעקוקט אין די גלײַכע

ריקנס פון די ביכער: אין די רוסישע און אין די ייִדישע אויסיִעס, וואָס זײַנען אים געווען אין דער זעלבער מאָס נאָענט און טײַער.

אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין, האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט, ווי פּונעם שלאָף:

א שטראַל פון דער זון האָט א כוואַליע געקושט
מיט ליפּן פון רײנעם גינגאָלד,
א שפּרונג האָט די כוואַליע געטאָן, ווי צעמישט,
און לעבן שוין מער ניט געוואָלט.

א רגע איז פּימע געשטאַנען מיט א פּאָר פאַרכאַלעמטע אויגן. זיך אײַנגעהערט אין דער שטילקייט.

— צי דען, — האָט ער זיך, ענדלעך, אָנגערופן, — האָט דער רוים און די צײַט אומזיסט אײַנגעזאַפּט אין זיך אָט די קישעפדיקע קלאַנגען?.. שוין זשע קאָנען מיר בלײַבן גלײַכגילטיק-טויב צו דער שפּראַך, אַף וועלכער אונדזערע זיידעס און באָבעס האָבן אויסגעדריקט זייערע שענסטע געפילן? וויאַזוי זשע וועלן מיר, זייער העמשעך, פאַרשטיין זיי?! ניין, אליק, כ׳בין זיכער, אַז דו ביסט ניט גערעכט...

„א שאָד, — האָט געטראַכט רימאַן, — א שאָד, וואָס אליק האָט מיך אין יענעם פאַרנאַכט ניט פאַרשטאַנען, און עפּשער האָט ער מיך פּאָשעט ניט געקאָנט פאַרשטיין?"

מיט עטלעכע טעג צוריק, בײַס רימאַן איז געפאָרן אינעם טראָליבוס, האָט ער זיך צופעליק אָנגעשטויסן מיטן בליק אין עפּעס זייער א קענטלעך פּאָנעם. א הויכער באָכער, מיט א קאָפּ טונקעלע לאַנגע האָר, מיט א געל בערדל איז געשטאַנען פאַרטראַכטערהייט ניט ווײַט פון פּימען.

דאָס האַרץ האָט א טיאָכקע געגעבן: „אליק ווײַנשטאָק!" פּימע איז שוין גרייט געווען זיך א וואָרף טאָן צו זײַן כאַווער, אין דער זעלבער מינוט האָט פּימען אָבער, ווי עמעצער אָפּגעשטעלט: „ווי קאָן דען אַזוינס זײַן?.. ס׳איז שוין דאָ קימאַט אַכט יאָר, זינט אליק ווײַנשטאָק איז אַרויסגעפאָרן קיין ייִסראָעל"...

„טײַערער פּימע!

שוין א היפּשע צײַט, אַז איך געפין זיך איניינעם מיט מײַנע עלטערן אינעם אולפּאַן קפאַר יאָנאַ, וואָס איז ניט ווײַט פון דער שטאָט נאַטאַניִא.

באַלד נאָכן קומען קיין ייִסראָעל זײַנען מיר געפאָרן צו מײַן שוועסטער צוגאַסט קיין טוועריִא, וווּ זי וווינט איצט. דעם פּלימעניק מײַנעם האָב איך אוואַדע ניט דערקענט. ווען פּירע איז אַרויסגעפאָרן אַהער, איז ער געווען א ברעקל. א קליינקייט — גאַנצע זיבן יאָר. טאַקע יאָ א ייִדיש מאַזל: מע טיילט זיך אָפּ און מע פאַרייניקט זיך, מע פאַרייניקט זיך און מע טיילט זיך ערשט רעכט אָפּ...

וואָס שײַעך דער מאַטעריעלער זײַט, איז אין די קלייטן דאָ אַלץ, — מע דאַרף נאָר האָבן פּעטימעטיעס, ווי מײַן טאַטע זאָגט. דער ניוואָ פון דער אַלגעמיינער קולטור — און דאָס וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן — וואָלט אוואַדע געמעגט זײַן העכער. און מע דערזעט באַלד דאָ נאָך א זאַך, וואָס ווירקט זייער סײַ אַפן עקאָנאָמישן, סײַ אַפן גײַסטיקן לעבן. כ׳מיין, דעם מילכאָמע-טשאַד, וואָס טראָגט זיך דאָ קעסיידער אין דער לופט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ זײַנען בלויז מײַנע ערשטע אײַנדרוקן — ניט מער. עס זײַנען אָבער פאַראַן זאַכן, צו וועלכע ס׳איז מיר שוין איצט שווער זיך צוגעווינען, אָנהייבנדיק פונעם קלימאַט און פאַרענדיקנדיק מיט די באַציִונגען צווישן מענטשן..."

רימאַן איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער. דער באַנאַכטיקער זומערדיקער הימל האָט געקוקט אַף אים פון אויבן אַראָפּ מיט מיליאָנען שטערנדלעך. שטערן זײַנען, ווי מענטשן, — האָט געטראַכט פּימע. — זיי האָבן זייערע אייגענע נעמען און זייער אייגענעם גוירל: ווער עס בליצט אוף און ווער עס פאַלט, פאַלט... און, ווי יעדער מענטש, זײַנען די שטערן ניט אייביק.

זײַן פאַנטאַזיע איז איצט בעקויעך געווען גויווער זײַן אַלע גרענעצן פון צײַט און רוים, איבערטראָגן זיך אין גאָר אַנדערע וועלטן. און דאָרט אַלץ פאָרשטעלן פאַר זײַנע אויגן, אַקוראַט ווי אין א טעאַטער...

...די שטוב, ווּ יעפים רימאַן איז אופגעוואַקסן, איז געשטאַנען אַן ערעך אינמיטן באַרג, ניט ווײַט פונעם וועג, וואָס האָט ווי פאַרבונדן צוויי טיילן פון דער שטאָט ריבניצע: די אונטערשטע מיט דער אייבערשטער אָדער, ווי מע פלעגט נאָך זאָגן, די אַלטע שטאָט מיט דער נײַער.

אויב זיך אַרופדראַפּען אויף דער צעצווײַגטער אַקאַציע (פּימע פלעגט עס דורכמאַכן ניט איין מאָל), וואָס איז געוואַקסן בײַ זייער שאָכן שלוימע דעם שאַמעס אין הויף, און אַ וואַרף טאָן דעם בליק אַראָפּ, צו דער אַלטער שטאָט, פאַרדרייט זיך דער קאָפּ פון דער שיינקייט, וואָס צעשפּרייט זיך פאַר די אויגן. ביפראַט אָנהייב האַרבסט, ווען עס דאַכט זיך, אַז די אַלטע שטאָט האָט זיך אויסגעפּוצט אין איר נײַער קאָלערלייפאַרביקער „קאַטרינצע"[1], פּונקט אַזעלכער, וואָס עס טראָגן אין די יאָמטעוודיקע טעג די מאָלדאַווישע מיידלעך פון די אַרומיקע דערפער.

נאָך נידעריקער, שוין באַם עק שטאָט, פיטערט זיך, ווי אַ גרויז געקרײַזלט שפּאַסל, דער דניעסטער. אַהין, צום דניעסטער, פלעגט פּימע לויפן זומערצײַט זיך באָדן. לויפן איינעם מיט זײַנע כאַווירים, ביגנייווע, זײַן מאַמע זאָל זיך וועגן דעם, כאָלילע, ניט דערוויסן, ווײַל נאָר פונדערווײַטנס האָט דער טײַך אויסגעזען, ווי אַ שטיל שפּאַסל, שטייענדיק אָבער אויפן מעשופּעדיקן קאַלכשטיינערנעם ברעג, האָט מען געקאָנט גוט דערזען די סאַקאָנעסדיקע שפּיל פון די וואַסער-ווירבלען.

ווי אַ ריזיקע כײַע, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט אירע הינטערשטע לאַפּעס אין איין ברעג פונעם דניעסטער און מיט די פאָדערשטע — אינעם אַנדערן ברעג, איז געשטאַנען די אײַזנבאַן-בריק. ווען עס פלעגט איבער איר דורכיאָגן אַ צוג, צעררײַסנדיק דעם ווינט אויף שטיקער, האָט זיך געהערט זײַן רויש אַזש העט אויבן אויפן באַרג, אין דער נײַער שטאָט, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אויף פּימעס אויגן, מע קאָן אַפילו זאָגן, אַז ער, דער נײַער טייל פון דער שטאָט, איז געוואַקסן אין איין עלטער מיט פּימען.

פּינפּשטאָקיקע הײַזער, אויסגעשטעלט שורעסווײַז, ווי קינדערשע קוביקעס, אַספאַלטירטע גאַסן, מיט פאַרפּלאַנצטע פון ביידע זײַטן דינע ביימלעך, און אויבנאָן, ווי אַזאַ מין עמבלעם פון דער נײַער שטאָט, דער ביזן הימל אַרײַן הויכער קוימען פונעם ריבניצער צעמענט-זאַוואָד.

די אײַנוווינער פון ריבניצע האָבן זיך אויך ווי צעטיילט אויף צוויי טיילן: דער ייִנגערער דאָר ריבניצער האָט געשטרעבט צו וווינען אויבן, געלאָזט שוין דאָרט זײַנע וואָרצלען, געפּירט דאָס לעבן אויף אַ נײַעם אויפן. דער עלטערער דאָר — פאַרקערט, זיך געהאַלטן פאַר דעם אײַנגעזעסענעם שטיקל ערד, וואָס איז געוווען פאַרקנאַטן אויפן געביין פון זייערע אָוועס, אויף זייער אייגענעם בלוט און שווייס.

פון זײַן שטוב — באַרג-אַרוף — האָט דער וועג געבראַכט פּימען צו פירן אין שול אַרײַן, אין פּיאַנערן-הויז, אין קינאָ, צום סטאַדיאָן; באַרג-אַראָפּ פלעגט ער לויפן צום דניעסטער, פאַרפאַלן ווערן דורך די טעג אין די טיפע יאַרן, ווו זיי, די כעווּרע, האָבן געזוכט אוצרעס: פאַרזשאַווערטע פּאַטראָן-הילזעס, קופּערנע קנעפּלעך, שטערנדלעך...

באַרג-אַראָפּ האָט פּימע זיך איינמאָל אַראָפּגעלאָזט מיט די עלטערן צום אַלטן ייִדישן בעסוילעם. דאָרט זײַנען געלעגן זײַנע ווײדעס און באָבעס, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזען. אין זײַן קינדערשער פאַנטאַזיע האָבן זײַנע ווײדעס און באָבעס געהאַט איין פּנים. דער אונטערשייד צווישן די ווײדעס און באָבעס, ווי ער האָט זיך דעמלט פאַרגעשטעלט, איז געווען נאָר אין דעם, וואָס ביידע ווײדעס האָבן געטראָגן לאַנגע בערד, און די באָבעס האָבן, אַוודע, קיין בערד ניט געהאַט.

פון דאָרטן, פון דעם אַלטן טייל ריבניצע, פלעגט אַרופקומען צו זיי אין גאַס מאָטש יאַן — אַ לאַנגער און דאַרער מאָלדאַוואַן, אין אַ שפּעסנער הויכער קוטשמע אויפן קאָפּ, וואָס האָט אים געמאַכט, דאַכט זיך, נאָך לענגער און נאָך דאַרער. די אויסגעוועבטע קאַלירטע סאַקוועס אויפן אַקסל — איין טאָרבע פון זײַנע סאַקוועס האָט זיך געבאָמבלט פון פאָרנט, די אַנדערע פון הינטן — זײַנען ביידע געווען אָנגעשטאָפּט מיט מילכיקס און נעבעך געצויגן דעם אַלטן אַראָפּ צו דער ערד.

גאַנץ קאַיאָר, צוויי מאָל אין דער וואָך, דאָנערשטיק און זונטיק, איז מאָש יאַן שוין געשטאַנען בײַ רימאַנס הויף-טירל און אויסגעשריגן אויף מאָלדאַוויש:

— סמענטינע!.. אורדאַ!.. קאַש!..

[1] אַ דעטאַל פון אַ מאָלדאַווישן נאַציאָנאַלן מאַלבעש.

דערהערנדיק זײַן זינגענדיק קעלכל, פֿלעגט פּימעס טאַטע אַ זאָג טאָן דעם װײַב:
„גיי ריװע, דײַן טעװיע דער מילכיקער רופֿט דיך שױן".

אין די טעג, װען עס פֿלעגט צו זיי אין שטוב אַרײַנקומען מאַש יאַן, האָט מען פּימען ניט געדאַרפֿט לאַנג װעקן: שטײן אין אַ זײַט, זיך צוקוקן און זיך צוהערן, װי די מאַמע זײַנע דינגט זיך מיט איר „טעװיען", איז אַ גאַנצער ספּעקטאַקל, — אַזױ האָט געזאָגט אײנמאָל פּימעס פֿאָטער.

אָט שטעלט זיך מאַש יאַן אַרײַן אין קיך מיט זײַן „בונע זיװוא"[1] אױף דער צונג. נעמט פֿונעם קאָפּ אַראָפּ די שפּעסענע קאָטשמע זײַנע און שטופּט זי אַרײַן אונטער דער פּאַכװע. די טאָרבעס שטעלט ער פֿאַװאַלינקע אַװעק אױפֿן טאַבורעטל און שלעפּט פֿון אײן טאָרבע אַרױס אַ סלאָי סמעטענע. מיט די פֿינגער זײַנע צעבינדט מאַש יאַן דאָס פּײַכטע שמאַטקעלע אױפֿן סלאָי און גיט אַ זאָג ריװען אױף מאָלדאַװיש:

— פֿאַרזוך נאָר די סמעטענע!

ריװע שלעפּט פֿונעם טישקעסטל אַרױס אַ קלײן לעפֿעלע, װישט עס אײנעם פֿאַרטעך אָפּ, כאַטש דאָס לעפֿעלע שײַנט פֿאַר רײנקײַט, און נעמט אַראָפּ אַ פּראָבע. אַ װײַלע שטײט זי, נאָך אַלץ האַלטנדיק דאָס לעפֿעלע באַם מױל, און באַלעקט זיך. פּימע קוקט אױף דער מוטער און שלינגט די סלינע.

— נישקאָשע... — גיט ריװע אַ שאָקל מיטן קאָפּ, — קיט קאָאַסטע[2] די באַנקע?

דער מילכיקער מאַכט זיך ניט הערנדיק; ער שלעפּט בעשאַסמײַסע אַרױס פֿון זײַן צװײטער טאָרבע אַ קלײן זעקעלע.

— און װי געפֿעלט דיר דאָס שטיקל קעז? — נעמט ער זיך צעבינדן דעם קנופּ אױפֿן זעקעלע. — נעם, פֿאַרזוך...

און ריװע מוז שױן אָפּצופּן אַ ברעקל קעז. װען דער קיך-טיש איז שױן קימאַט אינגאַנצן פֿאַרשטעלט מיט באַנקעס סמעטענע, זױערמילך, מיט שטיקער קאַש אורדע, קעז, הײבט זיך ערשט דעמלט אָן דער גאַנצער ספּעקטאַקל: דער מילכיקער מיט דער באַלעבאָסטע נעמען זיך דינגען, איבערשלאָגנדיק אײנער דעם אַנדערן.

— װאָ-אַ-עס? — גיט פּלוצעם אַ שרײַ אױס ריװע. — אַזױ טײַער? — און איר האַלדז ציט זיך מיטאַמאָל קאָמיש אױס, װי בײַ אַ ניט-צופֿרידענער גאַנדז.

מיט איר „װאָ-אַ-עס?" קאָן מען שױן, דאַכט זיך, ניט קענענדיק קײן ייִדיש, אױך אַלץ פֿאַרשטײן. מאַש יאַן פֿאַרלירט זיך אָבער אױך ניט: ער שטײט אױף זײַנעם.

סאָפּקאָלסאָף גײען זײ זיך צונױף אױף אײן פּרײַז. דער מילכיקער באַהאַלט דאָס געלט, װאָס ריװע האָט אים געגעבן, אין דער בוזעם-קעשענע פֿון זײַן פּעלצל און, געזעגענענדיק זיך, לאָזט ער זיך בעשאָלעם זײַן װעג.

אין דער צײַט שטעלט זיך אַרײַן אין קיך פּימעס פֿאָטער.

— כ'זע, ריװע, אַז דו האָסט הײַנט אָנגעקױפֿט אַ װעלט מיט מעציִעס.

— װאָס פֿאַרשטײסטו, װאָס... ס'איז דען סמעטענע, ס'איז דאָך פּוטער — מיטן מעסער קאָן מען די סמעטענע שנײַדן! נו, און אָט דאָס שטיקל קעז? װי אַ געלכל!..

די װאַרעמע װענט פֿון יעפֿים רימאַנס הײם. פֿון דרױסן זײַנען זײ געװען טאָמיד רײן, ביזן סאַמע דאַך אָפּגעקאַלכט, און אונטן, באַם פֿונדאַמענט, אַרומגעפּאַסט מיט אַ ברײטן שװאַרצן פּאַס. פֿון אינװײניק, אין דער שטוב אַלײן, זײַנען די װענט געװען אױסגעמאָלט מיט אַ טראַפּאַרעט. צװײ צימערן — און אין יעדער צימער אַן אַנדער מין טראַפּאַרעט. אינעם גרעסערן צימער, װוּהין מע פֿלעגט אַרײַנגײן דורך אַ הילצערנער אָנגעגלאָזטער װעראַנדע — מע פֿלעגט זי טאַקע בײַ זײ רופֿן „די גלעזערנע װעראַנדע", — זײַנען אױף אַ גרינעם פֿאָן דאָ און דאָרט געװען אױסגעמאָלט קלײנע זילבערנע בײמעלעך מיט שמאָלע שפּיציקע בלעטעלעך. אױף אַלע פֿיר װענט — אַלצײנע בײמעלעך, גלײַך מע װאָלט זײ פֿון אײן װאַלד אױסגעהאַקט.

אין צװײטן צימער זײַנען זיך װי צעפֿלױגן איבער די ראָזעװע װענט גאָלדענע פֿײגעלעך. ערטערװײַז, װוּ דער קאַלך אױף די װענט האָט זיך שױן אַ ביסל אָפּגעקאַלופּעט, האָט אַרױסגעשײַנט אַ שטיקל פֿונעם אַלטן טראַפּאַרעט. און װי שװער איז געװען פּימען אײַנצוהאַלטן זיך און ניט אָפּשײלן מיטן פֿינגערל װײַטער דעם קאַלך, װי מע שײלט, לעמאָשל, אױף

[1] אַ גוט-מאָרגן (מאָלד.).
[2] װיפֿל קאָסט... (מאָלד.).

אן איי, קעדיי זיך דערוויסן: וואָס זשע איז דאָרט געוועזן פריִער אַנגעמאָלט? אוי, ווי גרויס איז ער געווען, דער יעיִצערהאָרע!

די צווייענדיקע פענצטער, פאַרצויגן מיט קלאָר-ווײַסע, אַנגעקראָכמאַליעטע פאָרהענג-לעך, האָבן זיך אָף באַנאַכט פאַרמאַכט מיט לאָדנס. סאָף הארבסט, ווען עס פלעגן זיך אָנ-הייבן די לאַנגע גרויע רעגנס, האָט פּימעס מאַמע פאַרליִיגט די פענצטער מיט אַלטע שמאַ-טעס, דערנאָך אײַנווייניק אין די פענצטער צעשפּרייט שמאָלע פּאַסן וואַטע און אַרײַנגע-שטעלט צווישן די ראַמען צו צוויי גוטעסן.

ווינטער, ווען פּימע פלעגט כאַפּן עפּעס אַ פאַרקילעכץ, איז דאָס בעסטע פאַרגעניגן זײַנס געווען זיצן אָפּן פענצטער-ברעטל און קוקן מיט אַ פּאָר קראַנקע טרערנדיקע אייגעלעך אין דרויסן אַרויס. דעמלט האָט זיך אים אויפגעהערט דאַכטן, אַז די קרענק זײַנע וועט זיך שוין אַזוי ציִען און ציִען — אָן אַ סאָף און אָן אַן עק, — אַז דאָ, באַם פענצטער, וועט ער שוין שטאַרבן. אין געציילטע מינוטן פלעגט ער זיך קלאָר פאָרשטעלן, וויאַזוי אַלע וועט פאַרקו-מען: אַלע וועלן וויינען, זיך דערהאַרגענען נאָך אים, זיך דערמאָנען, וואָס פאַר אַ גוט ייִנגעלע ער איז געווען... דערנאָך וועט מען אויסגראָבן אַ טיפע גרוב און אין אָט דער גרוב וועט מען אים... און פלוצעם שטויסט פּימע זיך אָן מיטן בליק אין איינע פון די צוויי שיינע גאָלדענע גוטעסן. די צונג פילט שוין דעם טערפּקן זאַפט, וואָס טרײַבט די סלינע, און עס ווערט אים מיטאַמאָל גוט און פריילעך — אויס פינצטערע פאַנטאַזיעס! אַראָפּגעשפּרונגען פונעם פענצטער-ברעטל, איז פּימע אין אַ ווײַלע אַרום געווען אין קיך.

— דו ווייסט, מאַמע, ס'האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַ שטיקל גוטעס.

— ווו זאָל איך דיר איצט, אינמיטן ווינטער, קריגן גוטעס? — פאַרעט זיך פּימעס מאַמע באַם קעראָגאַז. — אַ ביסל קאָמפּאָט פון גוטעס — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!

— נו, און יענע גוטעס? — און פּימע גיט כיטרע אַ ווונק מיטן קעפּל צום פענצ-טער. — יענע, וואָס ליגן צווישן די שויבן, זיי זײַנען דען ניט קיין עמעסע?

ריווע ווישט אָפּ די הענט אינעם ציצענעם פאַרטעכל, בייגט זיך אָן צום זון, און מיט די ליפּן גיט זי אַ פּרווו זײַן שטערן, צי ער האָט, כאַלילע, קיין היץ ניט. די „פּראַצעדור" פלעגט זי דורכמאַכן בעשאַס פּימעס קרענקען עטלעכע מאָל אין טאָג. און יעדעס מאָל האָט זיך איר צוריר מיט די ליפּן צום זונס שטערן אויסגעלאָזט מיט אַ זיסן קוש.

— אוי, ביסטו באַ מיר אַ נאַשערל! נו קום, קום שוין...

זינט פּימע געדענקט זיך, האָט זיך דאָס מעבל אין זייער שטוב קיין איין מאָל ניט איבערגעשטעלט. אינמיטן דעם גרעסערן צימער, אקוראַט אונטער דער ליוסטרע, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט פון דער סטעליע מיט אירע דרײַ מאַטעווע לילייעס, איז געשטאַנען אַ קוואַד-ראַטער טיש. ווען צו די רימאַנס פלעגן קומען געסט, האָט מען דעם טיש צערוקט פוןביידע זײַטן. אַרום אים האָבן זיך אויסגעשטעלט זעקס ווייכע שטולן; זיי האָבן זיך געריבן מיט זייערע ווענטלער אין אויבערפלאַך פונעם טיש, ווי קליינע קינדער, וואָס שטייען אָף די שפּיץ פינגער און זײַנען אַ באַלן צו זען אַלץ, וואָס אָפּן טיש טוט זיך.

באַ איינער אַ וואַנט איז געשטאַנען דער געשניצטער בופעט. פּימע האָט געוווסט פון זײַן מאַמעס דערציילן, אַז דעם בופעט האָט זיי געשענקט דער דאָקטער נאַומענקאָ.

— ער איז שוין, נעבעך, אָף דער עמעסער וועלט, דער דאָקטער נאַומענקאָ, — האָט געזיפצט ריווע, אָפּווישנדיק פונעם בופעט דעם שטויב מיט אַ פּײַכט שמאַטקעלע, — אוי, גאָטעניו, אונדזער לעבן איז, ווי אַ בליץ אין הימל!

באַ אַ צווייטער וואַנט, אָף וועלכער ס'איז געהאַנגען אַ גרויסער מאָלדאַווישער טעפּיך (אַ יונגע ציגײַנערטע מיט אַ פּירעקיק פּענעמל, פון אונטער איר פאַרשיידנפאַרביקן קליידל, אַ לאַנגס ביז אין די קנעכלעך, שטעקן אַרויס צוויי אומגאַטירלעך-קורצע פּיסלעך. אין דער האַנט האַלט די ציגײַנערטע אַ רויטע רויז, וואָס זעט אויס גרעסער פון איר קאָפּ), האָט זיך צעלייגט אַ ברייטע בעט, ווו עס פלעגן שלאָפן פּימעס עלטערן. באַטאָג איז דאָס בעט פאַר-שפּרייט געווען מיט אַ פּליושענער טונקל-רויטער דעק — די איין-און-איינציקע זאַך, וואָס האָט זיך צופעליק פאַרהיט באַ דער מוטער נאָך פון די פאַרמילכאָמע-צײַטן.

אינעם צווייטן צימערל, אין דער „דיעטסקע", ווי ריווע פלעגט עס רופן, איז געשטאַנען באַם פענצטער פּימעס בעטעלע. אָפּן דיל, גלײַך באַם בעטעלע, איז געלעגן אויפגעשפּרייט אַ קלאָר-ווײַס פעלכל פון אַ ציגעלע.

— ווּהין זשע האָט זיך אהינגעטאָן דאָס ציגעלע אליין? — האָט פּימע איינמאָל געפרעגט זײַן מאַמען.

— דאָס ציגעלע? — האָט ריווע ניט באַלד פאַרשטאַנען. — אַך, דאָס ציגעלע... דאָס ציגעלע איז מיסטאַמע געפאָרן האַנדלען...

— און דערנאָך וועט זיך עס אומקערן צוריק, יאָ?

— אַוואַדע, נאַרעלע מײַנס, אַוואַדע, — און ריווע גיט זיך אַ צעשמייכל, — סע קאָן דען אַרומגיין די גאַנצע צײַט אָן אַ פעלכל, נאַקעטערהייט?!

און דער קליינער פּימקע פלעגט אַנשלאָפן ווערן מיטן טרוים, אַז אינדערפרי וועט ער זיך אויפכאַפּן, און באַם בעטעלע, אויפן זעלבן אָרט, ווו עס ליגט איצט צעשפּרייט דאָס קלאָר-ווײַס פעלכל, וועט ער דערזען פאַר זיך אַ לעבעדיק, שיין ציגעלע. „מע-ע-ע!" — וועט אים זאָגן דאָס ציגעלע, און פּימע וועט דעם ציגעלע ענטפערן: „אַ גוט-מאָרגן דיר! כ'האָב שטענדיק געגלייבט, אַז דו וועסט זיך צו מיר אומקערן!"

איבער פּימעס געלעגער, אין אַ הילצערן רעמל, איז געהאַנגען אויף דער וואַנט זײַן פּאָטאָבילד: אַ קײַלעכדיק פּענעמל מיט אַ פּאָר נײַגעריקע אייגעלעך, וואָס ווילן, דאַכט זיך, באַלד אַרויסשפּרינגען פונעם רעמל. דאָס מײַלכל זײַנס איז אויך געבליבן אויפן פאַר כידעש: „שוין זשע וועט טאַקע פון דעם קעסטעלע מיט איין אויג אַרויספליִען אַ לעבעדיק פייגעלע?" אויף דעם פּאָטאָבילד איז פּימע אַלט פינף יאָר.

אינעם לינקן ווינקעלע פונעם רעמל איז אַרײַנגעשטעלט אַ פּאָטאָגראַפיע, ווו פּימע שטייט פּאָטאָגראַפירט אין פולן וווּקס. אין איין האַנט האַלט ער אַ בוקעט בלומען, און אין דער אַנדערער — אַ גרויסן פּאָרטפעל. די נײַע שול-פאָרמע איז אויף אים אַ ביסל גרויסלעך — די עלטערן האָבן אים, אַפּנים, באַוואָרנט אויף עטלעכע יאָר פאָרויס. דאָס העמדל פון דער פאָרמע איז אַרומגעגאַרטלט מיט אַ ברייטן שוואַרצן רימען, וואָס איז פאַרשפּיליעט אויף אַ בלישטשענדיקן פירעקיקן שפּראַנטשעק. די הויזן — ברייטע און לאַנגע — פאַרדעקן אונטן די נעז פון די שטיוועלעך. אויפן קאָפּ טראָגט פּימע אַ שול-היטל מיט אַ דאַשעק און מיט אַ קאָקאַרדע פון פאַרנט, וואָס איז ענלעך אויף אַ גאָלדן זומער-פייגעלע. דאָס גליקלעכע פּענעמל זײַנס שײַנט פון פרייד: „הײַנט גיי איך אין ערשטן קלאַס! כ'בין שוין אַן עמעסער שילער!"

אינעם זעלבן צימערל, אויף אַ פּאָליִרטער טומבע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, האָט זיך ווי צוגעזעצט אַ ביסל אָפּרוען זיך פון דער אַרבעט ריוועס ניימאַשין „זינגער". אַ לאַנגע צײַט האָט פּימע בעשום-אויפן ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס טראָגט גאָר דער מאַמעס ניימאַשין אַזאַ מאָדנע נאָמען „זינגער". „וואָס זשע, זי זינגט דען? — פלעגט ער זיך כידעשן. — זי האַלט נאָר אין איין קלאַפּן, ווי אַ פּולעמיאָט!" און פונדעסטוועגן, עפּשער טאַקע איבער דעם „קלאַפּן, ווי אַ פּולעמיאָט" האָט דער קליינער פּימע ליב געהאַט צו שטיין לעבן דער מאַמען, בעשאַס ריווע האָט געניייט, און וואַרטן אויף איר: „גיי, דריי שוין דו אַ ביסל דאָס הענטל פון מײַן מאַשינדל!"

נאָך פּימעס געבוירן וווערן איז ריווע אוועקגעגאַנגען פון דער ניי-אַטעליע, ווו זי האָט געאַרבעט אַלס מאָדיסטקע, און זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצן מיטן כאַוועון דעם זון. עפּשער טאַקע דערפאַר איז פּימע מער צוגעוואָקסן צו דער מאַמען, איידער צום טאַטן, וואָס פלעגט פון אינדערפרי אָן פאַרפאַלן ווערן אויף דער אַרבעט. ווען פּימע איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, האָבן צו ריווען אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען פון צײַט צו צײַט אירע „אַלטע קליִענטקעס", ווי זי האָט זיי גערופן. ריווע איז אַ מיטלוווּקסיקע און אַ רירעוודיקע, מיט אַ פּאָר גרין-בלויע אויגן אויפן טונקעלן פּאָנעם, אויף דער לינקער באַק אירער האָט זיך, בײַ אַ שמייכל, דורכגעשניטן אַ כיינעוודיק גריבעלע. די קאַשטאַנעוווע האָר אויפן קאָפּ זײַנען איר שטענדיק גלאַט פאַרקעמט-אָפּגעצויגן צום נאַקן און צונויפגענומען דאָרט אין אַ קובליק.

עלטער מיט עטלעכע יאָר פון איציקן — פּימעס טאַטן, — האָט ריווע פאַר דער מילכאָמע געהאַט אַן אַנדער מישפּאָכע, אַן אַנדער היים, און פונעם ערשטן מאַן — אַ קינד — אַ מיידעלע. טאַקע באַם נייען, האַלטנדיק אַ צוגעשניטן קליידל אויף די קני, פלעגט ריווע פּלוצעם בלײַבן זיצן פאַרטראַכט מיט דער נאָדל אין דער האַנט, און שטיל, גלײַך ווי איר קאָל וואָלט געבוירן געוואָרן פון דער שטילקײַט, אָנהייבן צו דערציילן:

— מירעלע, דיר אויף לענגערע יאָר, וואָלט שוין געקאָנט איצטער אויך טראָגן אַזעלכע קליידעלעך... נעבעך, נישט דערלעבט... געשטאָרבן אין צווײ-און-פערציקסטן, אין דער עוואַקואַציע. כ'ווייס אַפילע ניט, ווו אירע ביינדעלעך ליגן... כ'בין דעמאָלט אַליין שוין מיט איין פוס געווען אין קייווער. פּרעמדע מענטשן האָבן שוין געטאָן אַלץ, וואָס מע דאַרף... און



1—1745

אין אַ יאָר אַרום איז מיר אָנגעקומען אַ פֿאָטאָקאַרטקע אַף איר פֿאָטער... גאַטעניו, וויאַזוי האָב איך דאָס אַלץ אויסגעהאַלטן! טאַקע ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז צאָרעס שטאַרקן דעם מענטשן...

די מוטער סטריגעוועט דאָס קליידל ווײַטער. די נאָדל גליטשט זיך שוין ווידעראַמאָל איבערן שטאָף, ווי אַ זילבערן שיפעלע, וואָס שלעפּט נאָך זיך מיט אַ ווײַסן פֿאָדעם פֿון דערינערונגען.

— ווייסט, פּימעלע, ווי עס לאָזט זיך גאָר אויס, איז דער טאַטע דײַנער פֿאַרליבט געווען אין מיר נאָך פֿון פֿאַר דער מילכאָמע אָן, — ריווע גיט זיך אַ צעשמייכל, און אַף דער לינקער באַק פּיקט זיך אויס איר כיינעוודיק גריבעלע. — שוין שפּעטער, באַם אוכאַזשעווען נאָך מיר, האָט ער זיך אַליין אין דעם פּריזנאַיעט. מיר זײַנען דאָך מיט אים פֿון איין שטעטל, פֿון איין גאַס.

— מאַמע, — שלאָגט איר פּימע איבער, — און אויב ער, כ׳מיין מירעלעס פֿאָטער, וואָלט זיך אומגעקערט פֿון דער מילכאָמע אַ לעבעדיקער, וואָלט ער געווען מײַן טאַטע?..

ס׳וועט מיטאַמאָל שטיל. פּימע הערט זיך צו צו דעם העמערל, וואָס האָט פּלוצעם אָנגעהויבן אַפּט קלאַפּן באַ אים אין ברוסט: טוק-טוק, טוק-טוק...

ריווע איז געבליבן זיצן מיט די אַראָפּגעלאָזטע, פֿאַרלוירענע הענט אַף די קני; זי קוקט דעם זון גלײַך אין די אויגן אַרײַן, און פּימע האַלט ניט אויס איר בליק. ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. ער איז שוין גרייט זיך צעוויינען.

— נאַרעלע מײַנס! — גיט זי אים אַ נעם אַרום. — נאַרעלע מײַן טײַערס! — זי קושט אים שוין אין שטערן, אין די אויגן, אין די באַקן... — דײַן טאַטע איז דער בעסטער אין דער גאָרער וועלט...

פּימעס פֿאָטער — איציק רימאַן — איז געווען דער הייפֿער פֿון זײַן ווײַב. אַ שטילער, אײַנגעהאַלטענער מענטש, מיט אַ פּאָר טיפֿע גוטע אויגן, וואָס האָבן קימאַט טאָמיד ווי אַרײַנגעקוקט אין זיך אַליין. ער איז געווען אַ בוכהאַלטער אַפֿן צעמענט-זאַוואָד. אַפּט, קומענדיק פֿון דער אַרבעט אַהיים, פֿלעגט ער נאָך דער וועטשערע צעלייגן זײַנע פּאַפּירן אַפֿן טיש, אַרופּשלעפּן אַף די הענט, ביז אין די עלנבויגנס, די שוואַרצע האַלב-אַרבל זײַנע און זיך נעמען מאַכן „דעם אָטשאָט”. אַן אײַנגעהויקערטער, אינגאַנצן פֿאַרטאָן אין זײַן אַרבעט, האָט ער געקאָנט אַזוי אָפּזיצן, ניט אופֿהייבנדיק דעם קאָפּ, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

צײַטנווײַז פֿלעגט איציק זיך אָפּרײַסן אַף אַ ווײַלע פֿון זײַנע פּאַפּירן, אויסגלײַכן די פּלייצע מיט אַ קרעכץ און, אויב דער קליינער פּימקע איז נאָך צו יענער צײַט ניט געשלאָפֿן, אַ בעט טאָן אים:

— עפּשער וואָלסטו מיר אויסגעטראָטן די פּלייצע מײַנע?.. ביסט דאָך אין דעם אַ שטיקל ספּעציאַליסט.

איציק טוט אויס דאָס העמדל און לייגט זיך אַנידער אַפֿן בעט מיטן פּאָנעם אַראָפּ. אין איין אויגנבליק איז פּימע אויבן. פּאַוואָלינקע, אָנשפּאַרנדיק זיך מיט איין האַנט אין דער וואַנט, הייבט ער אָן טופּען איבער דעם טאַטנס קײַלעכדיקער, ווייכער פּלייצע.

— אַ ביסעלע לינקער און אַ ביסל נידעריקער... — זאָגט אים אונטער דער טאַטע, — אָט-אָט-אָ...

פּימע שײַנט. ער איז, דאַכט זיך, איצט אַפֿן זיבעטן הימל. ער „היילט” דעם טאַטן!

— שוין, פּימקע, גענוג! האָסט מיך פּאָשעט געראַטעוועט...

איציק זעצט ווײַטער פֿאָר זײַן אַרבעט, און פּימע, שוין ליגנדיק אינעם בעטעלע, הערט זיך צו, ווי עס קנאַקן פֿונעם צווייטן צימער דעם טאַטנס רעכנביינדלעך.

יעדעס יאָר, דעם 30-טן מאַרט — אינעם טאָג, ווען ריבניצע איז באַפֿרײַט געוואָרן פֿון די פֿאַשיסטן, — איז באַ זיי אין דער מישפּאָכע אַן עמעסער יאָמטעוו. גראָד אין דעם טאָג נעמען זיך באַ די רימאַנס צונויף איציקס צוויי שוועסטער — בעלע און פֿייגע — מיט זייערע מענער און קינדער.

בעלע, די עלטערע שוועסטער, אַ קליינטשיקע, מיט אַ קײַלעכדיק פּענעמל, האָט געאַרבעט אין אַפּטייק אַלס פּראָוויזאָרן, אין דער מישפּאָכע אָבער האָט מען זי געהאַלטן פֿאַר אַן אייגענעם דאָקטער. ווען עס פֿלעגט זיך עפּעס טרעפֿן באַ עמעצן מיטן געזונט, איז מען באַלד געלאָפֿן צו איר: „בעלקע דאַרף וויסן!.. בעלקע וועט שוין געבן אַ רעפֿועו!”

די אַנדערע שוועסטער, פֿייגע, האָט זיך אויסגעטיילט פֿון דער גאַנצער פֿאַמיליע מיט איר דאַרקײַט און מיט אירע געלע האָר אַפֿן קאָפּ. דאָס נאָך יונגע פּאָנעם אירס איז אינ-

גאנצן געווען באַשאָטן מיט זומער-שפּרענקעלעך, מיט קלײַען, ווי איציק פֿלעגט זאָגן. די ברעמען און די ווײַעס האָבן זיך קימאַט ניט אָנגעזען, דעריבער האָט זיך געדאַכט, אַז פּייגעס גרוי-וואַסעריקע אויגן זענען אַפּן פּאָנעם אויס, ווי נאַקעטע, נאָר דעמלט, ווען זי פֿלעגט אַרויסברענגען אַף אירע דינגע, בלייך-ראַזעווע ליפּעלעך דעם מאַנס נאָמען: „יאַשע!", האָבן אירע וואַסעריקע אייגעלעך אָנגעהויבן זידן. און יאַשע — אַן איידעלער און שווײַגנדי-קער, — האָט שוין אַלץ, אַן אַן איבעריק וואָרט, פֿאַרשטאַנען: ער מוז באַלד פֿאַרלעשן זײַן ציגאַרעט.

די גאַנצע מישפּאָכע זעצט זיך ענדלעך אויס באַם צערוקטן יאָמטעוודיקן טיש.

— נו, איציקל, — גיט אַ זאָג מאָרדכע, בעלעס מאַן, — גיס נאָר אָן די גלעזערל!..

מיט זײַן איין-און-איינציקער האַנט שטופּט ער דעם ליידיקן לינקן אַרבל פֿונעם רעקל אַרײַן צו זיך אין דער קעשענע, הייבט אויף די פֿולע גלאָז ווײַן און זאָגט:

— פֿאַר יענע, וואָס האָבן, נעבעך, ניט דערלעבט צו אָט דעם גליקלעכן טאָג!.. — זײַנע פֿיר מעדאַלן, צוגעשפּיליעט צום רעקל פֿון דער לינקער זײַט, הייבן אָן קלינגען, ווי קליינע גלעקעלעך אַפּן ווינט.

— אונדזערע קינדער זאָלן שוין ניט וויסן פֿון די צאָרעס, וואָס מיר האָבן איבער-געלעבט, — גיט ריווע צו מיט אַ זיפֿץ.

פּימע זיצט באַ איין טיש מיט די „גרויסע". די אויערלעך — אויפגעשפּיצט. די אייגעלעך ברענען — זיי נאַשן, דאַכט זיך, יעדעס וואָרט.

— דו געדענקסט, איציניו, יענעם ווײַטן פּרימאָרגן? — רופט זיך אָן בעלע. — אַ קליינינקײַט — פֿופֿצן יאָר!.. סע שטייט מיר אָבער אַלץ פֿאַר די אויגן, גלײַך ווי ס'וואָלט נעכטן געשען...

— אַזוינס פֿאַרגעסט זיך שוין ניט!

— די דײַטשן מיט די רומענער, — דערמאָנט זיך בעלע, — זײַנען שוין אַ פּאָר טעג אין ריבניצע ניט געווען, אַריבערגעפּראַוועט זיך איבער דער בריק קיין רעזינע, און אונד-זערע האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן. קיין שום מאַכט איז נישטאָ, און די מענטשן, נעבעך, איבער-געשראָקענע, ווייסן ניט וואָס צו טאָן, וווהין זיך צו וואַרפֿן. האָבן זיך אייניקע פֿאַרשפּאַרט אין די הײַזער, זיך באַהאַלטן אין די קעלערס; אַנדערע זײַנען אינגאַנצן אַנטלאָפֿן פֿון דער געטאָ, זיך געראַטעוועט אין די שטיין-קאַריערן...

— עמעס, עמעס... — שאָקלט איציק אונטער מיטן קאָפּ.

— מיר דרײַ און דער טאַטע מיט דער מאַמען זיצן אינעם צימערל, ווו מיר האָבן דעמלט געוווינט אין דער געטאָ, זיצן נעבעך, ווי אין געהאַקטע ווונדן, און וואַרטן. ווען מיר שלאָפֿן, וואָס מיר שלאָפֿן — אַן אויג קאָנען מיר ניט פֿאַרמאַכן... און פּלוצעם, אינמיטן דער נאַכט, האָט זיך דערהערט אַזאַ מעסוקענער אופּרײַס, אַז די טאַפּליעס זײַנען שיר ניט אַרויס פֿון די פֿענצטער...

— יאָ-יאָ, עמעס... פּייגעלע האָט זיך נאָך דעמלט איבערגעשראָקן און זיך צעוויינט...

— דער טאַטע, — דערמאָנט בעלע זיך ווײַטער, — שטייט ניט טויט, ניט לעבעדיק, און נאָר איין וואָרט הערט מען פֿון אים: „שוין!.. שוין!.." ער האָט, אַפּאָנעם, באַלד פֿאַרשטאַ-נען, אַז דאָס האָבן די דײַטשן אופּגעריסן נאָך זיך די בריק איבערן דניעסטער.

פּימע רוקט זיך אַ ביסל נעענטער צו צום טאַטן. אין די אויגן זײַנע צאַפּלט אַ שרעק.

— טעלעכע שאַ נאָך דעם אופּרײַס איז געשטאַנען אַזאַ שטילקײַט, אַז מ'האָט געקאָנט דול ווערן. אינגיכן האָט אין דרויסן אָנגעהויבן צוביסלעך ליכטיק ווערן. „ווייסטו וואָס, סאָרעלע, — רופט זיך אָן דער טאַטע, — דו בלײַב דאָ מיט די קינדער, און איך וועל גיין אַ קוק טאָן, וואָס ס'הערט זיך דאָרט, אין דער שטאָט". הייבט די מאַמע אָן ווײנען: „כ'וועל דיך אין ערגעץ ניט לאָזן!.. ווייניק צאָרעס האָבן מיר איבערגעלעבט... און טאָמער וועט זיך נאָך מיט דיר, כאַלילע, עפּעס טרעפֿן, ניין, כאָיִם!"...

בעלע ווערט מיטאָמאָל אַנשוויגן. מיט אירע ווייכע קישעלעך פֿון די פֿינגער קלײַבט זי לעבן איר טעלערל אונטער עטלעכע ברעקלעך ברויט און הייבט זיי אָן קײַקלען.

— און דער טאַטע, אָלעווהאַשאָלעם, — ציטערט עטוואָס איר קאָל, — וויל זי אַפֿילע ניט הערן. „גענוג! — שרײַט ער. — ווער זײַנען מיר — מענטשן צי מײַז?" און ער לויפֿט אַוועק...

— כ'בין שוין גרייט געווען דעמלט אים נאָכלויפֿן, — מישט זיך אַרײַן דער ברו-דער, — די מאַמע האָט מיך אָבער ניט געלאָזט.

— און איינגיכן, — שלאָגט אים שוין פּייגע איבער, — צעפּראַלט זיך די טיר און דער טאַטע, מיט א פּאָר פאַרווייִנטע פאַר פריידן אויגן, הייבט אָן שרייַען: „קינדערלעך, וואָס זיצט איר דאָ?.. אונדזערע זייַנען געקומען... אונדזערע!..“

איציק האָט נאָך געוואָלט, אַפּאַנעם, עפּעס צוגעבן, נאָר שוין אין דער לעצטער מינוט באַטראַכט ער זיך, גיט א נעם דאָס פלעשל פונעם טיש, גיסט זיך אָן א פולע גלאָז ווייַן און גיך, גלייַך ווי עמעצער וואָלט אים אונטערגעטריבן, טרינקט ער זי אויס.

אין זייַן לעבן האָט פּימע נאָך ניט געזען, אז דער טאַטע זאָל זיך אזוי צוכאַפּן צו א גלאָז ווייַן.

א ווייַלע זייַנען אַלע געזעסן און געשוויגן. און דאָ גיט בעלע אזוי שטילערהייט, מיט אזא מין לייַכטן פאָרוווּרף אין קאָל, א זאָג:

— וואָס שלינגסטו אזוי?..

באַם טיש זעצט אויס א געלעכטער.

מיט די דאָזיקע ווערטער „וואָס שלינגסטו אזוי?“ פלעגט זיך, געווייַנלעך, אָנהייבן דערנאָך אַן אנדער געשיכטע, וועלכע איז געשען אין יענע ביטערע און שווארצע געטאָ־צייַטן. פּימע איז נאָך דעמלט אוואדע אף דער וועלט ניט געווען. נאָר יעדעס מאָל, בעשאַסן הערן די טרויעריקע געשיכטע, פלעגט זיך אים אויסווייַזן, אז ער אליין האָט דאָס אַלץ איבערגעלעבט באַגלייַך מיט זייַן טאַטן, מיט זייַנע מומעס, מיטן זיידן כאַיִם און דער באָבע סאָרען, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזען, אפילע אף קיין פאָטאָגראַפיע ניט.

יאָ. צאָרעס שטאַרקן דעם מענטשן. און אויב דער מענטש האַלט זיי אויס, גיבן זיי אים צו דאָס ביסעלע אָפּטימיזם, וואָס העלפט אים שפּעטער דערפילן אין די איבערגעלעבטע יאָרן א זיס טראָפּנדל גליק, דערזען אין די שווארצע טעג פון זייַן לעבן א העל פינטעלע האָפענונג.

...פאַרטריבענע פון זייערע אייגענע שטעטלעך און הייַזער, נאָך די לאַנגע וואַנדערוועגן, אף וועלכע מ'האָט זיי וואָכנווייַז אין פלאָגעניש געיאָגט, האָבן זיי איצט געוווינט אין געטאָ.

דאָס ענגע צימערל, וואָס ס'האָט פאַרנומען כאַיִם רימאַנס מישפּאָכע, איז מער ענלעך געווען אף א שטאַל, ווו מע האַלט א בעהיימע. די קעלט, דער הונגער און די צאָרעס האָבן געהויזט טאָג ווי נאַכט אין די פיר פּוסטע ווינקעלעך פונעם צימערל, ווו ס'האָט זיך שטענדיק געפילט א פאַרדומפּענער רייעך, אַן אָנגעזאַפּטער מיט שימל און מענטשלעכן שווייס.

אָנהייב דעקאַבער איז איציק קראַנק געוואָרן אף טיף. די שייַן פונעם ליכטל האָט קוים געאָטעמט, אויסגעשיילט פון א ווינקל א קופּע קויטיקע שמאַטעס, אונטער וועלכע איציק איז געלעגן און פונוואַנען ס'האָט זיך געהערט זייַן שוואַך ציטערדיק קאָל:

Утомленное солнце нежно с морем прощалось,
в этот час ты призналась, что нет любви...

— ער זינגט, נעבעך, פון היץ... — סאָרע האָט ארופגעלייגט אפן זונס הייסן שטערן א נאַס טיכל, — גאָטעניו, פאַרוואָס קומט אונדז אזוי?..

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום מאַן און, א דערשלאָגענע, דאַכט זיך, מיט די לעצטע קויכעס, א פרעג געטאָן:

— כאַיִם, וווּהין איז בעלקע אוועק?.. טאָמער וועט מען זי נאָך, כאָלילע, פּאַקן...

כאַיִם האָט געשוויגן. געשטאַנען מיט א פּאָר אויסגעלאָשענע אויגן. די הענט אומבאַהאָלפן אראָפּגעלאָזט. זיך צוגעהערט צום זונס זינגען.

ס'האָט א סקריפּע געטאָן די טיר. דאָס צינגל פונעם ליכטל האָט אָנגעהויבן ציטערן — אָט־אָט, דאַכט זיך, וועט דאָס איינציקע לעבעדיקע פייַערל זיך אויך פאַרלעשן און אַלץ ארום וועט אייַנגעהילט ווערן אין א קאַלטער פינצטער.

— Здравствуйте, — האָט זיך פלוצעם דערהערט א פרעמד קאָל, — А где же наш больной?

א מיטלוווּקסיקער מענטש, אין א מיצל אפן קאָפּ, מיט א קאַראַקולנעם קאָלנער אף דעם ווינטערדיקן מאַנטל איז געשטאַנען לעבן בעלען. אין דער לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן א קליין שוואַרץ טשעמאָדאַנדל.

בעלע האָט אָנגעוויזן מיטן קאָפּ אפן שוואַך באַלויכטענעם ווינקל, ווו ס'איז געלעגן אף עטלעכע פאַרפוילטע ברעטער איר קראַנקער ברודער.

— ער איז דאָרט, דאָקטער...

דאָס וואָרט „דאָקטער" האָט א קלונג געטאָן איצט עפּעס אזוי ניט געוויינלעך, אפילע אומוואַרשײַנלעך, ווי, לעמאָשל, לעבן, ברויט, פרײַהײַט... ארײַנגעבראַכט מיטאמאָל אין די פיר קאַלטע פּאַרטרויערטע ווענט א וואַרעמען גרוס פונעם געוועזענעם לעבן.

— א קראַנקער זאָל אזוי שיין זינגען? — און דער דאָקטער איז צוגעגאַנגען צו דער קופּע שמאַטעס.

ערשט איצטער האָט כאַיִם דערקענט אינעם אומבאַקאַנטן מענטשן דעם הויפּט-דאָקטער פונעם שטאָט-שפּיטאָל, ווו ער, כאַיִם, איז געלעגן פאר דער מילכאָמע א גאַנצן כוידעש אָף א לונגען-אָנצינדונג.

— דאָקטער נאומענקאָ!.. טײַערינקער... איר זענט געקומען?!

— און פאַרוואָס האָב איך ניט געדאַרפט קומען, כאַווער? — ער האָט אראָפּגעלאָזט זײַן האַנט אָף כאַיִמס אַקסל. — מיר זײַנען דאָך מענטשן, סאָוועטישע מענטשן!..

איציק האָט שווער אופגעמאַכט די אויגן.

— קינד מײַנס, — האָט צו אים זיך אָנגעבויגן די מוטער, — בעלקע האָט דיר געבראַכט א דאָקטער...

— און דו, באָכערל, זינגסט ניט ערגער פון אוטיאָסאָוון.

דער דאָקטער האָט צעשפּיליעט די קנעפּ אָף זײַן מאַנטל, אראָפּגענומען דאָס מיצל פונעם קאָפּ און, האַלטנדיק עס אין דער האַנט, האָט ער זיך ארומגעקוקט, זוכנדיק, אפּאָנעם, ווּהין דאָס מיצל אנידערצולייגן.

— גיט עס, ביטע, מיר... — האָט זיך ווי אנטשולדיקט בעלע, — איך וועל עס האַלטן אין די הענט.

פונעם לאַנגן טראָגן דאָס מיצל האָבן זיך די גראָווע האָר אפן קאָפּ א ביסל צונויפגעפּרעסט. צווישן די פליישיקע ברייטע נאָזלעכער פון זײַן פּירעקיקער נאָז, ווי בא א לייב, האָט זיך אײַנגעשניטן אין דער אייבערשטער ליפּ א טיפער קנייטש. אָף די ריין אָפּגעגאָלטע באַקן — א נעץ פון דינע רויטע אָדערלעך.

— דאָקטער... — האָט א שעפּטשע געטאָן איציק, — איך וועל לעבן?..

דער דאָקטער האָט זיך אויסגעגלײַכט. פאַרהאַלטנדיק א ווײַלע דעם בליק אפן ליכטל, האָט ער געזאָגט, קוקנדיק דעם קראַנקן גלײַך אין די אויגן ארײַן:

— וואָס רעדסטו, באָכערל?.. דו וועסט אומבאַדינגט לעבן, און ווי גוט וועסטו נאָך לעבן!..

אין מעשעך פון צוויי וואָכן האָט דער דאָקטער נאומענקאָ, אײַנשטעלנדיק זײַן לעבן, באַוויזן זיך אַלע באַנאַכט אין דער געטאָ. שוין האַלטנדיק באַם אוועקגיין, פלעגט ער א צעמישטער ארויסשלעפּן פון דער קעשענע א קליין פּירעקיק פּעקעלע — עטלעכע דין אָנגעשניטענע ריפּטלעך ברויט מיט פּוטער, — און, באַהאַלטנדיק די אויגן אונטער זײַנע צעשויבערטע ברעמען, ארײַנשטופּן דאָס פּעקעלע סאָרען אין די הענט.

— דאָס איז איצט פאר אײַער זון די בעסטע רעפוע...

די צײַט איז געגאַנגען. אָפּגעציילט די לאַנגע טעג און נעכט פונעם לעבן אין דער געטאָ, ווו די לעבעדיקע זײַנען שוין מיד געוואָרן צו באַוויינען די טויטע, און די טויטע האָבן ניט באַוויזן צו לויפן בעטן פאר די נאָך לעבעדיקע. און פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אָף גאָרנישט, האָט דאָס לעבן געזונגען ווײַטער איר אייביקע ליד, און די אויסגעמאַטערטע נעשאָמעס אונטער די געלע לאַטעס האָבן זיך צוגעהערט מיט האָפענונג צו אָט דעם לעבנסגעזאַנג ביזן לעצטן אָטעם.

איציק האָט זיך שוין געפילט א ביסל בעסער. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער זיך אפילע אופהייבן פונעם געלעגער. עס האָט זיך געיאַוועט בא אים א מעשונע-ווילדער אפּעטיט, און דאָס האָט אוואדע געפרייט זײַן מאַמען, געפרייט און אין דער זעלבער צײַט נאָך מער זי פאַרזאָרגט, ווײַל זי האָט גאָרנישט געקאָנט ניט באַמערקן דעם זונס הונגעריקע בליקן, וואָס זײַנען געווען ווי צוגעזאָטן צום טשוהונענעם קעסעלע.

אינעם קעסעלע פלעגט סאָרע קאָכן איר איינציק מײַכל — א מאַמעליגע, זייער פרישטיק, זייער אָנבײַסן און זייער וועטשערע. אוי, ווי לאַנג האָט זי זיך, די מאַמעליגע, געקאָכט, און ווי גיך פלעגט מען זי אופעסן! איידער די מישפּאָכע האָט זיך געזעצט עסן, פלעגט זי ארײַנבראָקן אין דער מאַמעליגע א צוויי ציינדלעך קנאָבל, דערנאָך צוגעבן עטלעכע טראָפּנדלעך בוימל, און דאָס דאָזיקע מײַכל האָט זיך שוין דעמלט בא סאָרען גערופן: מאַמעליגע מיט קאַפּלון.

בעשאסן עסן, האָט איציק געגלאָנצט מיט זײַנע קראַנקע אויסגעהונגערטע אויגן, אַרײַנ־געקוקט יעדן אין מויל אַרײַן — ס'פֿלעגט זיך אים נאָר אויסווײַזן, אַז יעדער באַם טיש עסט מער פֿון אים. אײנמאָל האָט ער זיך ניט אײַנגעהאַלטן און פּלוצעם אַ געשריי געטאָן אױף בעלען, וואָס איז געזעסן לעבן אים:

— וואָס שלינגסטו אַזױ?!

די דאָזיקע געשיכטע, ווי אויך אַנדערע דערמאָנונגען פֿונעם לעבן אין געטאָ, ווי יעדער טאָג האָט געקאָנט פֿאַר יעדערן זײַן דער לעצטער, האָט זיך אײַנגעקריצט אין פּימעס האַרץ אײנײנעם מיט די שווערע זיפֿצן, וואָס פֿלעגן זיך הערן פֿון צײַט צו צײַט באַם יאָמטעװדיקן טיש, אײנײנעם מיט די פֿײַכטלעכע אויגן, װעלכע אײנער האָט באַהאַלטן פֿונעם אַנדערן, מיטן ביטערן רויך פֿונעם פֿעטערס יאַשעס ציגאַר...

— איצט קאָן מען שוין לאַכן, — זיפֿצט די מומע בעלע, — אױ, גאָטעניו, מע קאָן דען דאָס אַלץ איבערדערציילן...

„...די לאַנגע שטאַרעס באַם פֿענצטער האָבן זיך לײַכט געכוואַליעט, גלײַך ווי זײ וואָלטן אונטערגעטריבן פּאַרויס דאָס ניט־געזעענע שפּעלע פֿון יעפֿים רימאַנס קינדהײַט.

עס טרעפֿט זיך, אַז אין אַ בורשטין ווערט פּאַרקילט אַ פּיצעלע פֿליגעלע. מע האַלט דעם שײנעם, דורכזיכטיקן בורשטין אױף דער לאַדאָניע און מע באַטראַכט דאָס פֿליגעלע פֿון אַלע זײַטן: מע קוקט זיך אײַן אין יעדעס פּינטעלע און אין יעדעס פּאַסיקל — אַלץ איז אין אַט דעם פֿליגעלע וויכטיק, אַלץ האָט אַ באַזונדערע ווערט, ווײַל ס'האָט פֿאַרצײַטנס געלעבט, געאָטעמט... און פּלוצעם געשעט אַמאָל אַ נעס: פֿון דער מענטשלעכער וואַרעמקייט הייבט דער בורשטין פּאַוואָלינקע אָן זיך צעשמעלצן, פּונקט ווי אַ טראָפּנדל סאָסנע־סמאָלע אױף דער זון. דאָס אוראַלטע פֿליגעלע גיט זיך מיטאַמאָל אַ ריר, ציטערט אויף, צעשפּרייט די פֿליגעלעך און אַט עס ריײַסט זיך עס שוין אין די בלויע הימלען.

„ניסים, — האָט רימאַן געשריבן, — זײ טרעפֿן זיך דען אָפּאָנעמעסן אין לעבן? דער מענטש טראַכט זײ אַלײן פֿאַר זיך צו, קעדײי זיך אַרויסרײַסן, באַטש אױף אַ רעגע, פֿונעם לעבנס זאַמד־זײגער, ווו די זעמדעלעך צײלן אָפּ די אויסגעלעבטע יאָרן. זײ שיטן זיך, די פֿאַרוטײל־טע זעמדעלעך, אַראָפּ צום שמאָלן גלעזערנעם בערגעלע, ווי אין טהאָם אַרײַן, און ווען די איבערשטע קײלע פֿון אַט דעם זאַמד־זײגער בלײַבט לײדיק, קומט, אָפּאָנעם, די צײַט פֿון אײביקייט...”

— דער מענטש איז, ווי אַ בוים, — האָט זיך געהערט פֿונעם ניט־געזעענעם שפּעלע, וואָס האָט זיך געהוידעט אױף די שטילע כוואַליעס פֿון רימאַנס דערינערונגען, — אַ בוים, וואָס איז שטאַרק מיט זײַנע וואָרצלען...

שלוימע דער שאַמעס האָט געקוקט אױף פּימען מיט זײַנע טרערנדיקע אײגעלער. גלעטנ־דיק דעם גראָבן שטאָם פֿון דער אַלטער אַקאַציע, האָט ער געזאָגט ווײַטער:

— יעדער מענטש קלײַבט זיך, אַוודאי, אַלײן אויס זײַן אײגענעם לעבנסוועג, ס'איז אָבער דאָ אַ וועג, אַפֿילו ניט קײן וועג, נאָר אַ שמאָל סטעזשקעלע, וואָס פֿריִער אָדער שפּע־טער ברענגט עס דעם מענטשן צו פֿירן צו יענע ליבע פֿיר ווענט, צו יענער שוועל, וועלכע ער האָט דאָס ערשטע מאָל אַריבערגעטראָטן, אײדער ער האָט זיך געלאָזט אין זײַן לאַנגער נעסיִע איבערן לעבן. און ווען דער מענטש פֿאַרגעסט אין אַט דעם סטעזשקעלע, וואַקסט זײַן נעשאָמע אַרום מיט ווילדגראָז...

„טײַערער פּימע!

קוידעמקאָל, אַ גרויסן דאַנק דיר פֿאַר דײַנע האַרציקע ווונטשן צו מײַן געבוירן־טאָג. דײַן בריוו איז ווי אַ לעבעדיקער גרוס פֿון מײַן יוגנט, פֿון יענע טעג, ווען כ'בין געווען גליקלעך.

יאָ, אין מײַן לעבנס־טיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן דער פֿינף־און־צוואַנציקער, און די ערשטע ווערטער, וואָס כ'האָב פֿון אים דערהערט, זײַנען געווען: „נו, ברודערל, מיט וואָס קאָנסטו זיך באַרימען?” צום באַדויערן, איז מײַן לעבן דערוויל אַ צעריסנס, אויב ניט זאָגן קײן פֿאַר־שפּילטס...”

די שײַן פֿונעם טישלאָמפּ איז ווייך געפֿאַלן אױף רימאַנס טונקל פּאָנעם. מיט די יאָרן איז ער נאָך מער ענלעך געוואָרן אױף זײַן מוטער. אױפֿן שטערן, צווישן די צוזויפֿגעדריקטע ברעמען, האָבן זיך אָנגעצייכנט צוויי קנייטשעלעך, אַ גלײַכע נאָז, פֿאַרשפּיצט באַם עק, די

אונטערשטע ליפּ — עטוואָס אַראָפּגעלאָזט, ווי בא א באַליידיקט קינד. זײַנע שמאָלע אויגן מיט די דינע אייבערשטע לעכלעך און מיט די גרין-דורכזיכטיקע שטראַלכלעך אַרום די שוואַרצאַפּלען זײַנען געווען פאַרטיפט אינעם לייענען:

„אין די טעג האָב איך זיך אומגעקערט פון נאַטאַניאַ, וווּ כ'וואָלט געוואָלט ווײַנען נאָכן פאַרענדיקן דעם אולפּאַן. א דירע אין נאַטאַניאַ וועל איך, מעגלעך, באַקומען. שווערער איז זיך אײַנאָרדענען דאָרט אויף אַן אַרבעט. ערשטנס, קען איך ניט די שפּראַך, צווייטנס, אַרבעטן אַבי-ווו, ניט אַלס אינזשעניער, וואָלט איך אויך ניט געוואָלט.

די עלטערן מײַנע האַלטן, אַז איך בין ניט גערעכט. דערווײַל איז וויכטיק כאָטש ערגעץ-ווו זיך פאַרטשעפּען, קעדיי צו וויסן, אַז דו האָסט שוין, ווי זיי זאָגן, א שטיקל פּאַרדינסטל. דער טאַטע אַליין האָט זיך שוין געפונען עפּעס אַן אַרבעט: טאַקע דאָ ניט ווײַט פונעם אולפּאַן, בא איינעם א באַלעבאָס.

ווי עס לאָזט זיך אויס, קאָן ער נאָך דערווײַל ניט באַקומען קיין פּענסיע, ווײַל די מאַנצבלען גייען דאָ אַרויס אויף פּענסיע צו די פינף און זעכציק יאָר. אַזוי אַז דער טאַטע וועט שוין מוזן צוּוואַרטן נאָך קימאַט דרײַ יאָר...“

אין צימער איז אַרײַנגעגאַנגען שטילערהייט — אויף די שפּיץ פינגער — רימאַנס ווײַב. אָנגעטאָן אין א ניילאָנאָוון, לאַנגן, ביז די קנעכלעך פּעניואַר, האָט זי זיך דערנעענטערט צום מאַן און מיט די דלאָניעס פאַרמאַכט אים די אויגן, ווי עס טוען, געוויינלעך, קינדער.

— ליליע... — פימע האָט גענומען אין די הענט אירע קילע בייגעוודיקע פינגער, זיך א רײַב געטאָן אין זיי מיט זײַנע שטעכיקע, ניט-אָפּגעגאָלטע באַקן, — כ'האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט שוין...



— ניין, כ'האָב געלייענט אַ ביכל.
— נו, און דאָס קינד, איז באַלד אַנשלאָפֿן געוואָרן?
— וואָדען! — האָט זיך צעשמייכלט ליליע. — דו קענסט ניט דײַן זון?! ס'ערשטע, האָט זיך אים פֿאַרגלוסט אַ קאָנפֿעקט, דערנאָך — אַ טרונק וואַסער, און, נאָך אַלעמען, האָט ער זיך ערשט דערמאָנט, אַז דו האָסט אים צוגעזאָגט אַ מײַסעלע פֿאַרן שלאָף, און אַז איבער דיר קען ער ניט אַנשלאָפֿן ווערן!
פּימע האָט זיך צעלאַכט: פֿאַרגעשטעלט זיך אויף אַ רגע דעם זונס כיטרע פּאָר אייגעלעך, וואָס זוכן אַ טערעץ, אַבי ניט צו שלאָפֿן.
— כ'וועל שוין מוזן מאָרגן זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר אים...
— און פֿאַר מיר?.. — ליליע האָט אים אַ שויבער געטאָן דעם קאָפּ. — כ'זע, דו ביסט ניט בעסער פֿון דײַן זון.
— נאָך אַ ביסעלע, ליליעטשקע, באַלד וועל איך שוין פֿאַרענדיקן...
— כ'ווייס דײַן „באַלד", האַרעפּאַשניק מײַנער.
זי האָט צאַרט אַ פֿיר געטאָן מיט דער האַנט איבער פּימעס פּנים, ווי זי וואָלט געוואָלט צעטרײַבן די מידקייט, וואָס האָט זיך אָפּגעלייגט פֿאַרן גאַנצן טאָג אין זײַנע קנייטשלעך אויפֿן שטערן, אַרום די אויגן...
— ווייסט, פּימע, די לעצטע עטלעכע טעג, ווי כ'האָב באַמערקט, געפֿינסטו זיך קיין אָרט ניט... עפּעס איז געשען?..
— אי יאָ, אי ניין...
ליליעס פּנים האָט פֿאַרשלייערט אַ וואָלקנדל אומרויִקייט.
— דו געדענקסט אַליק ווײַנשטאָקן? — האָט פּימע אַ פֿרעג געטאָן.
— אַליק?.. פֿאַרשטייט זיך... דו האָסט געהאַט פֿון אים אַ בריוו?
— ניין, דאָס זײַנען זײַנע אַלטע בריוו...
אַ ווײַלע האָט פּימע געשוויגן, גלײַך ווי ער וואָלט צונויפֿגענומען די אַלע שטיקער געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געשטויסן אין זײַן מויעך, קעדיי, אויסשטעלנדיק זיי אין סיידער, אָפּזוכן דעם אָנהייב.
— פֿאַראַכטאָגן, פֿאַרנדיק אין טראַלייבוס, האָט זיך מיר פּלוצעם אויסגעוויזן, אַז ער, אַליק ווײַנשטאָק, שטייט ניט ווײַט פֿון מיר. פֿאַרשטייט זיך, דאָס איז געווען אַן אַנדער מענטש, פּאַשעט זייער ענלעך אויף אַליקן, כ'האָב אָבער סײַוויסײַ ניט געקאָנט פֿון אָט דעם אומבאַקאַנטן יונגערמאַן קיין אויג אָפּרײַסן: געשטאַנען און געקוקט אויף אים, אַפֿילו ניט באַמערקט, ווי כ'בין דורכגעפֿאָרן מײַן סטאַנציע...

נאָכן פֿאַרענדיקן דעם אינסטיטוט זײַנען די פֿרײַנט זיך צעפֿאָרן, ווי מע זאָגט, אין פֿאַרשיידענע זײַטן — יעדער צו זײַן נײַער אַרבעט.
דער הו-האַ פֿונעם לעבן האָט זיי פֿאַרשלעפּט און פֿאַרדרייט אין איר וואָכעדיקײַט, און ניט טאָמיד זײַנען די טרוימען, וואָס זיי האָבן אַרויסגעטראָגן פֿון דער יוגנט, צונויפֿגעפֿאַלן זיך מיט דער לעבנס-רעאַלקייט. און דאָך, ניט קוקנדיק אויפֿן מעהאַלעך, וואָס האָט די פֿרײַנט צעטיילט, האָט זיי דאָס גרויסע רעאַלע לעבן אונטער איין הימל דערנעענטערט און פֿאַרייניקט.

„...דו אינטערעסירסט זיך, פּימע, צי כ'האָב דאָ נײַע פֿרײַנט? ניט לאַנג צוריק האָב איך זיך באַקאַנט מיט צוויי כעוורע: ביידע זײַנען זיי געקומען פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד — יאַניס פֿון ריגע, און ליאָווע פֿון אָדעס. ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך שפּיל אויף אַ גיטאַרע, האָבן זיי זיך זייער דערפֿרייט. און אָט, נעכטן האָבן מיר אײַנעם פֿאַרבראַכט אַן אָוונט. געשמועסט אויף קאַלערלײַ טעמעס: יעדער האָט דערציילט אַ ביסל וועגן זיך, וועגן דער שטאָט, ווו ער איז אויסגעוואַקסן, דערמאָנט זיך אין די גוטע-פֿרײַנט, וואָס זײַנען דאָרט געבליבן, געקרעכצט וועגן זײַנע שווערע בענקעניש. און ווער ווייסט, ווי ווײַט עס וואָלט פֿאַרגאַנגען אונדזער אָנגעכמורעטקײַט, ווען איך נעם ניט די גיטאַרע און כ'הייב ניט אָן זינגען.
אַלע רייד האָבן זיך מיטאַמאָל געענדיקט: יעדער איז געווען פֿאַרטיפֿט אין זײַנע אייגענע טריבע מאַכשאָווע...”

פּימע מיט ליליען זײַנען געזעסן איצט אויפֿן בעט-דיוואַן. צוגעטוליעט מיטן אַקסל צום מאַן און אַרונטערגענעמענדיק אונטער זיך די באָרוועסע פֿיס, האָט ליליע געהאַלטן אויף די קני זייער פֿאַמיליע-פֿאָטאָ-אַלבאָם.

צום ווײַבס „האָבי" צונױפֿגענומען זייערע פאָטאָגראַפֿיעס אין א מישפאָכע-אַלבאָם האָט פימע זיך שטענדיק באַצויגן מיט אן איראָנישן שמייכל. „אזוי, — האָט ער געטראַכט, קוקנדיק, ווי זײַן ווײַב שטעלט אַקוראַט אַרײַן אין די דורכגעשניטענע ווינקעלעך פון די קאַרטאָנענע אַלבאָם-זײַטלעך זייער לעצטע פאָטאָגראַפיע, — פלעגט זי, מיסטאָמע, קאָלעקציאָנירן, ווי אויך אַנדערע מיידלעך פון איר קלאַס, פאָטאָקאַרטלעך פון די באַרימטע אַקטיאָרן אָדער בילדלעך פון קאָלערלײַ בלומען". ווען מ'האָט אָפּגעדרוקט רימאַנס ערשטע נאָוועלעס אין ייִדיש, האָט ער ליליען געזאָגט אין א שפּאַס:

— אָט וועל איך אינגיכן ווערן א באַוווּסטער שרײַבער, וועט אויף דײַן פאָטאָ-אַלבאָם זײַן אן אויסכאַפּעניש...

— ס'ערשטע ווער, און דערנאָך וועלן מיר שוין זען! — האָט אָפּגעשניטן ליליע. הײַנט אָבער, ווען זי האָט אַרויסגעשלעפּט פונעם טישקעסטל דעם גרויסן, אין א טונקל-רויטן, סאַמעטענעם אײַנבונד אַלבאָם, איז פימע בעפּיירעש געווען זייער דאַנקבאַר דעם ווײַב פאַר איר מיידלש-סענטימענטאַל טראַפנדל, וואָס זי האָט פאַרהיט אין זיך ביז הײַנט-צו-טאָג.

זיי האָבן זיך ביידע אײַנגעקוקט אין די שוואַרץ-ווײַסע, ניט טאָמיד געלונגענע ליבהאָבערישע פאָטאָגראַפיעס, זיך דערמאָנט אין יענע גאָלדענע טעג פון זייער יוגנט און, דאַכט זיך, איבערגעלעבט זיי אָפּסנײַ...

„...דו שרײַבסט, אַז אינגיכן גייסטו אין אורלויב און אַז איר קלײַבט זיך מיט ליליען פאָרן אָפּרוען זיך צום שוואַרצן יאַם, האָב איך זיך דערמאָנט, ווי מיר זײַנען געווען מיט דיר אין זאַטאָקע. דו געדענקסט, פימע, יענעם ווונדערלעכן זומער?.."

אין יענעם זומער זײַנען אַליק מיט פימען געפאָרן צום שוואַרצן יאַם, און האָבן דאָרט פאַרבראַכט א וואָך צײַט. דער „געניאַלער" געדאַנק איז געקומען אין קאָפּ אַליקן.

— אין קינפטיקן יאָר פאַרענדיקן מיר דאָס לערנען און, ווער ווייסט, צי ס'וועט זיך אונדז נאָך אײַנגעבן אַמאָל זיך אָפּרוען איניינעם.

— און וווּ וועלן מיר נעמען אַזויפיל געלט? — האָט זיך געקווענקלט פימע. — קעדיי זיך אָפּרוען באַם יאַם, דאַרף מען דאָך האָבן א זאַק מיט געלט!

— א מיליאָנער מיט זײַנע גרויסע באַדערפענישן דאַרף טאַקע האָבן, ווי דו זאָגסט, א זאַק מיט געלט, — האָט זיך ניט פאַרלוירן אַליק, — נאָר אַזוי־ווי מיר זײַנען ניט מער, ווי סטודענטן, וועלן מיר זיך מוזן באַגיין מיט אונדזער זומערדיקער סטיפּענדיע.

און פימע האָט זיך געלאָזט אײַנריידן.

זומער, נאָך זייער פּראַקטיק, זײַנען זיי ביידע געפאָרן אין יישעוו זאַטאָקע, וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פון דער שטאָט אָדעס. דאָרט, אין זאַטאָקע, האָט פאַראַיאָרן אַליק זיך אָפּגערוט איניינעם מיט זײַנע עלטערן.

— דאָס איז א ווונדערבאַר אָרט! — האָט געלויבט אַליק. — אן אויסגעצייכנטער פּליאַזש — פון דער וואַסער גלוסט זיך ניט אַרויסצוקריכן, און מיידלעך טרעפן זיך אין זאַטאָקע — נאָר אויף צו פאַרקוקן זיך... בעקיצער, — האָט ער אַרײַנגעשטעלט דאָס איינציקע וואָרט, וואָס ער האָט געקענט אויף ייִדיש, — בעקיצער, וואָס דערצייל איך עס דיר? דו וועסט שוין אַליין אַלץ זען. אַגעוו, מיר וועלן זיך קאָנען אָפּשטעלן דאָרט בא דער זעלבער באַלעבאַסטע, וואָס פאַראַיאָרן מיט מײַנע עלטערן.

געקומען אויפן אָרט, האָט זיך ערשט אויסגעלאָזט, אַז דאָס צימערל, אויף וועלכן זיי האָבן אַרויסגעקוקט, איז שוין געווען פאַרדונגען.

— יאָ, ניט קיין שלעכטער אָנהייב, — האָט אַליק א הייב געטאָן די אַקסלען.

די באַלעבאָסטע — א דיקע, מיטליאָריקע פרוי, — האָט זיי אָבער פאָרגעלייגט צו שלאָפן אויף דער וועראַנדע.

— אבי א דאַך איבערן קאָפּ! — האָבן זיך דערפרייט די פרײַנט.

איבערלאָזנדיק די זאַכן בא אָקסאַנע פּאַוולאָוונען — אַזוי האָט געהייסן די באַלעבאָסטע, — זײַנען די כעוורע אַוועקגעלאָפן באַלד צום פּליאַזש.

אַליק האָט ניט אומזיסט געלויבט דאָס אָרט. די זומערדיקע שטיבלעך מיט הילצערנע, העל אויסגעפאַרבטע ווענט און מיט הויכע שפּיציקע דעכלעך האָבן זיך געצויגן לענגויס דעם ברעג, און מיט זייער אויסזען דערמאָנט טויבשלאַקן. יעדעס שטיבל איז געווען אַרומגעצאַמט מיט א נידעריק פּלויטל פון שיטערע שטאַכעטן, אין די ריינע, פּירעקיקע הייפלעך האָבן זיך שיין צעוואַקסן אויף דער זאַמדיקער ערד קוסטעס ווײַנטרויבן. דאָ און דאָרט זײַנען געשטאַנען ווילדע אַליוון-ביימער, באַשאָטן מיט שמאָלע סאַמעטענע בלעטעלעך.

ס׳האָט זיך נאָך פּימען גאָר ניט געגלייבט, אַז די זומערדיקע קאַניקולן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן, אַז אָט איז פאַר זײַנע אויגן דער גרין־בלויער ים, וואָס צעשפּרייט זיך ביזן סאַמע האָריזאָנט, צונויפגיסנדיק זיך פאַמעלעך מיטן הימל.

פּימע איז נאָכן באָדן־זיך געלעגן אויפן הייסן זאַמד מיט עטוואָס אָפענע אויגן, און דורך דער נעץ פון זײַנע וויִעס געקוקט אַרויף, אַקוראַט ווי אין אַן איבערגעקערטן איבערן קאָפּ ברונעם. ער האָט געפילט, ווי די הויט אויפן פּנים און אויפן גאַנצן לײַב ציט זיך פאַוואָליִנקע צונויף, ווי מע וואָלט אויף אים אַרויפגעצויגן אַ דין, דורכזיכטיק הײַטעלע; דאָס וואַרעמע ווינטל האָט צעבלאָזן איבער זײַן באַקעטן קערפּער די שוין טרוקן געוואָרענע זעמדלעך, אײַנגעוויגט אים פאַמעלעך און פאַרשלעפערט...

רויטע, געלע, גרינע קרײַזן צעשווימען זיך פאַר די אויגן... אין דער טיפעניש פונעם ברונעם שפּיגלט זיך אָפּ אַן אומבאַקאַנט מיידלש פּנים... פּימע וויל אויסשטרעקן זײַן האַנט, זיך צורירן מיט די פינגער צו אירע פײַכטלעכע ליפּן... ער קאָן אָבער זיך ניט רירן פונעם אָרט. „ס׳האָט מיך, אפּנים, פאַרשאָטן מיט זאַמד”. ער פּרוווט זיך באַפרײַען. אומזיסט — ער פאַרלירט נאָר די קויכעס. און פונדעסטוועגן, שלעפּט ער ענדלעך אַרויס איין האַנט, מיט וועלכער ער גיט זיך אַ צי צום געגאַרטן פּנים... פּלוצעם הייבט אָן קאַפּען אַ רעגן, און דאָס פּנים צעשווימט זיך מיטאַמאָל אין רויטע, געלע, גרינע קרײַזן...

פּימע האָט זיך אויפגעכאַפּט. אַ שאַרפער שטראַל פון דער זון האָט אַ שנײַד געטאָן זײַנע אַפּלען. אַרום אים — אַ נאַקעטער און אַ פאַרפרוירענער פונעם לאַנגן באָדן זיך — האָט געשפּרונגען אויף איין פוס אַליק. ער איז איצט געווען ענלעך אויף אַ ווילדן מענטש, וואָס איז ערשט אַרויס פון דער וואַסער און פילט אויס עפּעס אַ מאָדנעם ריטועלן טאַנץ. פונעם טרייסלען מיטן קאָפּ זײַנען געפלויגן אין אַלע זײַטן טראָפּנס וואַסער.

— אײַ, גוט! — האָט אַליק געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן, — אײַ, גוט! — און ער האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן לעבן פּימען.

— ביסט מעשוגע! — האָט זיך געבייזערט פּימע, אָפּווישנדיק דאָס פאַרשפּריצטע פּנים מיט דער האַנט.

— זאָג מיר בעסער אַ דאַנק, טיטיע, וואָס כ׳האָב דיך אויפגעוועקט, אַניט וואָלסטו שוין אָט־אָט אָנגעהויבן ברענען.

מיט זײַנע לאַנגע ביינערדיקע הענט האָט אַליק צונויפגעשאַרט אַרום זיך די זאַמד, מאַכנדיק זיך אַ צוקאָפּנס.

— ער, פּימקע, פּימקע, אין אַ יאָר צען אַרום וועלן מיר זיך מיט דיר באַגעגענען און זיך דערמאָנען — באַ אַ פלעשל קאָניאַק, ניט אַנדערש — אין אָט די גאָלדענע טעג. דו וועסט שוין צו יענער צײַט ווערן אַן עמעסער שרײַבער, און, ווער ווייסט, עפּשער וועסטו מיך אויך ערגעץ דערמאָנען אין דײַנע מעמוארן...

— אוי, ביסטו, קיין אײַנהאָרע, אַ פּלאַפּלער!..

און זיי האָבן זיך צעלאַכט, אַרומגעכאַפּט איינער דעם אַנדערן און זיך אָנגעהויבן קאַטשען איבערן זאַמד, ווי צווײ קליינע קינדער.

פאַרנאַכט, נאָך דער וועטשערע אין דער היגער קאַפע מיטן קלינגעוודיקן נאָמען „גאָלדענער ברעג” (אַליק האָט די קאַפע אָנגערופן „אַקוואַריום”), האָבן די פרײַנט זיך געלאָזט גיין צום טאַנץ־פּלאַץ.

דאָ, אויפן קײַלעכדיקן, אַספאַלטירטן שטיקל אָרט אונטערן הוילן הימל, האָט זיך צונויפגענומען דאָס יונגוואַרג, דאַכט זיך, פון גאַנץ זאַטאָקע. די קליינע בינע, וואָס איז געווען באַלויכטן פון ביידע זײַטן מיט סופיטן, האָט דערמאָנט אַ יאַם־מושל. צווישן דער אָנגעשטעלטער אויף דער בינע עלעקטראָ־אַפּאַראַטור האָבן זיך קוים אָנגעזעצט די פיר כעווריע פונעם אַנסאַמבל „מעוועס”.

— „מעוועס” זײַנען, אוודאי, ניט „ביטלז”, נאָר גאַרנישט, אַבי מע שפּילט! — האָט אַליק אַ כאַכמע געטאָן זיך.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט געזוכט עמעצן.

— אָט, פּימקע, גיב נאָר אַ קוק אַהער! — און אַליק האָט אַ ווונק געטאָן מיטן קאָפּ אויף די צוויי מיידלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען ניט ווײַט פון דער בינע.

— נו?..

— כ׳האָב זיי נאָך אײַנדערפרי באַמערקט, אויפן פּליאַזש...

— נו?..

— וואָס האָסטו זיך צעטוקעט?.. זיי געפעלן דיר?

— נישקאַשע...

— נישקאַשע! אויך מיר אַן ענטפער, טיוטיע! — אַליק האָט צעקעמט מיט די פינגער זײַנע פּאַטלעס אויפן קאָפּ. — קום, מיר זײַנען דאָך געקומען אַהער טאַנצן...

אײַנגיכן האָבן זיי שוין געטאַנצט אין איין רעדל מיט יענע צוויי מיידלעך, וואָס זײַנען פריִער געשטאַנען בײַ דער בינע. אַליק האָט באַלד פאַרפירט מיט זיי אַ שמועס. ער איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין זײַן ריידן, אַז ער האָט אַפילו ניט באַמערקט, ווי דער אַנסאַמבל האָט שוין פאַרענדיקט דאָס שפּילן און ווי אַלע אַרום אים האָבן שוין אויפגעהערט טאַנצן. אַליק האָט זיך ריטמיש, רעכטס און לינקס, געטרייסלט ווײַטער, גלײַך ווי ס'וואָלט אים אַרײַן וואַסער אין די אויערן, און געשאָטן מיט ווערטער אָן אַן אויפהער:

— בײַ אונדז אין מאָסקווע...

פימע האָט גרינג אַ שטויס געטאָן דעם כאַווער מיטן אַקסל, ווי איינער רעדט: „בלײַב שוין שטיין, פלוידערזאַק!"

מאַרינקע און ליליע — אַזוי האָבן געהייסן די נײַע באַקאַנטע זייערע — האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. פימע האָט מיטאַמאָל דערפילט, ווי עס הייבן אים אָן ברענען די אויערן.

— ס'טרעפט זיך... — אַליק האָט עס אַזוי געזאָגט, גלײַך ווי ניט ער, נאָר פימע וואָלט אַרויסגערופן בײַ די מיידלעך אַ געלעכטער, — כ'האָב אײַך פּאַשעט געוואָלט ווײַזן אַ פּאָר קרוין-באַוועגונגען מײַנע, נאָר מיילע, ס'וועט שוין זײַן אַן אַנדערס מאָל...

ער האָט געוואָלט, אַפּאַנעם, עפּעס נאָך זאָגן, דער אַנסאַמבל האָט אָבער אָנגעהויבן צו שפּילן אַ וואַלס.

— נו, און מיט וואָס פאַר אַ „קרוין"-באַוועגונגען טאַנצט מען בײַ אײַך אין מאָסקווע אַ וואַלס? — האָט אַ פרעג געטאָן ליליע, נאָכמאַכנדיק אַליקן זײַן „מאָסקווער" אַקצענט.

אַליק האָט זיך אַ ביסל צעמישט: אַזאַ שטיקל האָט ער פון ליליען ניט דערוואַרט.

— פאַרשטייט זיך... — האָט ער אָנגעהויבן צו שטאַמלען, — אַ וואַלס איז אַזאַ טאַנץ... און בכלל...

— אַליק איז, אַפּאַנעם, מיד געוואָרן פונעם ערשטן טאַנץ. — האָט שוין מאַרינקע אונטערגעגאָסן בוימל אין פײַער אַרײַן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז פון אירע בלויע אויגן וועלן באַלד אַרויסשפּרינגען צוויי שיידימלעך.

פימע האָט געשײַנט פון האַנאָע: דער כאַווער זײַנער האָט איצט אַרײַנגעכאַפּט פאַר זײַן ביסל באַרימעניש דאָס, וואָס איז אים געקומען. פימע האָט גוט געוווּסט, אַז אַ וואַלס טאַנצט אַליק ניט בעסער פון אַ בער.

— יאָ, מײַן פרײַנט, — האָט ער זיך דיפּלאָמאַטיש אַרײַנגעמישט, — ליליע מיט מאַרינקען האָבן גענומען איבער אונדז די אויבערהאַנט.

— אויב אַזוי, מוז איך קאַפּיטולירן, — און אַליק האָט אויפגעהויבן די הענט, — כ'בעט אײַך אָבער, דערלויבט מיר זאָגן דאָס לעצטע וואָרט...

די מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. אונטערכאַפּנדיק די אימפּראָוויזירטע שפּיל, האָט ליליע זיך אָנגערופן:

— מיר זײַנען גרייט אײַך אויסצוהערן! — זי האָט אַראָפּגערוקט אויפן שטערן די בלויע דזשינסענע זשאַקייקע, וואָס האָט איר זייער געפּאַסט, און צוגעגעבן:

— נאָר, כ'בעט אײַך, אָן לאַנגע רייד!

— איך וועל זײַן קאַרג אויף ווערטער, נאָר יעדעס וואָרט מײַנס, גלייבט מיר, איז פונעם גאַנצן האַרצן... בעקיצער, איך לייג אײַך פאָר זיך פאַוואָלינקע פאַרנעמען פון אָט דעם רוישיקן אָרט און זיך דורכשפּאַצירן אַ ביסל בײַם יאַם.

— דאָס איז אַן אידיי! — האָט זיך אָנגערופן מאַרינקע. — מע דאַרף אָבער פונדעסטוועגן אַ טראַכט טאָן... ווי מיינסטו, ליליע?

— טראַכטן שטערט ניט, — האָט די כאַווערטע אַ קנייטש געטאָן די נאָז, — בפּראַט איצט, ווען ס'איז שוין אַזוי שפּעט... דערצו נאָך מיט אומבאַקאַנטע ייִנגלעך...

— פאַרוואָס אומבאַקאַנטע?.. מיר קענען זיך שוין אַ גאַנצע שעה, עמעס, פימע?!

אַליק האָט אַ וואָרף געטאָן אויף פימען אַזאַ בליק, נאָך וועלכן שווײַגן וואָלט געהייסן אַלץ פאַרשפּילן. זאָגן דעם עמעס, זײַנען פימען די צוויי סימפּאַטישע כאַווערטעס מיט זייער אומיטלבאַרקײַט און מיטן געפיל פאַר הומאָר זייער געפעלן געוואָרן, און ס'וואָלט פּאַשעט געווען אַ שאָד זיך אַצינד צעשיידן מיט זיי.

— כ'מיין, אַליק איז גערעכט. ס'איז הײַנט אַזאַ שיינער וואַרעמער פאַרנאַכט...

ליליע האָט אַ הייב געטאָן די אַקסלען.

— אויב מאַרינקע איז ניט קעגן...

פימע האָט אַרויסגעשלעפּט פונעם פּאָטאָ-אַלבאָם אַ קליינע ליבהאָבערישע פּאָטאָגראַפיע: פימע, לילי, מאַרינקע און אַליק שטייען העכער די קני אין וואַסער. פון הינטער זייערע פּלייצעס קוקט אַרויס אַ הויכע גרויע כוואַליע, וואָס איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן אַנטקעגן אָביעקטיוו. זיי לאַכן. זיי זײַנען גליקלעך...

— און געדענקסט, פימע, ווי בעשאַס מיר האָבן שפּאַצירט לענגויס דעם ברעג, האָט זיך אַליק פּלוצעם געשטעלט אויף די הענט און שוין דורכגעמאַכט אַזוי אַ גוט שטיקל וועג...

— יאָ, יאָ, ביז ער האָט זיך אַ בוכע געטאָן אין וואַסער אַרײַן... — זיי האָבן זיך צעלאַכט, און, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, דערמאָנט זיך ווײַטער...

„...וועגן איבערפאָרן קיין נאַטאַניאַ איז דערווײַל נאָך פרי צו טראַכטן, ווײַל מיר האָבן דאָרט קיין ווינונג ניט. און אַזוי ווי קיין אַרבעט האָב איך זיך נאָך אויך ניט געפונען, איז בא מיר איצט דאָ גענוג צײַט, קעדיי באַרײַכערן זיך גײַסטיק. נעכטן בין איך געווען, לע-באַ מאַשל, אין קינאָ. פאַר דער לעצטער צײַט האָב איך איבערגעלייענט עטלעכע ביכער: נאָד-סאָנען, פּאַסטערנאַקן און מאַנדעלשטאַמען. אויב די געצוווּנגענע לײדיקגייערײַ מײַנע וועט זיך פאַרציִען, וועל איך נאָך, כאַלילע, אַליין אָנהייבן צו שרײַבן לידער (אַ שפּאַס!). וואָס טוט לילי? וויאַזוי פילט זי זיך?"

דעם אַנדערן טאָג האָבן די פרײַנט שוין פאַרבראַכט אײנײנעם מיט זייערע נײַע באַ-קאַנטע. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן לילי און מאַרינקע זיך געלערנט אין טאָמסקער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט — אַריבער אויפן פערטן קורס. קיין זאַטאָקע זײַנען די כאַוועריטעס געקומען צו פאָרן פון קעשענעוו, ווו לילי האָט געווינט. מאַרינקע איז געווען אַ געבוירענע אין טאָמסק, אַ „טאָמיטשקע", ווי זי האָט זיך גערופן מיט שטאָלץ, נאָר פאָרן קומען אַהער, צום יאָם, האָט זי פאַרבראַכט עטלעכע טעג בא לילין אינדערהיים.

זיי זײַנען געזעסן אַלע פיר אויף אַ קאָלירטער דעק אַרום אַ בערגל יאַם-מושלען, וואָס זיי האָבן פריִער אויסגעזוכט אין זאַמד, און אויסגעקליבן פונעם בערגל באַזונדערס שיינע, קעדיי די מיידלעך זאָלן זיך מאַכן פון זיי שנירלעך קאָרעלן.

— און דו, לילי, ביסט אַ דרייסט מיידל! — האָט זיך אָנגערופן אַליק. — געפאָרן זיך לערנען אַזש קיין טאָמסק.

— וואָס זשע, בא אונדז אין טאָמסק ווינען שוין קיין מענטשן ניט?! — האָט אַ ביסל באַרויגעוזלעך אַ זאָג געטאָן מאַרינקע. — טאָמסק איז אַוודע ניט מאָסקווע, נאָר פונדעסט-וועגן, איז יעדער פערטער אײַנוווינער פון אונדזער שטאָט אַ סטודענט.

— כ'האָב צו דײַן טאָמסק גאָרנישט ניט... מע דאַרף אָבער אויך פאַרשטיין די פּסיכאָ-לאָגיע פון אונדזערע עלטערן: אַפּלאָזן אַ „קינד" פון זיך אַזש אין אַזאַ ווײַטעניש...

— אַלץ דערקלערט זיך זייער פּאַשעט, — האָט זיך אָנגערופן לילי, — מײַן עלטע-רער ברודער האָט זיך שוין צו יענער צײַט געלערנט דאָרט אין אוניווערסיטעט. ער איז אַ מאַטעמאַטיקער. און כ'דאַרף אײַך זאָגן, אַז כ'בין זייער דאַנקבאַר דעם טאַטן און דער מאַמען, וואָס זיי האָבן מיך אַפּגעלאָזט אין אַזאַ ווײַטעניש, ווי אַליק זאָגט. ערשטנס, האָב איך אַ ביסל פאַרזוכט דעם טאַם פונעם זעלבשטענדיקן לעבן; צווייטנס, האָב איך זייער ליב באַקומען די סיבירער שטאָט, ווו ס'האָבן זיך נאָך פאַרהיט אַזוינע אַלטע ווינקעלעך, וועגן וועלכע כ'האָב פריִער נאָר געלייענט אין ביכלעך...

— כ'דאַרף באַמערקן, מיידלעך, אַז אַליק אַליין שפּילט אויסגעצייכנט אויף אַ גיטאַרע און האָט ניט קיין שלעכטע שטים. — האָט זיך אַרײַנגעמישט פימע.

מאַרינע און לילי האָבן צעפּירט מיט די הענט.

— נו, אַליק, ביסט נאָך דערצו אַ טאַלאַנט אויך?!

— זינגט און שפּילט אויף אַ גיטאַרע, און מיר ווייסן נאָך וועגן דעם גאָרניט?

— כ'האָב אײַך ניט געוואָלט מיטאַמאָל איבעראַשן... איר וואָלט נאָך, כאַלילע, געמיינט, אַז כ'באַרים זיך...

— יאָ, מײַן פרײַנט איז די באַשיידנקײַט אַליין!

די כאַווערטעס האָבן זיך קאָמיש איבערגעקוקט.

— מיר האָבן עס נאָך נעכטן באַמערקט.

— און די גיטאַרע דײַנע האָסטו כאָטש פאַרכאַפּט מיט זיך?

— פאַרשטייט זיך, מאַרינקע, זי ליגט דאָ, אונטער די קוסטעס.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— און אויב אַן קאַטאַווע, וואָלטן מיר מיט מאַרינקען געוואָלט גלייבן, אַז הײַנט פֿאַר־נאַכט וועט אונדז אַליק באַווײַזן זײַן טאַלאַנט.

— אַן אַנדערער וואָלט זיך עפּשער אָפּגעזאָגט, נאָר איך...

אַליק האָט זיך אויפֿגעהויבן, אָפּגעטרייסלט פֿון זיך די זאַמד און פֿאַרגעלייגט:

— כ׳מיין, אַז ס׳וואָלט איצט געווען ניט שלעכט זיך אָפּצובאָדן, און דערנאָך אַרײַנקוקן אינעם „אַקוואַריום“. עפּשער וואַרט שוין דאָרט אויף אונדז אַ געשמאַקער מיטיק.

— אַ גענ׳אַלער געדאַנק!

— מיר מיט מאַרינען זײַנען ניט קעגן.

פֿאַרנאַכט זײַנען זיי געזעסן באַם שײַטער, וואָס פֿימע מיט אַליקן האָבן צעצונדן ניט ווײַט פֿונעם וואַסער. אַליק האָט געזונגען, נאָכמאַכנדיק וויסאָצקיס הייזעריקער שטים, און אַקאָמפּאַנירט זיך אויף דער גיטאַרע.

דאָס פֿײַער, די ליד און דער שטילער רויש פֿונעם יאַם האָבן יעדערן פֿון זיי אַוועקגע־פֿירט אין אַ ווײַטן טאָל פֿון צײַט, ווו קיינער פֿון די פֿיר יונגע מענטשן, וואָס זײַנען געזעסן איצט באַם שײַטער, איז קיינמאָל ניט געווען, די שווערע טריט אָבער פֿון יענער צײַט האָבן זיך אָפּגערופֿן אין זייערע הערצער, ווי אַ ווידערקאָל.

פֿימע האָט זיך אײַנגעקוקט אין ליליעס פּנים, וואָס איז געווען פֿאַרגאָסן מיט אַ געל־רויטן אָפּשײַן פֿונעם שײַטער. די געדיכטע פֿינצטערניש האָט ווי אָפּגעטראָטן פֿון ליליען, זיך באַהאַלטן הינטער אירע שמאָלע, קײַלעכדיקע אַקסלען. זי, ליליע, האָט געקוקט מיט אַ צעשטרייטן בליק אין פֿײַער אַרײַן, איבערגעכאַזערט שטילערהייט די ווערטער פֿון דער ליד, וואָס אַליק האָט געזונגען. אויף אַ רעגע האָט זיך פֿימען אַ דאַכט געטאָן, אַז ער האָט שוין אַנומלטן געזען דאָס בילד, נאָר דעמלט האָט אַלץ אויסגעזען ניט־רעאַל, ווי אַ וויזיע: אַן איבערגעקערטער איבערן קאָפּ ברונעם... דאָס מיידלשע פּנים, וואָס האָט זיך אין אים אָפּ־געשפּיגלט...

אַצינד האָט זיך דער כאָלעם זײַנער ווי פֿאַרווירקלעכט. ער איז געווען אַזוי מאַמאָשעס־דיק נאָענט פֿון איר, אַז פֿימע האָט געפֿילט די נאָענטקײַט מיט אַלע זײַנע כושים...

די נאַכט האָט אונטערגעקליבן די לעצטע פֿונקען פֿונעם אויסגעלאָשענעם שײַטער, פֿאַרוואַנדלט זיי, ווי אַ קישעפֿמאַכערן, אין שטערן און פֿאַרוואָרפֿן די ערשטגעבוירענע פֿונ־קען־שטערנדלעך העט־העט אַרויף אין הימל אַרײַן. אַ שמאָל סטעזשקעלע האָט זיך געשפּרייט איבערן שטילן יאַם, ווי אָנגעצייכנט מיט זילבער דעם סאַמע קורצן און סאַמע גלײַכן וועג, וואָס פֿירט פֿון אָט דעם ברעג צו דער לעוואָנע.

— וווּהין, וואָלט איך געוואָלט וויסן, האָבן זיך אַהינגעטאָן מאַרינע מיט אַליקן? — האָט זיך געכידעשט ליליע, — עפּשער זײַנען זיי מיט אָט דעם סטעזשקעלע אַוועק אויף דער לעוואָנע, און מיר זוכן זיי אומזיסט דאָ, אויף דער ערד?..

ליליע האָט זיך צעלאַכט קלינגעוודיק, ווי אַ קינד. אַראָפּגעוואָרפֿן גיך די שיכלעך פֿון די פֿיס, איז זי שוין גרייט געווען, דאַכט זיך, אַ שפּאַן טאָן אין זילבערנעם וואַסער.

— לאָמיר זיי דעריאָגן!..

— ליליע... — האָט פֿימע זי פֿאַרהאַלטן מיט דער האַנט, — ליליע, כ׳מיין, אַז אויף דער לעוואָנע וועט פֿאַר אונדז פֿיר זײַן צו ענג... — אומדערוואַרט פֿאַר זיך אַליין, האָט ער זי צוגעדריקט צו זיך. — איך וואָלט ניט געוואָלט, אַז דו זאָלסט ווידעראַמאָל אַנטרונען ווערן, ווי אין יענעם כאָלעם...

„...מאַזלטאָוו!..

מײַן כאַווער, יעפֿים רימאַן, איז געוואָרן אַ טאַטע! עס קלינגט אַפֿילע פֿאַר מיר אַ ביסל מאָדנע: פֿימקע — אַ טאַטע!..

וו׳אַזוי פֿילט זי זיך, די יונגע מאַמע? גיב איר אַ קוש פֿערזענלעך פֿון מיר. כ׳בין דאָך געווען איר שאַדכן... יאָ. דאַכט זיך, נאָך נעכטן זײַנען מיר געלעגן באַ אָקסאַנע פּאַוולאָווּ־נען אויף דער ווערַאַנדע און געטיילט זיך איינער מיטן אַנדערן מיט די סאַמע אינטימע גע־דאַנקען... דו האָסט עס אַוודע ניט פֿאַרגעסן...“



אהיים צו אַקסאַנע פּאָוולאָוונען האָט פימע זיך אַרײַנגעשטעלט שפּעט באַנאַכט. ער האָט זיך אופגעהויבן אַף דער וועראַנדע, ווו עס זײַנען שוין געשטאַנען זייערע פאַנאַנדערגענומענע צעלייגבעטלעך, און שטילערהייט, אַף די שפּיץ פינגער, צוגעגאַנגען צו זײַן געלעגער.

— געיאַוועט זיך, דאַנקען גאָט! — האָט אַ בורטשע געטאָן אַליק.

— דו שלאָפסט נאָך ניט?..

אַליקס בעטל האָט אַ סקריפּע געטאָן.

— און דו ביסט גאָר ניט אַזאַ לעמעלע, ווי עס דאַכט זיך אַפן ערשטן בליק...

— עפּשער וועלן מיר איבערלאָזן דעם שמועס אַף מאָרגן?!

פימע איז געלעגן אַף דער פּלייצע מיט די הענט צוקאָפּנס. ער האָט זיך אײַנגעהערט אין די קורצע גרילערײַען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון צײַט צו צײַט אין דער אָנגעזאַפּטער מיט פרישקייט דאַרעמדיקער נאַכט. דער שלאָף האָט אים טאַקע ניט גענומען — אין דעם איז זײַן פרײַנט גערעכט געווען, — ס'האָט שוין עפּעס געגרילט אין אים אַליין. ניט געגעבן קיין רו, זיך צעגאָסן איבער זײַן יונגן קערפּער, געוועקט אַ פאַרבאָרגענעם באַגער.

— אַליק, — האָט ער שטיל אַ רוף געטאָן זײַן פרײַנט, — אַליק, דו ביסט געווען אַמאָל פאַרליבט?..

— פאַרשטייט זיך, — ער האָט ווי אַרויסגעקוקט אַף דער פראַגע, — דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך פאַרליבט אין אַ מיידעלע, כ'געדענק שוין ניט איצט איר נאָמען, זי האָט פאַר־מאָגט לאַנגע, רייצנדיקע צעפּלעך. מיר זײַנען געגאַנגען מיט אָט דעם מיידעלע אין איין קינדער־גאָרטן: זי — אין דער קלענערער גרופּע, און איך...

— און אויב אָן כאָכמעס...

אליק האָט געענטפערט:

— אויב אָן כאָכמעס, איז עס מיט מיר געשען מיט א יאָר דריַי צוריק, באַלד נאָכן ערשטן קורס. איך בין געקומען אין יענעם זומער אף די קאַניקולן. די כעוורע פון מיַין הויף האָבן זיך ארומגעטראָגן מיט מיר, ווי מיט אן אויצער: ס'איז דען א קלײניקײַט — לערנט זיך אין מאָסקווע, אָן פינף מינוט א גאַנצער אינזשעניער!.. און אָט, אין אײנעם אן אָוונט קער איך זיך אום פון דער דיסקאָטעקע אהיים. כ'גיי אריַין אין אונדזער הויף און הער פּלוצעם, ווי עמעצער גיט מיך א רוף. כ'קוק זיך אום — כ'זע קײנעם ניט. „אליק! — הער איך ווידער־אמאָל. — ניט אהין קוקסטו!" כ'הייב שוין אוף דעם קאָפּ: אפן דריטן שטאָק שטייט בא זיך אפן גאַנעק אונדזער שכיינע, סוועטע, און מאַכט צו מיר מיט דער האַנט.

ווי כ'האָב געוווּסט, האָט סוועטע דאָ ניט לאַנג כאַסענע געהאַט מיט א מיליטערמאַן און איז באַלד נאָך דער כאַסענע אוועקגעפאָרן מיט אים ערגעץ הינטער כאַבאַראָווסק, ווו ער האָט געדינט. פארשטייט זיך, אז דערזעענדיק זי אינדערהיים, האָב איך זיך פארכידעשט. „וואָס איז געשען, סוועטע? — האָב איך בא איר געפרעגט. — דו האָסט זיך פארבענקט נאָך דער מאַמען?" זי האָט זיך צעלאַכט און א וויַיז געטאָן מיט דער האַנט, כ'זאָל זיך צו איר אופהייבן.

דאַכט זיך, אין איין אויגנבליק בין איך שוין געווען בא סוועטען. כ'האָב זיך געטראָגן איבער די טרעפּ, גלײַך ווי עמעצער וואָלט זיך געיאָגט נאָך מיר. אין יענער מינוט האָב איך, דאַכט זיך, אליין ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס עס טוט זיך מיט מיר...

סוועטע איז געווען עלטער פון מיר מיט א יאָר דריַי־פיר; געוווינט האָט זי איינינעם מיט דער מוטער. געהאַט איר קריַיזל פריַינט, צו וועלכע איך האָב ניט געהערט, און בִיכלאַל האָבן מיר זיך באַצויגן איינער צום אַנדערן ניט מער, ווי שכיינים: „א גוט־מאָרגן!.. א גוטן־אָוונט!"

דעם עמעס געזאָגט, האָט זי דעמלט געקוקט אף מיר, ווי אף א גרינעם צוציק. עפּשער טאַקע דערפאַר האָט מיך אזוי א צי געטאָן צו איר אין יענעם פארנאַכט, קעדיי וויַיזן איר, אז איך בין שוין ניט יענער קליין ייִנגעלע, פאַר וועלכן זי האָט מיך נאָך ניט לאַנג צוריק געהאַלטן, נאָר א סטודענט, א זעלבשטענדיקער מענטש.

סוועטע האָט מיך באַגעגנט זייער האַרציק; זי האָט מיך אפילע א קוש געטאָן אין באַק, וואָס כ'האָב פון איר ניט דערוואַרט. די מוטער אירע, אַנא זאַכאַראָוונא, איז אינדערהיים ניט געווען. סוועטע האָט מיר דעמלט געזאָגט, אז די מוטער האָט מען עקסטרע ארויסגערופן אין שפּיטאָל, ווו זי אַרבעט...

אינגיכן זיַינען מיר שוין געזעסן בא סוועטען אין צימער, געטרונקען קאַווע און, פאַר־שטייט זיך, גערעדט. ווי ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, איז סוועטע אוועקגעגאַנגען פונעם מאַן. „בעסער פריַיער, איידער שפּעטער, — האָט זי געזאָגט מיט א שמייכל, — קאַלזמאַן עס פאַר־בינדט אונדז קיין קינד ניט. זיך פארשפּאַרן יונגערהייט אין די פיר ווענט, — האָט סוועטע זיך ווי פארענטפערט, — און דערצו נאָך אין אזא וויַיטעניש, איז פאַר מיר צו א גרויסער קאָרבן. און בִיכלאַל האָב איך, צום גליק, גיך פארשטאַנען, אז מיר מיט סאַשקען, — אזוי האָט געהייסן איר געוועזענער מאַן, — זיַינען צו פארשיידענע מענטשן..." דערנאָך האָט זי איַינגעשלאָסן דעם מאַגניטאָפאָן. מיר האָבן א ביסל געטאַנצט, ווידעראַמאָל גערעדט... בעקיצער, כ'האָב אינגיכן דערפילט, אז ס'איז מיר מיט סוועטען גוט און פריַי און כ'וואָלט, דאַכט זיך, פארבליבן בא איר אף שטענדיק...

אליק איז אנשוויגן געוואָרן. אראָפּגעלאָזט זיַינע דאַרע, באָרוועסע פיס אפן דיל, און איז שוין געבליבן אזוי זיצן, ניט רירנדיק זיך פונעם אָרט.

די קורצע וואַרעמע נאַכט האָט אָנגעהויבן פּאַמעלעך צעשמעלצן זיך אינעם פריַיקן קאַיאָר. די גרילן האָבן פארענדיקט זייערע גרילנדיקע סערענאַדעס, ס'האָבן זיך שוין געהערט, דאָ און דאָרט, די ערשטע קרייען פון די היגע הענער, וואָס האָבן אריַינגעבראַכט אינעם שטילן ייִשעוו באַם יאַם א דאָרפישן קאָלאָריט.

פימע איז געלעגן אפן געלעגער, אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו אליקן, און געוואַרט ביז זיַין פריַינט וועט דערציילן וויַיטער.

— אין יענעם טאָג, — האָט ענדלעך א זאָג געטאָן אליק, — האָב איך שוין אינדער־היים ניט גענעכטיקט — געבליבן בא סוועטען.

קימאַט א כוידעש ציַיט האָב איך געלעבט, ווי אין א שיינעם כאָלעם: כ'האָב קיינעם ניט געזען און קיינעם ניט געהערט, נאָר זי, סוועטע, איז מיר געשטאַנען די גאַנצע ציַיט פאַר די אויגן, נאָר אירע צערטלעכע ווערטער האָבן געקלונגען אין מיַינע אויערן...

כ'האָב שוין געוווּסט, דאַכט זיך, אויף אויסווייניק דעם גראַפיק פון איר מאַמעס אַרבעט און געוואָרט אַן געדולד אויף דער שאָ, ווען זי, אַנאַ זאַכאַראָוונאַ, וועט אַוועקגיין אין שפּיטאָל, קעדיי באַלד זײַן בײַ סוועטען. אַלץ האָט דערמאָנט אַ שפּיל, ווו ס'האָט זיך ניט געוואָלט טראַכטן וועגן סאָף. און פונדעסטוועגן, איז צו דער שפּיל געקומען אַ סאָף...

אין יענעם פאַרנאַכט, ווי כ'האָב שוין געוווּסט אַפּריִער, האָט אַנאַ זאַכאַראָוונאַ געדאַרפט דערזשורען די גאַנצע נאַכט. איך בין שוין גרייט געווען זיך לאָזן גיין צו סוועטען, ווי פּלוצעם קלינגט דער טעלעפאָן, איך נעם דאָס טרײַבל און דערקען באַלד סוועטעס קאָל. דאָס האַרץ האָט געגעבן אַ צאַפּל: „עפּעס איז, אַפּאַנעם, געשען!.. נאָר וואָס?" איך הער זיך אײַן אין איר קאָל. זי פרעגט בײַ מיר, צי כ'וועל הײַנט קומען צו איר. איך ענטפער, אַז יאָ, און אַליין פיל איך, אַז סוועטעס אומדערוואַרטער קלונג, פּונקט אַצינד, ווען כ'האָב שוין געדאַרפט זײַן בײַ איר, איז ניט קיין צופעליקע זאַך... „אַגעוו, דו ווייסט, אַליק, — גיט זי רוּיִק אַ זאָג, — כ'האָב באַקומען הײַנט אַ בריוו פון מײַן סאַשקען..." — איר „מײַן" האָט מיך, ווי אַ שניט גע-טאָן איבערן אויער, — מײַן סאַשקע שרײַבט, אַז מע פירט אים איבער קיין לענינגראַד, און ער בעט, כ'זאָל זיך צו אים אומקערן".

אַליק האָט ווידעראַמאָל איבערגעריסן דאָס דערציילן. אַרופגעצויגן אויף זיך די קאָלדרע.

— ס'איז עפּעס קילבלעך געוואָרן, — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט.

— וואָס זשע איז געווען ווײַטער? — האָט פימע זיך ניט אײַנגעהאַלטן.

— ווײַטער?.. — האָט איבערגעפרעגט אַליק, און זײַן פּאָנעם האָט זיך פאַרקרימט פון אַן אומנאַטירלעכן שמייכל. — ווײַטער האָט זיך אַלץ פאַנאַנדערגעוויקלט, ווי אין יענער מיטלמעסיקער מעלאָדראַמע, ווו ס'האָט זיך צום סאָף אַרויסגעוויזן, אַז דער דריטער איז אַן איבעריקער...

אַליק האָט זיך מיטאַמאָל אופגעהויבן פונעם געלעגער און, אַן אײַנגעהילטער אין דער קאָלדרע, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון דער וועראַנדע...

פימע און לידיע זײַנען נאָך אַלץ געזעסן אויפן בעט-דיוואַן. געבלעטערט דעם פאַמיליע-אַלבאָם, ניט קוקנדיק אויף דער שפּעטער צײַט.

— ווען אַליק זעט אונדז איצט בײַ אָט דער-אָ אַרבעט, — האָט פימע זיך אָנגערופן, — וואָלט ער מיסטאָמע באַמערקט מיט אַן איראָניע, אַז מיר דערמאָנען אים גאָגאָלס פּולכעריאַ איוואַנאָוונען און אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטשן...

„כ'האָב שוין עפּעס לאַנג ניט באַקומען פון דיר קיין בריוו, פימע. איך פאַרשטיי, אַז דו ביסט איצט אינגאַנצן פאַרטאָן אין דײַנע מישפּאָכע-איניאָנים, דערצו נאָך די אַרבעט און דײַן שרײַבן — ס'איז דיר אוואַדע ניט גרינג. איך וויל אָבער, דו זאָלסט וויסן, אַז ס'איז דאָ אין דער וועלט אַ מענטש, וואָס געדענקט דיך און אינטערעסירט זיך מיט דײַן לעבן. כ'האָב שוין, דאַנקען גאָט, געפונען זיך אַן אַרבעט, עמעס, ניט דאָס, וואָס כ'האָב גע-וואָלט, נאָר פאָרט עפּעס אַן אַרבעט, אַבי ס'זאָל זײַן שאָלעם — שאָלעם דאָ און שאָלעם אויף דער גאַנצער וועלט."

— יאָ, אַליק ווײַנשטאָק... — האָט אַ זיפץ געטאָן לידיע, — ווער וואָלט דעמלט, מיט אַ יאָר צען צוריק, געקאָנט אפילו אַ טראַכט טאָן, אַז גראָד ער וועט אינגיכן אַרויספאָרן קיין ישׂראל?!.. אַז גראָד מיט אים וועט געשען אַזאַ טראַגעדיע?!..

„...איך באַגריס אײַך מיטן נײַעם יאָר!..

דאָ איז עס ניט קיין יאָמטעוודיקע דאַטע, און אַפּיציעל מערקט מען זי ניט אָפּ. און דאָך האָט זיך בײַ ליאָווען (כ'האָב דיר אַמאָל, געדענקט זיך, געשריבן וועגן אים) צונויפגענומען אַ פריילעכע קאָמפּאַניע...

קיין עמעסע יאָלקע איז בײַ אונדז אוואַדע ניט געווען, ס'האָט זי פאַרביטן אַ סינטעטי-שע, און בײַכלאַל האָט אַלץ אויסגעזען אַ ביסל מאָדנע, „סינטעטיש", אויב מע קאָן אַזוי זאָגן.

כ'האָב זיך דערמאָנט אין אַן אַנדער נײַ-יאָר, וואָס מיר האָבן אײַנגעבאַגעגנט אין מאָסקווע, אין דער צוזאַמענוווינונג, אין אונדזער 32-טן צימער. דו געדענקסט: אין דרויסן שטייט אַן עמעסער פראָסט, וואָס צופּט די באַקן, די פענצטער זײַנען פאַרפרוירן, אונדז איז אָבער וואַרעם, וואַרעם פונעם אויסגעטרונקענעם ביסל ווײַן, פון יענע לידער, וואָס מיר

2*

האָבן אַלע איינעם געזונגען און וועלכע זײַנען אונדז שטענדיק נאָענט און טײַער, זײַנען אונדז אײַנגעבאַקן אין הארצן..."

פימע האָט פאַרמאַכט דעם פאָטאָ־אַלבאָם, צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער, א ווײַלע געשטאַנען אַזוי, אײַנקוקנדיק זיך אין דער נאַכט, און ווי אין דער נאַכט געזאָגט: „יאָ, יעדער קלײַבט זיך אַליין אויס זײַן לעבנסוועג, און ווען דער מענטש פאַרבײַט זײַן עמעסדיק סטעזש־קעלע, וואַקסט זײַן נעשאָמע אַרום מיט ווילדגראָז..."

האַלבנאַכט. אין דער קורצער רעגע צווישן הײַנט און מאָרגן קאָן די צײַט איבערכאַפּן דעם אָטעם, אײדער זי וועט זיך לאָזן אָפּציילן ווײַטער די יאָרן פון דער וועלט", — האָט רימאַן געשריבן.

# דרײַ אין איין צימער, ניט אַרײַנגערעכנט דעם פידל

„יוגנט, יוגנט!
ווי א שפּילנדיקע וועל,
ווי א טרער פון פולער פרייד..."

אָשער שווארצמאַן

## 1

אַלע פינף יאָר פון מײַן לערנען זיך אין דער קאָנסערוואַטאָריע האָב איך געוווינט אין דער צוזאַמענוווינונג פאַר בויער. ווי קום איך, א מוזיקאַנט, צו די בויער? זייער פּאָשעט: די בויער, פונקט ווי אַנדערע אַרבעטער, האָבן זייער קלוב און זייער קינסטלערישע זעלבסטטעטיקײַט. אינעם קלוב „בויער" איז נאָך דערצו פאַראַן א פאָלקלאָר־אַנסאַמבל פון מאָלדאַווישער מוזיק און טאַנץ — „וועסעלנע" („פריילעכס"). מיט די טענצער זײַנען קיין גרויסע שוועריקײַטן ניט געווען — אַפילע א בער לערנט מען אויס טאַנצן. מיט די מוזיקאַנטן אָבער האָט די זאַך געהאַלטן שוואַך. גיכער, ניט אַזוי מיט זיי, ווי אָן זיי. נאָר אויך די דאָזיקע פראַגע האָט מען געלייזט. דער אָרקעסטער אונדזערער האָט טאַקע געטראָגן דעם טיטל פון א זעלבסטעטיקן פאָלקס־אָרקעסטער, אָבער געשפּילט האָבן דאָרט פּראָפעסיאָנעלע מוזיקאַנטן. מע דאַרף זאָגן, אַז קיינער האָט דערפון גאָרנישט ניט פאַרלוירן, ניט די זעלבסטעטיקײַט ביכלאַל און ניט די אָנטיילנעמער פונעם אָרקעסטער ביפראַט. פאַר מיר, אַשטייגער, איז די אַרבעט געווען אי א גוטע פּראַקטיק פון שפּילן אין אַן אָרקעסטער, אי א געלעגנהײַט זיך נעענטער באַקענען מיט דער מאָלדאַווישער פאָלקס־מוזיק, אי, אַלס האָנאָראַר, באַקומען אַן אָרט אין דער צוזאַמענוווינונג.

דער צימער אין דער צוזאַמענוווינונג האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק אין סאַמע עק פון א לאַנגן שמאָלן קאָרידאָר. א צימער ווי א צימער: איין פענצטער, א טיש, אַן עטאַזשערקע פאַר ביכער, א שאַפע, צוויי בענקלעך, צוויי טומבאָטשקעס און אוואַדע, לויט אַלע כעזשבוינעס, וואָלטן געדאַרפט אין אַזא צימער שטיין צוויי בעטלעך. געשטאַנען אָבער זײַנען דאָרט דרײַ בעטלעך — צוויי בא דער וואַנט, איין געלעגער אַנטקעגן דעם אַנדערן, און דאָס דריטע בעטל — ניט ווײַט פון דער טיר. יעדע זאַך אין צימער האָט געהאַט איר אינווענטאַר־

נומער. העמינגווייס פּאָטאָ-בילד, וואָס איז געהאַנגען אַקוראַט איבערן טיש, האָט זיך גערעכנט אונטערן נומער 126. דער באַרימטער מעכאַבער פון „פיעסטאַ" האָט קעסיידער געקוקט אַף אונדז מיט זײַנע קלוגע שמייכלענדיקע אויגן, אַרײַנגעבראַכט אין אונדזער טאָגטעגלעכקײַט עפּעס פון יענעם „יאַמטעוו, וואָס איז שטענדיק מיט דיר".

„אויב אין אַ צימער שטייען דרײַ בעטלעך, — האָט זיך אַפּטמאָל געהערט אַף אַלע פיר שטאָקן דעם קאָמענדאַנטס באַס, — דאַרפן אַף די דרײַ בעטלעך שלאָפן ניט מער ווי דרײַ מענטשן!" קעדיי די ווערטער זײַנע זאָלן בײַ קיינעם ניט אַרויסרופן קיין צווייפל, פלעגט דער קאָמענדאַנט, קיריל פילימאָנאָוויטש, אַ געוועזענער מיליטערמאַן, צוגעבן צום סאָף: „געדענקט זשע, כעוורע, קיין שום טשע-פּע (טשרעזוויטשײַנאַיע פּראָיסשעסטוויע — אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונג)!". ווען כ'בין געקומען זיך באַזעצן אין דער צוזאַמענוווינונג — אין איין האַנט האָב איך געהאַלטן דעם פּוטליאַר מיטן פידל, אין דער אַנדערער האַנט — אַ קליין טשעמאָדאַנדל מיט מײַנע בעבעכעס, — האָט מיך קיריל פילימאָנאָוויטש באַטראַכט אַ ווײַלע פון קאָפּ ביז די פיס, פאַרהאַלטן דעם בליק אַפן פּוטליאַר און אַ פרעג געטאָן מיט עפּעס אַ באַזונדערער וואַרעמקײַט אין קאָל:

— ביסט אַן אַרטיסט?..

נאָך אַזאַ פראַגע האָב איך דערפילט, אַז עס הייבן מיר אָן אויסוואַקסן פליגל.

— יאָ. אַן אַרטיסט... — האָב איך זיך ניט פאַרהאַלטן מיטן ענטפער, — אַ פידלער.

— אין דער אַרמיי, — געדענקט זיך, האָט בײַ מיר אויך געדינט אַזאַ אַרטיסט, ווי דו, — דער קאָמענדאַנט האָט אויפגעהויבן די לינקע האַנט, גלײַך ער וואָלט געהאַלטן אַ פידל, און מיט דער רעכטער האַנט, ווי מיט אַ סמיטשעק, גיך אַ פיר געטאָן אינדערלופטן. — האָב איך פון דעם אַרטיסט איינס-צוויי געמאַכט אַ מענטש. ער האָט בײַ מיר געשפּילט מיט דער שוואַברע, געוואַשן די פּאָדלאָגע, אַז אַ רויך איז אַזש געגאַנגען...

פון מײַנע פליגל איז מיטאַמאָל קיין פעדערל ניט פאַרבליבן.

קיריל פילימאָנאָוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט זײַן האַנט אַף מײַן אַקסל. געזאָגט ווײַטער מיט אַ שמייכל:

— כ'זע, כ'האָב דיך אַ ביסל איבערגעשראָקן. זײַ זשע רויִק, בײַ אונדז וועט דיר זײַן גוט.

נאָך אָט דער „אינטראָדוקציע" האָט ער זיך מיט מיר אויפגעהויבן אַפן צווייטן שטאָק און אַרײַנגעפירט מיך אין מײַן נײַער וווינונג.

— בײַ דער מאַמען אינדערהיים איז אַוואַדע בעסער, — האָט זיך אָנגערופן דער קאָמענדאַנט, — וויאַזוי האָט אָבער סוּוואָראָוו געזאָגט: שווער אינעם לערנען, גרינג איז אין דער שלאַכט!

באַם אַוועקגיין האָט קיריל פילימאָנאָוויטש גענומען בײַ מיר דאָס וואָרט, אַז בײַ אַ געלעגנהײַט וועל איך אים שפּילן אָגינסקיס „פּאָלאָנעז".

— כ'בין ניט קיין גרויסער מיוון אַף סימפאָניעס, — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט, — נאָר דאָס דאָזיקע שטיקל גיט מיך אַ נעם באַם סאַמע לעבער. באַזונדערס, ווען דעם פּאָלאָנעז שפּילט אַ בלאָז-אָרקעסטער...

זאָגן דעם עמעס, האָט מיר ביז איצט ניט זייער געגליקט מיט אַ וווינונג. פאַר די פיר יאָר, וואָס כ'האָב זיך געלערנט אינעם מוזיק-טעכניקום, האָב איך שוין געביטן עטלעכע דירעס. און בײַטן האָב איך די דירעס געמוזט טאַקע איבער מײַן פידל. ריכטיקער, ניט אַזוי איבערן פידל ווי איבער מײַן שפּילן אַפן פידל. און טאַקע אַפּאַנעמעסן, מע דאַרף זײַן פון שטאָל און אײַזן, קעדיי אויסצוהאַלטן פון מײַן סקריפּעניש. דאָס לעצטע מאָל האָב איך געדונגען אַ ווינקל בײַ איינער אַן אַלטיטשקער, בעפּיירעש זייער אַן אינטעליגענטנער פרוי מיט שטענדיק אָנגעפאַרבטע ליפּעלעך. קירע סאַמוילאָוונע האָט זי געהייסן. איז אָט, בײַס קירע סאַמוילאָוונע האָט מיך דאָס ערשטע מאָל דערזען, האָט זי באַלד געזאָגט, אַז מוזיק האָט זי זייער ליב. גראַדע דער זאַג אירער האָט מיר אויסגעזען פאַרדעכטיק, ווײַל אַלע מײַנע פריערדיקע באַלעבאָסטעס האָבן מיך באַגעגנט פּונקט מיט די זעלבע ווערטער. נאָך מער: ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, איז קירע סאַמוילאָוונעס ערשטער מאַן אויך געווען אַ פידלער. עמעס, צוזאַמען האָבן זיי געוווינט ניט מער ווי אַ יאָר צײַט („ער האָט געהאַט אַ שווערן כאַראַקטער, נאָר געשפּילט האָט ער זייער גוט"). מיטן צווייטן מאַן האָט זי געלעבט גאַנצע פיר יאָר („בעפּיירעש זייער אַ ווילער מענטש, אַ דאָקטער, נאָר די מאַמאַטשקע זײַנע!.." נאָכן וואָרט „מאַמאַטשקע" האָט זיך איר דאָס פּנים אַזוי פאַרקרימט, גלײַך ווי זי וואָלט צעקײַט אַ ביטערע פּיל).

ביכלאַל האָט קירע סאַמוילאָוונע ליב געהאַט צו דערציילן וועגן איר שווערן לעבן, ביפראַט וועגן אירע מענער (דער לעצטער איז געשטאָרבן פאַראַיאָרן פון אַן אינפאַרקט).

לויט אירע ווערטער זײַנען זיי אַלע געווען גוטע, אינטעליגענטנע מענטשן, כאָטש קיין קינדער האָט זי מיט זיי ניט געהאַט. דערציילן וועגן דעם אַלעמען איז דער באַלעבאָסטע מײַנער שטענדיק אויסגעקומען פּונקט דעמאָלט, ווען כ'האָב זיך גענומען פֿאַרן פֿידל. צי דער פֿידל האָט איר דערמאָנט די יונגע יאָרן, צי מײַן שפּילן האָט אַף איר אַזוי געווירקט, ווי נאָר איך פֿלעג אַ פֿיר טאָן מיטן סמיטשיק איבער די סטרונעס, אַזוי איז זי באַלד געשטאַנען לעבן מיר מיט אַ פֿול מויל מעשׂיות.

וואָס יאָ, אַ דערציילערן איז קירע סאַמוילאָוונע געווען אַ וווּנדערבאַרע. פּאַשעט אַן אַרטיסטקע. אָבער וויפֿל איז דער שיר? כ'דאַרף דאָך עפּעס טאָן אויך. און מײַן סאַרע בערנאַר, מײַן מערי פּיקפֿאָרד האַלט נאָך באַם אָנהייב. אַ שיינע מעשׂה: אויב פֿריִער האָבן אַלע מײַנע באַלעבאָסטעס ניט אויסגעהאַלטן פֿון מיר, באַקומט זיך איצט פּונקט פֿאַרקערט. וואָס טוט מען? ווידער זוכן אַ דירע?

דאָס שטרויעלע, וואָס ראַטעוועט, האָט מיר פּלוצעם אונטערגעוואָרפֿן מײַנער אַ כאַווער, אויך אַ מוזיקאַנט, אַ קלאַרנעטיסט. ער האָט זיך געלערנט אין דער קאָנסערוואַטאָריע אַפֿן דריטן קורס און צוגעאַרבעט אין אַ אַנסאַמבל „וועסעלנע". אויסגעהערט מײַן שיינע מעשׂה, האָט ער זיך צעלאַכט:

— באַלעבאָסטעס, ברודערל, דאַרף מען דערציִען! וויִאַזוי מע שטעלט דעם שטייגער, אַזוי גייט דער זייגער! זאָג, אין אונדזער אַנסאַמבל וואָלסטו ניט געוואָלט שפּילן? ס'קאָן זײַן, אַז מע וועט דיר העלפֿן מיט דער וווינונג. פּאַרט בויער...

איך האָב זיך אַ ביסל פֿאַרלוירן. שפּילן אין אַ זעלבסטטעטיקן אַנסאַמבל? וואָס וועט אַף דעם זאָגן מײַן לערער? צי וועט עס מיר ניט שטערן אין דער קאָנסערוואַטאָריע, ניט ווירקן, כאַלילע, אַף מײַן טעכניק, אַפֿן סטיל און געשמאַק?..

— נאַרישקײַטן! — האָט מיך איבערגעשלאָגן מײַן פֿרײַנט. — די אַרבעט וועט דיר ברענגען נאָר נוץ. סײַ אינעם פּראָפֿעסיִאָנעלן זין, סײַ אין דעם שטייגער. מיט איין וואָרט, פֿאַרלאָז זיך אַף מיר: הײַנט־מאָרגן וועל איך איבערעדן מיט וועמען מע דאַרף.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך זיך געזעגנט מיט מײַן קירע סאַמוילאָוונען. זי האָט מיך אַ טשמאָקע געטאָן, און איך האָב אַוועקגעטראָגן מיט זיך, ווי אַ סווועניר, אַ רויטן פֿלעק אַף דער לינקער באַק — דעם קוש פֿון מײַן מערי פּיקפֿאָרד.

## 2

דאָס, וואָס דער קאָמענדאַנט קיריל פֿילימאָנאָוויטש האָט אַזוי ליב אָגינסקיס „פּאָלאָנעז", האָט מיך אַוודע זייער געפֿרייט. אָבער ניט מיטן קאָמענדאַנט שטייט מיר פּאָר צו וווינען אין איין צימער. פֿאַרשטייט זיך, אַלע אײַנוווינער פֿון דער צוזאַמענוווינונג זײַנען פּאַשעטע כעווריע — אַרבעטער, בויער, וואָס האָרעווען זיך אָן דעם גאַנצן טאָג און אַהיים קומען זיי שוין אַזוי אויסגעמאַטערט און מיד, אַז עס פֿעלט זיי נאָך אויס מײַן פֿידל־קאָנצערט.

צום גליק זײַנען אַלע מײַנע שכיינים, סײַ אינעם צימער, סײַ אַף יענער זײַט וואַנט, געווען אײַנגעהאַלטענע מענטשן מיט אַן אײַזערנעם געדולד און מיט שטאַלענע נערוון. מײַן שאָכן יאָסיע, אַשטייגער, האָט שוין געקענט אַף אויסווייניק דעם גאַנצן רעפּערטואַר מײַנעם. באַזונדערס איז אים געפֿעלן געוואָרן שראַדיקס איבונגען[1]. שאַבעס און זונטיק פֿלעג איך מיט אָט די איבונגען אָנהייבן מײַנע רעפּעטיציִעס. איך פֿלעג עס טאָן טאַקע צוליב יאָסיען, ווײַל די מאָנאָטאָנע מוזיק, וועלכע האָט מיר אַליין גענודיעט באַם האַרצן, האָט געווירקט אַף מײַן פֿרײַנט, ווי די בעסטע וויגליד. באַלד נאָך די ערשטע פּאָר טאַקטן האָט זיך געהערט פֿון זײַן געלעגער אַ דינינקער פֿײַף, יאָסיע שלאָפֿט שוין. איצט האָב איך שוין געקאָנט איבערגיין צו אַנדערע זאַכן פֿון מײַן פּראָגראַם — יאָסיען האָט עס שוין ווינציק־וואָס געשטערט.

נאָך מער: ווי נאָר כ'פֿלעג זיך אַף אַ ווײַלע אָפּשטעלן — מ'איז דאָך ניט קיין מאַשין, — האָט זיך מײַן צוהערער באַלד אויפֿגעכאַפּט פֿונעם שלאָף אויף, קוקנדיק אַף מיר מיט צוויי רויטע איבערגעשראָקענע אויגן, האָט ער זיך אָנגעפֿרעגט: „וואָס איז געשען, וואָס?". איך האָב אים שוין געמוזט באַרויִקן, אַז גאָרנישט איז, דאַנקען גאָט, ניט געשען, באַלד וועל איך שפּילן ווײַטער...

---

[1] ה. שראַדיק (1846 — 1918) — אַ דײַטשיש־אַמעריקאַנער פֿידלער און פּעדאַגאָג. אַוטאָר פֿון דעם לערנבוך „שול פֿון פֿידל־טעכניק".

יאָסיע איז געווען אַף דרײַ יאָר עלטער פון מיר. געאַרבעט האָט ער דעמלט אַף דער בויונג אַלס מײַסטער און געלערנט זיך הינטער־אויגיק אינעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. קיין קעשענעוו איז ער געקומען פונעם שטעטל סטאַראָזשינעץ, ניט ווײַט פון טשערנאָוויץ, און אַזוי ווי דער וועג פון קעשענעוו צו זײַן שטעטל ליגט דורך בעלץ, האָט ער מיך געהאַלטן פאַר א שטיקל בען־איר. מיר זײַנען גיך געוואָרן כאַווײרים, און פאַר די פינף יאָר וווינען אין איין צימער געטיילט צווישן זיך גלײַך אַף גלײַך, ווי מע זאָגט, אַלע אונדזערע פריידן און ליידן. כאָטש וואָס פאַר א ליידן האָבן בא אונדז דעמלט געקאָנט זײַן? סײַדן, ליבע־שמערצן... וועגן זיי אָבער — א ביסל שפּעטער.

נאָך דער אַרבעט, אומקערנדיק זיך אַהיים, גייט יאָסיע פון דער טיר גלײַך צו צו זײַן געלעגער. ער טוט זיך אַפילע ניט אויס. בלויז די שיך באַוויײַזט ער אַראָפּצושלעפּן פון די פיס, און די פּאָר גרויסע אומגעלומפּערטע שיך זײַנע, מער ענלעכע אַף קאַלאָשן, בלײַבן שטיין אינמיטן צימער, ניט אַהין און ניט אַהער. דעם גאַנצן טאָג איז זיי, נעבעך, אויסגעקו־מען שטופּן די נעז סײַ אין ליים, סײַ אין זאַמד, סײַ אין שיטערן צעמענט, סײַ אין סמאָלע און וווּהין נאָר איר ווילט. עס איז אַף די פּאָר שיך א ראַכמאָנעס צו קוקן. יאָסיע אַליין זיצט שוין אַפן בעטל אַן אײַנגעהויקערטער און רייכערט א ציגאַר. א פּאָר רעגעס שווײַגט ער. איך זיץ אַף מײַן בעטל אַנטקעגן אים און שווײַג אויך. ווי א מוזיקער, פיל איך, אַז איצט איז בעסער אויסהאַלטן די פּאַוזע א ביסל לענגער.

— שוין!.. — רופט יאָסיע זיך ענדלעך אָן.

— וואָס הייסט דײַן „שוין“? — פרעג איך בא אים.

— שוין! גענוג! מאָרגן דערלאַנג איך אים א מעלדונג, און זײַט מיר געזונט!

— עפּעס איז געשען, יאָסיע?

— ס׳איז שוין איבער דער מאָס! גענוג!

יאָסיע איז אַזוי אופגעבראַכט, אַז ער טרייסלט אָפּ דאָס אַש פונעם ציגאַר גלײַך אַף דער קאָלדרע.

— ניין, הער נאָר! יעדעס מאָל קומט אָן אַנדערער מיט א פּאַפּירל פון מײַן פּראָראַב: דעם גיב אָן עמער ווײַסע פאַרב, יענעם גיב א זעקל צעמענט, נאָך עמעצן — נאָך עפּעס... ס׳איז שוין געוואָרן א סיסטעם!

— כ׳מיין, יאָסיע, אַז דו דאַרפסט זיך ניט אַזוי ערגערן. אויב דער פּראָראַב הייסט דיר...

— דער פּראָראַב! — וואַרט יאָסיע נאָך מער אין קאַס. — וואָס זשע, ז׳איז עפּעס זײַן טאַטנס געשעפט? כ׳בין אוודאי ניט קיין קינד און פאַרשטיי, וואָס ער טוט. ווען נאַרן מיר אָפּ?.. אָדער נעם, אַשטייגער, אַזאַ זאַך, — זעצט יאָסיע פאָר. — הײַנט אינדערפרי הייסט ער מיר אַראָפּנעמען די בריגאַדע מאַליערס פון דעם הויז, וואָס איך דאַרף אין א פּאָר טעג אַרום פאַרענדיקן, און זיי אָפּשיקן צו איינעם א נאַטשאַלניק אַהיים. מע דאַרף אים, זאָגט ער, א ביסל באַנײַען די דירע. ווי געפעלט עס דיר? און פון וואָס פאַר א סמעטע וועל איך דערנאָך באַצאָלן די מאַליערס? מוז איך, הייסט עס, ווידער פעלשן. די אַרבעטער זײַנען דאָך ניט שולדיק!

— וואָס זשע האָסטו געטאָן? האָסט זיי געשיקט?

ער האָט זיך צעלאַכט:

— געשיקט, נאָר ניט די בריגאַדע מאַליערס, דעם פּראָראַב האָב איך אָפּגעשיקט, ווייסט דאָך וווּהין...

פון יאָסיעס קאַס איז, דאַכט זיך, קיין סימען ניט פאַרבליבן. ער האָט זיך אויסגערעדט פאַר מיר דאָס האַרץ, און ס׳איז אים גרינג געוואָרן אַף דער נעשאָמע. פאַרשטייט זיך, קיין שום מעלדונג וועט ער מאָרגן ניט אָנשרײַבן, און פון דער אַרבעט וועט ער ניט אַוועקגיין. מאָרגן וועט ער ווידער זיך קריגן מיט זײַן פּראָראַב. ווער ווייסט, עפּשער וועט ער נאָך נעמען אַמאָל איבערן פּראָראַב די אויבערהאַנט...

## 3

שאַבעס און זונטיק האָט אונדזער צוזאַמענוווינונג געלעבט מיט א באַזונדער לעבן. שאַבעס שלאָפן קימאַט אַלע ביז האַלבטאָג. מע שלאָפט זיך אויס פאַר דער גאַנצער וואָך. שאַבעס איז יעדערער פאַרטאָן אינעם וואַשן. מע וואַשט די העמדלעך, די שקאַרפּעטקעס, די נאָזטיכלעך און וואָס דען ניט? און פאַרנאַכט צעלויפן זיך אַלע — ווער וווּהין. קיריל

פילימאָנאָוויטש שטייט אונטן באַם טישל, ווי אַף דער וואַך. יעדערן, ווער עס גייט אַוועק, אָדער ברענגט צו פירן צוגאַסט אַ מיידל, פאַרגעסט ער ניט דערמאָנען: „געדענקט, כעוורע, אָן טשע-פּע!".

אַף מאָרגן איז דאָס לעבן פול מיט זונטיקדיקע ראַדיאָ-טראַנסליאַציעס. די צוזאַמענוווינונג ווערט מאַמעש אָנגעשפּיגעוועט מיט אַ מישמאַש פון פּאָפּולערע עסטראַדע-לידער. אַף אַלע פיר שטאָקן העלפט מען אונטער דעם זינגער:

...В каждой строчке только точки после буквы «л»...

(...אין יעדער שורע שטייען דרײַ פּינטעלעך נאָך דעם אָס „לאַמעד"...)

דאָס געגאַרטע וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן סײַ אַף רוסיש, סײַ אַף ייִדיש מיט איין און דעם זעלבן אָס, האָט, אַפּאָנעם, קיינעם אין אונדזער באָכערישער צוזאַמענוווינונג ניט געלאָזט צורו. אַבער וועגן דעם אַ ביסעלע שפּעטער...

דאָס דריטע געלעגער אין אונדזער צימער האָט פאַרנומען... יאָ, מיטן דריטן געלעגער האָט זיך געטאָן עפּעס ניט-פאַרשטענדלעכס. ניין, דאָס בעטל אַליין איז גראַדע געווען אַ נאָרמאַל בעטל. ניט קיין שמאָלס און ניט קיין ברייטס, ניט קיין האַרטס און ניט קיין ווייכס, עס האָט אַפילע ניט געסקריפּעט, אויב מ'איז אַפן בעטל, פאַרשטייט זיך, ניט געשלאָפן. און דאָך, ניט געקוקט אַף די אַלע מײַלעס, האָט זיך אַפן דריטן געלעגער קיינער לאַנג ניט פאַרהאַלטן. ריכטיקער, זיך לאַנג ניט פאַרליגן. יאָסיע האָט עס אַפילע אָנגערופן „דאָס טראַנזיט-בעטל". ווער עס איז אַף דעם אָרט ניט געווען געשלאָפן, האָט אײַגיכן כאַסענע געהאַט. ווי אומיסטן! איך מיט יאָסיען האָבן זיך שוין אַפילע ניט געכידעשט, בייס אָן אָרדנטלעכער באַלעבאָס פון אָט דעם געלעגער פלעגט אונדז פלוצעם מיטיילן זײַן גליקלעכע בסורע. פאַר אונדז איז דער „פלוצעם" ניט געווען קיין „פלוצעם", און זײַן גליקלעכע בסורע האָט אונדז ווייניק-וואָס איבערגעראַשט. מיר האָבן דאָס פאָרויסגעזען נאָך דעמאָלט, ווען דער „פרישער" כאָסן האָט דאָס ערשטע מאָל איבערגעטראָטן די שוועל פון אונדזער צימער און פאַרנומען דאָס מאַזלדיקע בעטל. עמעס, צוויי אויסנאַמען פונעם קלאַל זײַנען פונדעסטוועגן געווען. איך האָב זיי גוט פאַרגעדענקט.

אַ שטיקל צײַט האָט אין אונדזער צימער געוווינט אַ לאַנגער מאָגערער באָכער מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר און מיט געלע הוסאַרישע וואָנצעס. איך מיט יאָסיען האָבן אים גערופן „דער זשורנאַליסט", כאָטש צו זשורנאַליסטיק האָט ער זיך אָנגעקערט, ווי צו דעם פערדס בײַטשס שטעקעלע. געאַרבעט האָט אונדזער שאָכן אינעם קלוב „בויער", אָנגעפירט מיט אַ דראַמאַטיש קרײַזל. די ערשטע פּאָר טעג נאָכן באַקומען דאָס געהאַלט אַף דער אַרבעט פלעגט ער פירן אַ העפקער-לעבן. אין אָט די טעג האָט ער געהאַט אַ וועלט מיט פרײַנט. געלט איז דאָך קײַלעכדיק, און ווי נאָר עס פלעגט זיך פאַרקײַקלען, זײַנען אַלע גוטע-פרײַנט ווי אין וואַסער אַרײַן. אַ הוסאַר בלײַבט אָבער אַ הוסאַר! אַפן לעצטן רובל פלעגט אונדזער שאָכן צופאָרן אַף אַ טאַקסי צו אַ רעסטאָראַן און באַשטעלן דאָרט אַ קאַווע, פאַרנאַכט איז ער שוין „אונטערגעפאָרן" צו יאָסיען מיט אַ באַקאָשע אַנטלײַען אים דרײַ רובל.

— הײַנט-מאָרגן דאַרף מיר אָנקומען אַ האָנאָראַר, וועל איך דיר דאָס דרײַערל באַלד אומקערן.

אָט טאַקע דאָ הייבט זיך אָן אונדזער „זשורנאַליסט". קימאַט יעדן אָפּדערנאַכט זיצט מײַן שאָכן ביז שפּעט באַנאַכט און שרײַבט קאָרעספּאָנדענציעס. דער גאַנצער טיש איז פאַרוואַלגערט מיט צײַטונגען. דער „זשורנאַליסט" אַרבעט: ער כאַפּט פון איין צײַטונג אַרויס אַ פאַרצייכענונג, מאַכט זי אַ ביסל איבער און שיקט אַרײַן די איבערגעמאַכטע פאַרצייכענונג אין אַן אַנדער צײַטונג. ס'איז פּאָשעט אַ כידעש! אַזאַ געשעפטל איז אַפילע מענאַכעם-מענדלען ניט געקומען אין קאָפּ אַרײַן. מע דאַרף אין ערגעץ ניט לויפן, זיץ זיך באַם טיש און וואַרט אַפן האָנאָראַר. פון אַ פּאָר צענדליק איבערגעניצעוועטע פאַרצייכענונגען וועט זיך עפשער עפּעס אײַנגעבן אָפּצודרוקן.

— ס'איז באַ אונדז אין לאַנד פאַראַן, דאַנקען גאָט, אַ וועלט מיט צײַטונגען, — זאָגט צו מיר דער „זשורנאַליסט". ער זיצט אינמיטן צימער אַף אַ שטול, אָנגעטאָן אין אַ מאַטראָסן-אונטערהעמדל און דרייט אַ וואָנצע. — אָט איז אַ צײַטונג פאַר לערער און אָט — אַ צײַטונג פאַר בויער, פאַראַן פאַר אײַזנבאַנער, פאַר עקאָנאָמיסטן, סטאַטיסטן, אַרטיסטן — ביטע! כ'רעד שוין ניט, אַז קימאַט אין יעדער גרויסער שטאָט איז דאָ אַן אָוונט-צײַטונג...

— יאָ, אַלץ איז גוט. ס'איז אָבער ניט ערלעך...

— אײַ, לאָז אָפּ! ערלער איז שווערלעך! אָסטאַפּ בענדער האָט געהאַט פיר הונדערט מיטלען אַף צו פאַרדינען געלט, איך האָב בלויז אָן איין־און־איינציקס.

מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער שאַכנס זשורנאַליסטישע טעטיקייַט, ווייס איך ניט. פונעם קלוב האָט מען אים געוויזן דעם וועג. דעריבער איז ער געווען געצוווּנגען אוועקגיין פון דער צוזאַמענוווינונג.

און דאָס לעבן איז געגאַנגען ווײַטער. איינמאָל קערן מיר זיך אום מיט יאַסיען פונעם קינאָ־טעאַטער (אין קינאָ פלעגן מיר זיך אָפּטלעך אַרײַנכאַפּן אַפן לעצטן סעאַנס) און טרעפן בא זיך אין צימער א נײַעם אײַנוווינער, א דיקלעכן יונגערמאַן פון א יאָר דרײַסיק מיט א ברייט טונקל פּאָנעם. ער איז געלעגן אַפן „טראַנזיט־בעטל” און געגלעט זיך דעם בויך.

— רופט מיך פּאַשעט יאַשע! — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט. — אַליין בין איך אַן אינזשעניער און אַן איבערצײַגטער כאַלאָסטיאַק... באַנאַכט כראָפּע איך. ס׳איז אָבער ניט מעסוקן...

ס׳איז אים געווען טשיקאַווע צו וויסן, ווער מיר זײַנען און וואָס מיר טוען.

— מיינט, כאָלילע, ניט, אַז כ׳בין א צו נײַגעריקער מענטש, — האָט ער זיך פאַרענטפערט, — דרײַ אין איין צימער איז דאָס זעלבע, וואָס דרײַ אין איין שיפל...

— ניט גערעכנט דעם הונט, — האָט צוגעגעבן יאַסיע.

— פאַרוואָס דעם הונט? — האָב איך אויך אַרײַנגעשטעלט א וואָרט. — שוין גיכער, ניט גערעכנט דעם פידל.

מיר האָבן זיך אַלע צעלאַכט.



— שפּילסטו, הייסט עס, אַף אַ פידל? — האָט יאַשע זיך דערפרייט. — כ'האָב גראַדע זייער ליב מוזיק. באַזונדערס אָגינסקיס „פּאָלאָנעז"...
באַנאַכט האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז איך שטיי אינמיטן אַ קרײַז בערן. וווּהין כ'זאָל ניט אַ קוק טאָן, זע איך פאַר זיך נאָר בערן. זיי האָבן זיך צעלייגט אַרום מיר און כראָפּען אַזוי הויך, אַז מײַנע אויערן האַלטן קוים אויס. איך וויל אַנטלויפן, האָב איך מוירע, אַז די בערן וועלן זיך אופכאַפּן. וואָס טוט מען דאָ? אָט-אָט, דאַכט זיך, וועל איך כאַלעשן פון דער שוידערלעכער כראָפּעניש. און מיטאַמאָל פיל איך — אַ רויכל. גלײַך ווי עמעצער וואָלט געשטאַנען הינטער מײַן פּלייצע און גערייכערט. כ'גיב זיך גיך אַ דריי אויס...
די לעוואָנע שײַנט אַרײַן אין אונדזער צימער. יאַסיע זיצט אַף זײַן געלעגער, די באָר-וועסע פיס אַרונטערגענומען אונטער זיך, דער קאָפּ אַרומגעוויקלט מיט אַ האַנטעך; ער זיצט, ווי אַ פאַקיר, און אָנשטאָט אַ פײַפעלע האַלט ער אין מויל אַ ציגאַר. פונעם דריטן בעטל טראָגט זיך איבערן גאַנצן צימער פונקט אַזאַ כראָפּעניש, ווי כ'האָב ערשט געהערט אינעם כאָלעם.
— ווי געפעלט דיר, די מוזיק? — רופט זיך יאַסיע אָן. — איך הער זיך שוין צו איר צו מיסטאַמע אַריבער אַ שאָ.
— וואָס זשע טוט מען? — פרעג איך אים. — עפּשער פּרוּוון אַ פּיַף טאָן? מע זאָגט, סע העלפט אַמאָל.
— כ'האָב שוין געפּיַפט אויך... עס העלפט, ווי אַ טויטן באַנקעס.
— יאָ, דאָס מאָל האָט אונדז אַפּגעגליקט שוין אַף לאַנג...
יאַסיען איז אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק:
— עפּשער נעמסטו דעם פידל און שפּילסט אים אַ פּאָר שראַדיקס איבונגען?
— איצט? אינמיטן דער נאַכט? דו ווילסט, מע זאָל מיך אַרויסשלײַדערן פון דער צו-זאַמענוווינונג?
— כ'בעט דיך... שטילינקערהייט... אַניט וועל איך באַלד אַראָפּ פונעם זינען...
אַז מע מוז, מוז מען! קונסט, זאָגט מען, פאָדערט קאָרבאָנעס. כ'קריך אַראָפּ פונעם געלעגער, נעם אַרויס מײַן פידל פונעם פוטליאַר, זעץ זיך צו אַף יאַשעס געלעגער און הייב אָן שפּילן — שטיל, אַף פּיאַנאָ-פּיאַניסימאָ. אַ נעכטיקער טאָג! איך שפּיל מיר מײַנס, און יאַשע — זײַנס. נאָך העכער, איידער פריִער.
— ווייסטו וואָס, — לייגט יאַסיע ווידער פאָר. — עפּשער וועט העלפן אָגינסקיס „פּאָ-לאָנעז"? ער האָט אים דאָך ליב.
כ'האָב, דאַכט זיך, מער קיינמאָל אין מײַן לעבן ניט אַרײַנגעלייגט אינעם שפּילן אַזויפיל צאַרטקײַט, ליבע, נעשאָמע, ווי אין יענער נאַכט. די לעוואָנע שײַנט, יאַסיע רייכערט, און איך שפּיל... וואָס זשע מיינט איר? דער באַרימטער „פּאָלאָנעז" האָט טאַקע געהאָלפן. אונדזער נײַער שאָכן האָט זיך אין איינעם אַ מאָמענט אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו מיר, און ס'איז מיטאַמאָל געוואָרן שאַ-שטיל. נאָך עטלעכע אַזעלכע סעאַנסן האָט יאַשע זיך אינגאַנצן באַפרײַט פון זײַן געוווינהײַט. אַזוי אַז, אויב עמעצער לײַדט מיט דעם זעלבן ביסאָרן, אייצע איך טאָן מיט אים דאָס, וואָס יאַסיע און איך האָבן געטאָן מיט יאַשען.

## 4

יוגנט אָן ליבע, איז ווי אַ פויגל אָן פליגל. מע לעבט, נאָר מע פליט ניט, מע קוקט אָפּן הימל, עס פאַרכאַפּט אָבער ניט דעם אָטעם פון דער נאָענטקײַט צו די שטערן.
זי האָט געהייסן דאָרע. אַ נאָמען, אין וועלכן עס האָבן זיך צונויפגעגאָסן צוויי מוזיקאַ-לישע קלאַנגען — „דאָ" און „רע". עפּשער דערפאַר האָב איך איר נאָמען ניט אַרויסגערעדט, נאָר אויסגעזונגען „דאָ-אָ-רע-ע", ווי די שענסטע סערענאַדע. אַף די צוויי נאָטן האָט זיך גע-האַלטן די גאַנצע מוזיק. אַף דעם נאָמען האָט זיך געהאַלטן דאָס גאַנצע לעבן מײַנס.
דאָרע האָט געשפּילט פּיאַנע, האָב איך מער פון אַלע אַנדערע אינסטרומענטן ליב באַ-קומען פּיאַנע, ווײַל אַף פּיאַנע האָט געשפּילט מײַן דאָרע. כ'האָב פאַרגעסן אינעם פידל, אין דעם לערנען, אין די פרײַנט. פאַרגעסן וועגן אַלעמען און וועגן אַלץ אין דער וועלט.
דער טאָג פלעגט זיך אָנצינדן פון איר ליכטיק פּאָנעם, און די נאַכט פלעגט אײַנהילן די ערד, פונקט ווי די שוואַרצע לאַנגע האָר דאָרעס האָבן אײַנגעהילט אירע קײַלעכדיקע

אקסלען בײַס זי, דאַרע, האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, פאַרקוקט זיך א פּאָר רעגעס אף א שטערן און שטיל, ווי צו זיך אליין, געשעפּטשעט: „ניין, דאָס איז נאָך ניט מײַן שטערן"... איך בין גרייט געווען שטארבן, קעדיי דערנאָך ווידעראַמאָל געבוירן ווערן שוין אונטער דעם שטערן, וואָס זי וואָלט פאר זיך אויסגעקליבן...

ווי אפּצולאָכעס, האָט זיך ארום מײַן דאַרען אָנגעהויבן דרייען אײַנער א פאַרשוין. ער איז געווען עלטער פון מיר אף א יאָר דרײַ, און גראַדע דאָס — אזוי האָט געהאַלטן יאָסיע, — איז פון די קלײניקײַטן, וואָס נעמען די איבערהאַנט.

— פּאַרשטייסט, — האָט מיר דערקלערט מײַן פרײַנט, — די דרײַ יאָר זײַנען אין דעם פאַל גיכער א מײַלע, איידער א כיסאָרן. דײַן קאָנקורענט איז א זעלבשטענדיקער מענטש, מיט א שטיקל לעבנס-דערפאַרונג. ער אַרבעט שוין, פאַרדינט, ווי מע זאָגט, א לעבעדיקע קאָפּיקע, קאָן אויסהאַלטן א מישפּאָכע... און ווער ביסטו? א סטודענט מיט א סטיפּענדיע...

— וויאַזוי קאָנסטו אזוי רעדן? — האָב איך אים איבערגעשלאָגן. — לויט דיר באַקומט זיך, אז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן איז פאַרדינען געלט...

— ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן. ריכטיקער, ניט נאָר דאָס...

— וואָס זשע נאָך?

— אז א מיידל באַגעגנט זיך אין איין צײַט מיט צוויי כעווריע, הייסט עס, אז זי קוקט ארויס אף א דריטן...

— כ'פאַרשטיי עפּעס ניט דײַן אריפמעטיקע! — האָב איך זיך געמאַכט טאַמעוואַטע. אינדערעמעסן אָבער, האָבן מיך יאָסיעס ווערטער גוט א צופּ געטאָן באַם האַרצן. און ניט דערפאַר, וואָס ער האָט מיר מיט זײַן „אריפמעטיקע" געעפנט די אויגן, נאָר ווײַל כ'בין צו דער „אריפמעטיקע" שוין אליין צוביסלעך געקומען, ניט וועלנדיק זיך אין דעם מודע זײַן. אָפּן ביטערן טאַעס פון זײַנע ווערטער האָב איך אים געענטפערט מיט אן אומזיסט-און-אומ-נישטיקן פּאַטש, זאָל אים אויך ווי טאָן! — וואָס פאַרשטייסטו אין ליבע? אין בעטאָן, אין צעמענט — אין דעם יאָ!..

יאָסיע איז רויט געוואָרן. גענומען דאָס פּעקל סיגאַרעטן פונעם טיש און, ווי געווײנלעך, א שנעל געטאָן מיטן גרויסן פינגער אינעם דנאָ פונעם פּעקל, אָבער דאָס מאָל, אפּאַנעם, שטאַרקער ווי טאָמיד. עטלעכע סיגאַרעטן זײַנען ארויסגעפלויגן פונעם פּעקל און געפאַלן אפן דיל.

— מיילע... — האָט ער ענדלעך א זאָג געטאָן אין א זײַט. — עמעצער דאַרף דאָך אין בעטאָן אויך עפּעס פאַרשטיין...

נאָך דער ווינטערדיקער סעסיע בין איך אוועקגעפאָרן אף די קאַניקולן אהיים. גאַנצע צוויי וואָכן ניט זען דאַרען! ניט הערן איר קאָל! ניין, כ'וועל אויסגיין פאַר בענקשאַפט. דערצו נאָך לאָזט מיך ניט צורו דער אוכאַזשאָר... איך מוז עפּעס טאָן! פאַרשטייט זיך, אף א דועל וועל איך אים ניט ארויסרופן, די צײַט פון דועלן איז אוועק אין דער פאַרגאַנגענהײַט. וועל איך אים „דערהאַרגענען" מיט מײַן טאַלאַנט. מע זאָגט דאָך, אז אן אומגליקלעכע ליבע איז א סטימול צו שעפערישקײַט. יאָ, כ'וועל שאַפן אן אָפּערע. ניין, כ'וועל אין זכוס פון מײַן ליבע שאַפן א סימפאָנישע פּאָעמע. די הויפּט-טעמע פון מײַן פּאָעמע וועל איך אָנהייבן מיט די צוויי קישעפדיקע קלאַנגען — „דאַ" און „רע"... מע זאָגט, אז העגריך וועניאַווסקי האָט מיט זײַן ווערק „לעגענדע" זיך אויך דערשלאָגן אן ענטפער-געפיל בא זײַן געליבטער.

זיך באַוואָרנט מיט א פּאַק פאַרטיטור-פּאַפּיר, האָב איך זיך פאַרשפּאַרט אין די פיר ווענט און אָנגעהויבן שאַפן. אינגיכן האָב איך אָבער פאַרשטאַנען, אז ביז כ'וועל אָנשרײַבן די סימ-פאָנישע פּאָעמע (אויב כ'וועל זי ביכלאַל אמאָל אָנשרײַבן), וועט אוועקגיין מײַן גאַנץ לעבן. ניין, כ'וועל בעסער שאַפן א סאָנאַטע. סאַפּקאַלסאַף, האָט א סאָנאַטע אין דרײַ טיילן אויך א ווערט. האַקיצער, אהין-אהער, פון דער סאָנאַטע אין דרײַ טיילן האָט זיך אויסגעלאָזט א פיאַנע-מיניאַטיור.

פון די קאַניקולן האָב איך זיך אומגעקערט מיט א פּאָר טעג פריער, ווי געווײנלעך. איבערגעלאָזט די זאַכן אין דער צוזאַמענוווינונג, בין איך באַלד אוועק צו דאַרען.

דאַרע האָט זיך בעפייִרעש זייער דערפרייט מיט מיר. מיך ארומגענומען. צעקושט זיך. דערנאָך האָט זי בא מיר עפּעס געפרעגט, און איך האָב איר עפּעס געענטפערט...

— אָט, דאַרע, דאָס איז דיר... — האָב איך סאַפּקאַלסאַף ארויסגעשטאַמלט און דער-לאַנגט איר די צוויי צונויפגעוויקלטע ווײַטלעכע נאָטן-פּאַפּיר מיט מײַן „נאָקטיורן", אזוי האָב איך אָנגערופן מײַן ערשטן אָפּוס.

— נאָטן?.. „נאָקטיורן"?.. דאָס האָסטו אליין?.. צוליב מיר?..

דאָרע האָט זיך באַלד צוגעזעצט צו דער פּיאַנע. אַראָפּגעלאָזט די הענט אויף די קלאַ־ווישן. עס האָבן זיך דערהערט די ערשטע קלאַנגען... דאָ... רע...

אַז זי האָט איינגיכן כאַסענע, האָט מיר דאָרע געזאָגט אין אַ כוידעש אַרום.

— דו קענסט אים ניט. ער איז ניט קיין היגער.

— אויך אַ מוזיקאַנט?

— ניין, אַ פיזיקער. ער לערנט זיך אין מאָסקווע אין דער אַספּיראַנטור. האָט אויך ליב מוזיק...

— באַזונדערס אַגינסקיס „פּאָלאָנעז"?

— וואָס פּלוצעם?

— סטאַם אַזוי — געפרעגט אַ נאַרישקייט...

## 5

יוגנט. די זיס־ביטערלעכע און טערפּקע רעפוע, וואָס איז איינגעשטעלט אויף פאַרוועלקטן גראָז פון דוירעס און אויף קנאָספּן־קליי, אויף אַש און אויף פּייער, און זי היילט דעם אויסגעמאַ־טערטן קערפּער פון דער וועלט... די יוגנט שטעלט האַרבע פראַגעס און זוכט איינגעשפּאַרט אַן ענטפער אויף זיי...

יוגנט־יאָרן. זיי יאָגן דורך, ווי אַ שיפּל אויף די שפּיגלדיקע וועלן. די טרער פון פּולער פרייד פאַרבלייבט אָבער אויפן גאַנצן לעבן. זי לאָזט ניט דאָס האַרץ רוען, פאַרוואַקסן ווערן מיט גלייכגילט.

# דאָס הויז מיט די פענצטער אויף דער טאַלאָקע

טיף אין הויף, אַרומגעצאַמט פון דריי זייטן מיט אַ הויכן שטיינערנעם פּלויט, שטייט אַן אַלט הויז מיט אַ גרינעם בלעכענעם דאַך. דאָס איז אונדזער שול. די אָנפאַנג־שול נומער 11. אַהער גיי איך דאָס פערטע יאָר נאָכאַנאַנד. דערפון פאַרשטייט איר שוין, אַז איך לערן זיך אין פערטן קלאַס.

די שול אַליין געפינט זיך, קאָן מען זאָגן, אין סאַמע עק שטאָט. מיט דער הינטערשטער, דער בלינדער וואַנט האָט זי זיך אויסגעקערעוועט צו דער פּוטער־פאַבריק, צו די גאַסן, גאַס־לער און ליקלער, און מיטן פאַסאַד, מיט די פיר גרויסע ליכטיקע פענצטער פאַרקוקט זי זיך טרוימעריש אויפן ברייטן קילים פון דער טאַלאָקע. איין עק פון דעם פּרעכטיקן קילים שפּאַרט זיך אָן אינעם הויף־טירל, דער אַנדערער קאַטשעט זיך אַוועק ווייט־ווייט צום האָריזאָנט, וווּ עס הייבט זיך אָן אַ נייע וועלט, וואָס גיט אונדז ניט קיין רו אויף די לימודים, רופט צו זיך, צו די סוידעספולע ווייטענישן.

אַמאָל, דערציילט מען, האָט אין דעם הויז, ווו עס געפינט זיך איצט אונדזער שול, געוווינט איינער אַ גוויר, ליפּקיס — אַ גוטער, ווי דער טויט. אַז אַן אָרעמאַן פלעגט צו אים קומען נאָך אַ נעדאָווע, פלעגט ער אים דערלאַנגען אַזש צוויי לעי.

— איי, רעב ליפּקיס, — האָט אים איינמאָל אַ זאַג געטאָן אַ קאַפּצן, — אייער זון גיט מיר שטענדיק פיר לעי, און איר, אַזאַ נאָגיד, אַזאַ אוישער...

— מיין זון, — האָט דער גוויר איבערגעשלאָגן דעם קאַפּצן, — קאָן זיך אַזוינס פאַר־גינען, ווייל ער האָט אַ רייכן טאַטן. אָבער איך... איך בין, נעבעך, אַ קיילעכדיקער יאַסעם.

דאָס אַלץ איז געוועזן אַמאָל. היינט זיינען בא אונדז ניטאָ קיין גווירים און ניטאָ קיין קאַפּצאָנים — אַלע זיינען גלייך.

זיבן טרעפּלעך, ווי זיבן גרויסע שאַרפשטיינער, שוין אויסגעריבענע אינדערמיט פונעם לאַנגן גיין איבער זיי, פירן אַרויף צו דער הויכער שווערער טיר, אָן אָפּגעפאַרבטע אין אַ טונקל־רויטער פאַרב. יעדעס יאָר פאַרבט מען די אַריינגאַנג־טיר אויף אַפסניי. ווערט זי דער־

פון נאָך גרעבער און נאָך שווערער. אויב אָפּשאָבן פון דער טיר די פאַרב א שיכט נאָך א שיכט, קאָן מען פינקטלעך אויסרעכענען, וויפל דורעס שילער האָבן דאָס ערשטע מאָל איבערגעטראָטן די שוועל פון אונדזער שול. טאָמער מיינט איר, אז איבערטרעטן די שוועל פון אונדזער שול איז אזוי פּאָשעט, האָט איר א גרויסן טאָעס.

אפן שמאָלן שטיינערנעם גאנעק, גלײַך אף דער שוועל פון דער ארײַנגאנג-טיר, שטייט אף דער וואך די מומע גאליע — די גלאָוונע אופּראַמערן צווישן אלע אונדזערע שול-אופּראַמערנס. איידער מע טרעפט אין שול ארײַן, מוז יעדער פאַרבייגן די פיס פאַר דער מומע גאליען, ווי א פערד פאַרן קאָוואַל, און ווײַזן די זוילן פון די שיך. בא דער ארײַנגאנג-טיר שטעלט זיך שטענדיק אויס א גאנצע ריי שילער: מע שטופּט זיך, מע שטורכעט זיך, מע קריכט איינער פאַרן אנדערן, מע פאַרײַסט די פיסלעך און מע וואַרט אף דער מומע גאליעס „גוט", אָדער „שלעכט". אויב „גוט" — גיי ווײַטער, אויב „שלעכט" — קער זיך, ביטע, אום צו דער מולטער מיט וואסער — זי שטייט אונטן בא די טרעפּ, — און וואַש „אף גוט" אָפּ די שיך דײַנע, זיי זאָלן בלישטשען, ווי נײַינקע. יענע כאָכעמלעך, וואָס פּרוּוון איבערכיטרעווען די מומע גאליע, וואַרטן אויס א מאָמענט, קעדיי דורכגיין אין דער טיר, פאַרזוכן באַלד אפן רוקן דעם בעזעם, וועלכן די אופּראַמערן לאָזט ניט ארויס פון די הענט, ווי א סאָלדאַט זײַן ביקס.

אין שול איז די מומע גאליע ניט נאָר די גלאָוונע אופּראַמערן, זי איז אויך אונדזער הויפּט-זייגער. דאָס הייסט, אז אין איין האַנט האַלט זי טאַקע דעם בעזעם, און אין דער אַנדערער — דאָס מעשענע גלעקל — ניט קיין גרויס און ניט קיין קליינס — אקוראַט אזעלכס, אז די מומע גאליע זאָל קאָנען אינעם גלעקל ארײַנשטופּן אלע פינף פינגער און אינווייניק פאַרקוועטשן דאָס ציגל. נאָר דעמלט, ווען עס קומט די צײַט צו קלינגען, כאַפּט זי זיך אָן פאַרן הילצערנעם הענטל און אין יעדן ווינקעלע פון דער שול און פונעם הויף הערט זיך דאָס גינגאָלדענע קעלכל פון אונדזער גלעקל: דילי-דילי-דילי.

יאָ, דאָס שול-גלעקל איז אונדזער פרייד און אונדזער לייד. פון אָט דעם פּאָשעטן לידעלע הייבט זיך אין שול אלץ אָן און אלץ פאַרענדיקט זיך. אף די לימודים וואַרטן מיר דעם „דילי-דילי", ווי א נעס. ביפראַט בעשאַסן ענטפערן. דו שטייסט באם טאָוול, הינטער דעם לערערס פּלייצע, דרייסט אין דער האַנט דאָס שטיקל קרײַד און, וואַרפנדיק יעדעס מאָל ראַכמאָנעסדיקע, בעטלערישע בליקן, הערסטו זיך זשעדנע אײַן אין דער שעפּטשערײַ, וואָס טראָגט זיך פון אלע זײַטן, און דו עסט מיט די אויגן די קאָלערליי סימאָנים, וואָס מע ווײַזט דיר מיט די הענט, מיט די פינגער, מיטן גאנצן פּאָנעם... אייסעך! אז מע ווייסט ניט, העלפן די אלע אונטערזאָגעכצן פונקט ווי גאָרניט. אָט דאָ קאָן עפּשער העלפן נאָר א נעס, א נעס, וואָס קלינגט מיטן גינגאָלדענעם קעלכל פון אונדזער שול-גלעקל. גיי אָבער פאַרלאָז זיך אף ניסים.

אף די האַפּסאָקעס געשעט אלץ פונקט פאַרקערט. גראָד אין סאַמע ברען פון דער שפּיל קומט דער מומע גאליען אויס צו קלינגען אין איר גלעקל. אליין שטייט זי אפן אייבערשטן טרעפּל, די פיס אין די הויכע באָטן צעשטעלט אין די זײַטן, די רעכטע האַנט מיטן גלעקל אופגעהויבן איבערן קאָפּ. א ברייטע מעגושעמדיקע פרוי, איז זי איצט מער ענלעך אף א באָצמאַן אין א קליידל, נאָר אָן וואָנצעס. אין דער מינוט איז אפילע דאָס קעלכל באם גלעקל אַן אנדערס — א שרײַענדיקס, א דורכדרינגלעכס, — עס ווילט זיך ארויסרײַסן פונעם גלעקל דאָס ציגל! מיר מוזן לויפן אין קלאַס, ווי פריילעך די שפּיל זאָל ניט זײַן, ווײַל אונדזער לערער, סאַטאַר פּיאַדאָראָוויטש, הערט זיך צו צום גלעקל אפן לימעד, פונקט ווי מיר הערן זיך צו צום גלעקל פונעם לימעד.

מיר רופן אים פּאָשעט — סאַטאַר. אזוי איז קירצער און גרינגער אויסצושרײַען: „סאַטאַר גייט!". נאָך די צוויי ווערטער, וואָס קלינגען ווי אַן אליאַרם-סיגנאַל, ווערט באַלד אין קלאַס שאַ-שטיל. גלײַך ווי מע וואָלט ערשט-אָ ניט געטראָגן זיך צווישן די פּאַרטעס, ניט געדרייט זיך אף די הענט, ניט געשטאַנען אף די קעפּ... און פונעם קאָרידאָר הערן זיך שוין דעם לערערס שווערע טריט...

סאַטאַר פּיאַדאָראָוויטש האָט עפּעס אַן אויסטערלישן גאַנג. ער גייט פּאַמעלעך, אפילע ווען ער אײַלט זיך, ווײַל מיט זײַנע לאַנגע פיס (יעדער שפּאַן דרײַ מעטער, ניט ווייניקער!) דאַרף ער ניט לויפן. קוקנדיק אף זײַן גיין, דאַכט זיך, אז דער קערפּער זײַנער איינעם מיטן קאָפּ האַלטן אין איין דעריאָגן זײַנע פיס. דער גרויסער געלער פּאָרטפעל פליט מיט יעדן שפּאַן אונטער הין-און-הער, ווי א הוידלקע, און ווען סאַטאַר פּיאַדאָראָוויטש האַלט

אים ניט צו פאַרן הענטל, וואָלט דער פּאָרטפעל אינײנעם מיט אונדזערע העפטן און מיטן קלאַס-זשורנאַל אַוועקגעפלויגן אין הימל אַרײַן.

די העפטן ווי די העפטן, אָבער דער קלאַס-זשורנאַל!.. כ'מיין, אַז קיינער פון אונדזער פּערטן „א" וואָלט ניט פאַרגאָסן קיין טרערן, ווען באַם קלאַס-זשורנאַל זאָלן פּלוצעם אויס-וואַקסן א פּאָר פליגעלעך.

...און פונעם קאָרידאָר, אַלץ נעענטער און נעענטער, הערן זיך דעם לערערס טריט — די טריט פון א קאָמאַנדאָר. סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטש גייט אַרײַן אין קלאַס... ניין, באַם אָנהייב פליט אין קלאַס אַרײַן דער געלער פּאָרטפעל, נאָכן פּאָרטפעל שטעלט זיך אַרײַן א פוס, אין ערשט דערנאָך באַווײַזט זיך זײַן טונקל ביינערדיק פּנים, מיט א לאַנגער נאָז און מיט צוויי קליינע רירעוודיקע אויגן.

מיר שפּרינגען אַלע אויף פון די ערטער, ווי ווילע דערצויגענע קינדער. סאָטאַר פּיאַ-דאָראַוויטש גייט דערווײַל צו צום טיש. דעם פּאָרטפעל שטעלט ער אַוועק פאַר זיך און קוקט א ווײַלע אויף אונדז (אַיין אויג גיט ער א זשמורע צו, גיבן זיך באַ אים די ברעמען א ריר אויפן שטערן — די רעכטע ברעם פליט אַראָפּ, די לינקע — פליט אַרויף) און ער כאַפּט, דאַכט זיך, מיט איין בליק אַרום אַלע פיר און דרײַסיק שילער איינצייטיק. אָבער יעדער שילער באַזונדער איז אין דער קורצער ווײַלע זיכער, אַז דער לערער קוקט נאָר אויף אים, זעט אים אויף דורך און דורך.

— וואָס זשע שטייט איר? — גיט פּלוצעם א פרעג סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטש, גלײַך ווי ער ווייסט ניט אַליין, פאַרוואָס מיר זײַנען אופגעשטאַנען. — זעצט זיך אַנידער.

מיר זעצן זיך שוין אַנידער, הערט זיך באַלד ווידער:

— און דו, פּאַפּיש, שטיי נאָך א ביסל...

פּאַפּיש איז א שילער א וועטעראַן. ער וואָלט געדאַרפט פאַרענדיקן די אָנפאַנג-שול נאָך פאַרצווייייאָרן, עס אַרט אים אָבער ניט, טאָמער וועט עס געשען שפּעטער מיט עטלעכע יאָר. דאָס האָט ער, פּאַפּיש, דערזען הײַנט סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטשן גיין אין קאָרידאָר און געגעבן וועגן דעם צו וויסן דעם גאַנצן קלאַס.

— ...איז אַט, כאַשעוועראַ פּאַפּיש, וועראַ-וועראַ, נאָר דו, אַזא גענייטער שילער, וואָלט שוין געדאַרפט וויסן, וויאַזוי איך הייס...

(עס לאָזט זיך אויס, אַז דעם סיגנאַל „סאָטאַר גייט!", האָבן ניט נאָר מיר געהערט).

סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטש שלעפּט בעשאַסמײַסע אַרויס פונעם פּאָרטפעל אונדזערע העפטן (ער האָט זיי נעכטן צונויפגענומען), לייגט זיי אַוועק אויפן טיש אין צוויי פּעקלעך: אין איין פּעקל — די העפטן אויף אַריפמעטיק, אינעם אַנדערן — אויף רוסיש.

— ...דו האָסט מיך פאַרשטאַנען, פּאַפּיש?

— יאָ, סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטש!

— איז זעץ זיך אַנידער, פּאַפּיש. — און דאָ גיט סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטש א וואָרף אויפן טיש דעם קלאַס-זשורנאַל, גלײַך ווי ער וויל מיט דעם זאָגן: „אַט, קינדערלעך, ווו איר זענט באַ מיר אַלע!".

אין דער צײַט עפנט זיך פּאַוואָלינקע אויף די טיר, אויף דער שוועל וואַקסט אויס לינע קאָלינא.

— נו, קאָלינא, וואָס איז הײַנט געשען? — פרעגט סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטש. אויף לינען קוקט ער ניט, ער שרײַבט עפּעס אַרײַן אינעם זשורנאַל. — וואָס זשע שווײַגסטו, קאָלינא? מיסטאָמע האָט זיך ווידער צעבראָכן דער זייגער, האַ?

לינע הייבט אָן כליפּען און רײַבן די אויגן. באַ איר אַרויסקוועטשן א טרער איז איינס-צוויי. יאָשע פינגערמאַן האַלט זיך קוים אײַן. ער מוז עפּעס זאָגן. און ער זאָגט:

— זאָל איר די מאַמע קויפן א האָן, וועט ער זי וועקן צו דער צײַט...

דער גאַנצער קלאַס זעצט אויס א געלעכטער. סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטש צעשמייכלט זיך אויך. זײַן שמייכל איז אָבער גאָר אַן אַנדער מין שמייכל.

— כ'זע, פינגערמאַן, — רופט ער זיך אָן מיט זײַן שמייכל, — ס'איז דיר עפּעס צו פרײלעך. גיי נאָר צו אַהער, צום טאָוול, און דערצייל אונדז קרילאָווס מאָשל, וואָס כ'האָב אײַך פאַרגעבן אויף הײַנט. און דו, קאָלינא, לייג אַנידער דײַן טאָגבוך צו מיר אויפן טיש און זעץ זיך דערווײַל אַוועק.

יאָשע האָט זיך באַלד געביטן אין פּנים. אַזא דריי האָט ער אַוודאי ניט געוואָרט. מע האָט אים ערשט נעכטן אַרויסגערופן אויף לייענען. ווו שטייט געשריבן, אַז יעדן טאָג זאָל מען דיך אַרויסרופן, דערצו נאָך אויף איין און דעם זעלבן לימעדז?! מע דאַרף דאָך וועלן-ניט-וועלן איבערכאַפּן דעם אָטעם. גיי אָבער דערצייל סאָטאַר פּיאַדאָראַוויטשן, אַז אויף הײַנט האָסטו

זיך ניט צוגעגרייט, ווײַל מ׳האָט דיך ערשט נעכטן אַרויסגערופן. ניט יעדן איז אָנגעקומען אַזאַ מאַזל. אָדער, ווי מע זאָגט בײַ אונדז: גראַנד מערסי, מערער ניט פּאַרסי!

פינגערמאַן האָט, פאַרשטייט זיך, דעם מאָשל אין די אויגן ניט געזען. ער איז, נעבעך, געשטאַנען בײַם טאָוול, זיך איבערגעשטעלט פון איין פוס אויפן אַנדערן, און דאָס איינציקע, וואָס מ׳האָט פון אים געהערט, איז געווען: „קרילאָווס מאָשל „אַ שפּיגל און אַ מאַלפּע"... „אַ שפּיגל און אַ מאַלפּע" — קרילאָווס מאָשל...". יאַשע האָט געצויגן די צײַט, איבערגעכאַזערט און איבערגעשטעלט די ווערטער אַזויפיל מאָל, ביז ער האָט סאָפקאָלסאָף אויסגעשאָסן: „מאַלפּעס מאָשל", „אַ שפּיגל און קרילאָוו"...

בײַם סאַטער פּיאַדאַראָוויטש קוקט אַרײַן אינעם זשורנאַל, שטייט אין קלאַס אַזאַ שטיל-קײַט, אַז מע הערט, ווי עס סקריפּען די פּענעס אין שכייִנעסדיקן קלאַס. מיסטאָמע שרײַבן זיי דאָרט אַ קאָנטראָל-אַרבעט, אָדער, ווי מיר זאָגן, „אַ קאָנטראָלקע" אויף אַריפמעטיק. יאָ, כ׳בין זיי איצט ניט מעקאַנע. שוין בעסער שרײַבן אַ דיקטאַנט. מע קאָן כאָטש אַרײַנקוקן מיט איין אויג צו דער שכיינע אין איר העפט. אויף אַריפמעטיק הייבט זיך אָן: דער ערשטער וואַ-ריִאַנט, דער צווייטער וואַריִאַנט... ווי אויפצולאָכעס, זוכט נאָך סאַטער פּיאַדאַראָוויטש אויס אַזעלכע אויפגאַבעס, אַז עס העלפן ניט קיין שום כיטרעקײַטן, איבערשפּיצלעך, טערוצים. די פּען סקריפּעט, דער טינט צעשווימט זיך! דער בויך טוט וויי! ניט בײַ אונדזער לערער גייען דורך די פוילע שטיק!



סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש קוקט אַרײַן אינעם זשורנאַל, ער פירט מיטן פינגער איבערן זײַטל מיט אונדזערע פאַמיליעס. אין די פּאָר רעגעס זײַנען אַלע פיר און דרײַסיק פּאָר אויגן צוגעזאָטן צום לערערס ווײַזפינגער. מע קוקט אים נאָך מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ און מע כאַזערט אין זיך איבער די רעשימע לויטן אַלעפבייס:

אבזגאַרד,

באַגאַמאַלאַווא,

באַנדאַר... —

(זיי איז שוין אַ ביסל גרינגער, דער פינגער האָט זיי ניט געטשעפּעט).

מעסטער,

מונטיאַן,

פּאַפּיש... —

דער פינגער רוקט זיך אַלץ מער און מער אַראָפּ צו מיר. עס באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שווייס. עס הייבט מיר אָן דרייען אין בויך. אָט-אָט, דאַכט זיך, וועט מיר דער פינגער אַ שנעל טאָן איבער דער נאָז... פון דער אַנדערער זײַט, וואָס דאַרף איך אַזוי ציטערן? כ'האָב גראָדע אָפּ הײַנט אויסגעלערנט דעם לימעד און קרילאָווס מאָשל קאָן איך זאָגן אָפּ אויסווייניק גלאַט, אָן שום אונטערזאָגעכצן. נאָך מער: באַלד וועל איך טאַקע אופהייבן די האַנט — זאָל סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש זען, אַז דעם לימעד קען איך, כ'וויל אים אַפילע אַליין ענטפערן! אַ גרויסע זאַך אַרויסגיין צום טאָוול און דערציילן, וואָס דו קענסט!

סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטשעס פינגער גליטשט זיך אָבער פאַרבײַ מײַן פאַמיליע: ער האַלט שוין באַם סאָף. שוין זשע וועט הײַנט סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש מער קיינעם ניט פרעגן? און טאַקע אַזוי איז עס. דער לערער פאַרמאַכט דעם קלאַס-זשורנאַל און הייבט אָן צו דערציילן אַ נײַע טעמע. אַלע לאָזן אַרויס אַ גרינגן זיפץ.

ווי דער לימעד זאָל זיך לאַנג ניט ציִען, האָט ער פונדעסטוועגן אַ סאָף. אָט דאָ קומט די בעסטע צײַט — די האַפּסאַקע.

באַלד נאָך דער מומע גאַליעס גלעקל שיטן מיר זיך אַרויס פון די קלאַסן און מיט אַ טופּערײַ און אַ קוויטשערײַ יאָגן גלײַך אין דרויסן אַרויס. מע קאָן מיינען, אַז מ'האָט אַרויס-געלאָזט פונעם זאַהאָן אַ סטאַדע פערד. אין דער מינוט איז בעסער אָפּ אונדזער וועג ניט שטיין.

אין די שיינע וואַרעמע טעג איז אונדזער שול-הויף אַ פרײַע וועלט. עס שטערט אונדז אַפילע ניט דער הויכער שטיינערנער פּלויט פון דער פּוטער-פאַבריק. פאַרקערט, אויב אַפּן פּלויט זיך אַרופדראַפּען, זעט מען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אָפּ יענער זײַט, כ'רעד שוין ניט, אַז דערנאָך אַראָפּשפּרינגען פון אַזאַ הייך איז אויך ניט אַ שפּײַ טאָן. איבערן שוואַרצן גע-דיכטן רויך, וואָס עס לאָזט אַ פּאָר מאָל אין טאָג אַרויס די פאַבריק, איז די גאַנצע שול און דער גאַנצער הויף פאַרפּאַראַשעט מיט סאַזשע. דו פילסט אַפילע די סאַזשע צווישן די ציין. סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש האָט איינמאָל אַ זאָג געטאָן, טײַטנדיק מיטן פינגער אינעם הויכן, ביזן הימל קוימען, אַ צונויפגעפלייגטן פון רויטן ציגל: „אָט דער-אָ וועזוווי וועט אונדז אין עפּעס אַ טאָג אַלע פאַרשיטן, ווי עס איז פאַרשאָטן געוואָרן די שטאָט פּאָמפּיי!"

דאָס בעסטע איז אָפּ די האַפּסאַקעס שפּילן אין „פערדלעך". אין „פערדלעך", פּונקט ווי אין ליאַנגע, שפּילן נאָר ייִנגלעך. אויב אין „ליאַנגע", ווי איר ווייסט שוין, דאַרף מען קוידעם-קאָל האָבן אַ ליאַנגע, דאַרף מען בײַ אָט דער שפּיל, פאַרשטייט זיך, האָבן אַ פערדל. אַ ליאַנ-גע קאָנסטו זיך סאָפּקאַלסאָף אַליין אויסמײַסטרעווען, אַ פערדל מוזסטו אָבער געפינען. און דאָס איז גראָדע ניט אַזוי פּאָשעט, ווײַל יעדערער וויל הײַנט זײַן אַ רײַטער, זיצן, הייסט עס, אָפּ עמעצן רײַטנדיק און שרײַען: „וויאָ-אָ!".

דאָס בעסטע פערדל אין אונדזער קלאַס איז וואַדיק שאַר. אַ קליינטשיקער, נאָר אַ יאַדערדיקער פּאַצאַן, מיט צוויי שטײַפע קורצע פּיסלעך און מיט אויערן, ווי צוויי האַלוש-קעס — אַן עמעסער סיווקע-בורקע. אָפּ די לימודים הערט מען אים ניט און מע זעט אים ניט. דערפאַר אָבער איז אָפּ די האַפּסאַקעס וואַדיק שאַר דער ערשטער מענטש. אַזאַ „פערדל", ווי וואַדיק, איז אַ גרויסע מעציִע. ס'באַקומט זיך, נאָך אַלעמען, אַז ניט דער רײַטער קלײַבט פאַר זיך אויס אַ פערדל, נאָר דאָס פערדל קלײַבט אויס דעם רײַטער.

— וואַדיק, זאָל איך זײַן הײַנט דײַן רײַטער.

— וואָס וועל איך דערפון האָבן?

— ווילסט, וועל איך דיר געבן אַן עפּל...

— אַן עפּל! מעסטער האָט מיר נעכטן געגעבן אַ קאָנפעקט „דרײַ גיבוירים"!

— וואָס זשע דיר געבן, וואדיק?

ער פֿאַרטראַכט זיך אַ רעגע. גיט אַ קראַץ דעם נאַקן און פֿרעגט:

— דו וועסט מיר געבן איבערצושרײַבן די קאָנטראָלקע אויף אַריפֿמעטיק?

— דו פֿרעגסט נאָך, וואדיק!

— אויב אַזוי, קריך אויף מיר אַרויף.

איך זיץ שוין אַ גליקלעכער אויף מײַן „סיווקע-בורקע", מיר טראָגן זיך איבערן שול-הויף, וווּ עס צעשפּילט זיך איצט אַ גאַנצע שלאַכט. איין רײַטער קלאַמערט זיך אײַן מיט די הענט אין אַנדערן רײַטער; מע פּרוּווט אײַנער דעם אַנדערן אַראָפּצושלעפּן פֿונעם פֿערדל. די פֿערדלעך, פֿון זייער זײַט, העלפֿן די רײַטער אונטער. מע שטופּט זיך, מע בריקעוועט זיך, מע בוצקעט זיך, — דאָס וויכטיקסטע איז — אויסשטיין, ניט פֿאַלן!

אָט ליגט שוין איין רײַטער אויף דער ערד. דאָס העמדל פֿון דער שול-פֿאָרמע צעכראַסטעט, דאָס ווײַסע קעלנערל, וואָס די מאַמע האָט ערשט נעכטן פֿאַרנאַכט צוגענייט, האַלט זיך קוים אויף אַ פֿעדעמל. דאָס פֿערדל ליגט אויך אויף דער ערד און זעט אויס ניט שענער פֿונעם רײַטער.

די מיידעלעך האָבן, פֿאַרשטייט זיך, זייערע אייגענע שפּילן. די בעסטע שפּיל איז בײַ זיי שפּרינגען איבערן שטריקל. די גאַנצע האַפּסאַקע האַלטן זיי אין איין שפּרינגען. מע שפּרינגט און מע ציילט: „ראָזע, בערעזע, מאַק, קאַבאַק", און ווידעראַמאָל: „ראָזע, בערעזע..." — און אַזוי אָן אַ סאָף און אָן אַן עק. ווי־אַזוי ווערט זיי ניט נימעס?!

אין אַ ווינקעלע הינטער דער שול נעמען זיך צונויף פֿיר-פֿינף כעוורע. מע קוקט זיך יעדע סעקונדע אום, צי קיינער זעט זיי, כאַלילע, ניט, מע שושקעט זיך איבער און מע פֿאַרייכערט אַ ציגאַר. אַ ציגאַר איז עפּשער צו הויך געזאָגט, אַ ציגאַר-רעשטל, אַ „ביטשאָק". אָט גיט זיך אײנער אַ פּאַרצי. פֿאַרהוסט זיך, הייבט אָן שפּײַען, כראַקען, די אויגן גיסן זיך אים אָן מיט טרערן... און דאָך גייט עס, דאָס ציגאַר-רעשטל, איבערן קרײַזל, און יעדערער גיט אַ ציִ, אַ לאָז אַרויס פֿונעם מויל אַ פּאָר רויכלעך. אַזאַ שפּיל קאָן זיך פֿאַרענדיקן אינעם לערער-צימער, אָדער — און דאָס איז נאָך ערגער — בײַם דירעקטאָר אין קאַבינעט.

אין קאַבינעט בײַם דירעקטאָר האָט מיר אָפּגעגליקט צו זײַן נאָר איין מאָל, ווי איר פֿאַרשטייט אַליין, ניט לויט מײַן אייגענעם ווילן. ניין, ניט פֿאַרן רייכערן, פֿאַר אַן אַנדער זאַך, אויך אַ פֿאַרווערטער. און כאָטש געשען איז עס פֿאַרצווייאָרן ווינטער, כאַלעמט זיך מיר דער איינציקער וויזיט מײַנער צום דירעקטאָר ביז הײַנט.

אָנגעהויבן האָט זיך אַלץ פֿונעם באַוווּסטן פֿילם „אַ פּוטיאָווקע אין לעבן". כ'ווייס ניט ווי איר, איך, אַשטייגער, האָב דעם פֿילם געזען מיסטאָמע הונדערט מאָל. כ'האָב שוין געווּסט אויף אויסווייניק, וואָס יעדערער זאָגט דאָרט און טוט. באַזונדערס איז מיר געפֿעלן דער עפּיזאָד, ווען דער פֿאַרוואָרלאָזטער מוסטאַפֿאַ שנײַדט בײַ אײנער אַ דאַמע אויס מיט אַ גאָלמעסערל אַ שטיק פּוטער פֿון איר קאַראַקולנער מאַנטאָ. ער טוט עס אַזוי פֿלינק און מײַסטעריש, אַז די דאַמע באַמערקט אַפֿילע ניט, ווי זי שטייט אינמיטן דער גאַס מיטן הינטן אין דרויסן. אַ היפּשע צײַט בין איך אַרומגעגאַנגען, ווי אַ פֿאַרטשאַדעטער, כ'האָב נאָר געזען פֿאַר זיך מוסטאַפֿאַס קינדלעכדיק פּאָנעם, אַ קוטיקס, מיט אַ ברייטער נאָז, פֿולע ליפּן און שמאָלע שעלמישע אייגעלעך. אוי, האָב איך אים געוואָלט נאָכמאַכן! אָבער איך בין ניט קיין פֿאַרוואָרלאָזטער, כ'האָב, דאַנקען גאָט, סײַ אַ מאַמע, סײַ אַ טאַטן, וועלכע זאָרגן וועגן מיר, אַבי כ'זאָל זיך נאָר לערנען גוט און זײַן אַ מענטש. און ביכלאַל, ווער טוט עס: נעמען אַ גאָלמעסערל און צעשנײַדן אַ נײַע קאַראַקולנע מאַנטאָ. פֿע, ס'איז אַ מיִעסע זאַך! מע קאָן נאָך פֿאַר אַזאַ זאַך טרעפֿן אין אַ קינדער-קאָלאָניע... אָבער אַ גאָלמעסערל מעג איך דאָך יאָ האָבן. גלאַט אַזוי, צוליב פֿאַרשניצן, אַשטייגער, אַ בלײַער. וואָס דאַרף איך יעדעס מאָל לויפֿן צו דער מאַמען, אָדער צום טאַטן און דולן זיי אַ קאָפּ: פֿאַרשניצט מיר דעם קאַראַנדאַש. ביפֿראַט, אַז אַ גאָלמעסערל איז בײַ אונדז אין שטוב דאָ, און ניט איינס. דער טאַטע גאָלט זיך יעדן אינדערפֿרי. אין איין פּעקעלע ליגן בײַ אים די נײַע גאָלמעסערלעך, אינעם אַנדערן — די שוין אָפּגעניצטע. האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אויב כ'וועל אַרויסשלעפּן פֿונעם צווייטן פּעקעלע איין גאָלמעסערל, וועט דער טאַטע אַפֿילע ניט באַמערקן (וואָס זשע, ער ציילט זיי דען, די אָפּגעניצטע גאָלמעסערלעך? ער וואַרפֿט זיי סײַווי פֿריִער אָדער שפּעטער אַרויס).

אַז מע האָט שוין יאָ אָפּגעשפּאָרט אַן אייגן גאָלמעסערל, קאָן מען זיך דען אײַנהאַלטן און זיך ניט באַרימען מיט אַזאַ אוצר. צוליב וואָס דאַרף איך דעם אוצר האָבן, ער זאָל ליגן פֿאַרבאַהאַלטן בײַ מיר אינעם לערנביכל? פֿון דער אַנדערער זײַט, אויב ס'וועט דערגיין צום לערער, אַז כ'האָב געבראַכט אין שול אַ גאָלמעסערל, וועט ער עס בײַ מיר אָפּנעמען...

פיר לימודים און דרײַ האַפּסאָקעס האָב איך אויסגעהאַלטן — קיינעם מײַן אויצער ניט געוויזן. נאָכן פּערטן לימעד, שוין בײַסן גיין אַהיים, האָב איך אַ זאָג געטאָן מישע אַבזאַגאַרדן:

— דו ווייסט, איך האָב אַן עמעס גאַלמעסערל!

אויף מישען האָט אָבער מײַן נײַס קיין שום אײַנדרוק ניט געמאַכט.

— אויך מיר אַ מעציִע, אַ גאַלמעסערל! — האָט ער אַ קנייטש געטאָן מיט דער נאָז און צוגעגעבן: — אַנו, ווײַז עס!

איך האָב גיך אַרויסגעשלעפּט פונעם פּאַרטפעל דאָס לערנביכל און אופגעמאַכט עס פונקט אויף דעם אָרט, ווו כ'האָב פאַרבאַהאַלטן מײַן גאַלמעסערל.

— קוק, מישע! אַקוראַט אַזאַ גאַלמעסערל האָט געהאַט מוסטאַפאַ.

מישע האָט אַ קוק געטאָן אויף מײַן גאַלמעסערל, די אויגן האָבן בײַ אים באַלד אָנגעהויבן ברענען. זאָגן האָט ער אָבער געזאָגט:

— בײַ מוסטאַפאַן?! אַזוי וועל איך דיר טאַקע גלייבן. געפונען אַ נאַר...

מישקען קען איך דאָך גוט, ער האָט אומיסטן אַזוי געזאָגט. אַ כיטרע פּיקסל. אויף מײַן גאַלמעסערל האָט ער באַלד געלייגט אַן אויג.

— אויב דו ווילסט, — האָט ער זיך אָנגערופן, גלײַך ווי ער וואָלט מיר געטאָן עפּעס אַ טויווע, — קאָן איך דיר פאַר דעם... — (ער האָט ווידער אַ קנייטש געטאָן מיט דער נאָז), — פאַר דעם קאָן איך דיר געבן אַ שטיקל בלײַ אויף אַ ליאַנגע.

כ'האָב זיך צעלאַכט. יעדערער וואָלט זיך אויף מײַן אָרט צעלאַכט.

— אַ שטיקל בלײַ, וואָס האָט ניט די ווערט אַ קאָפּיקע, פאַר אַזאַ אויצער? ווען דו גיסט מיר אַפילע אַ גאַנצן וואַגאָן מיט בלײַ, וואָלט איך זיך מיט דיר סײַווי ניט געביטן.

נאָך מײַנע ווערטער האָט מישע זיך שוין צעלאַכט. עס האָט געלאַכט אין אים די קינע.

— כאַ-כאַ! ס'איז דען אַ גאַלמעסערל? ס'איז דאָך אַ שטיקל בלעך! בלויז וואַסער קאָן מען דערמיט שנײַדן! אַ נײַער מוסטאַפאַ זיך אָפּגעזוכט!

מישע האָט אַ שמאַרע געטאָן מיט דער נאָז, זיך אויסגעדרייט צו מיר מיט דער פּלייצע, ווי געוואָלט ווײַזן, אַז מיט מיר האָט ער שוין ניט וועגן וואָס צו ריידן.

כ'בין געבליבן שטיין. ס'האָט מיך מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט אַ מעסוקענער פאַרדראָס. זײַנע לעצטע ווערטער האָבן זיך געבאַמבלט בײַ מיר אין קאָפּ, ווי קערנדלעך אין אַ קלאַ-פּערל: אַ שטיקל בלעך... בלויז וואַסער שנײַדן... נײַער מוסטאַפאַ... און פּלוצעם האָב איך אים טאַקע דערזען, דעם פאַרוואָרלאָזטן מוסטאַפאַ, ער האָט מיר כיטרע אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויג: אַנו, ברודערל, ווי'אַזוי האָב איך דיך געלערנט! לאַנג ניט געטראַכט, האָב איך אַרויס-געכאַפּט פונעם לערנביכל דאָס גאַלמעסערל, פאַרקוועטשט עס צווישן די פינגער (פונקט ווי מוסטאַפאַ אינעם פילם) און זיך אַ טראָג געטאָן צו מישע אַבזאַגאַרדן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ טונקל-בלאָווער פּאַלטאָ. מ'האָט אים דאָס מאַנטל ערשט ניט לאַנג צוריק געקויפט, און ווי עס פירט זיך געווײנלעך, ניט געגעבן אויף דעם קיין שטויבעלע צו פאַלן. דעריאָגט מישען, האָב איך גרינג אַ פיר געטאָן איבער זײַן נײַינקער, טונקל-בלאָווער ווינטערדיקער פּאַלטאָ מיט מײַן גאַלמעסערל. און שוין!..

און שוין? די עמעסע מײַסע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אויפן אַנדערן טאָג, ווען מ'האָט מיך פּלוצעם גלײַך פונעם לימעד אַרויסגערופן צום דירעקטאָר. מישע איז שוין געווען דאָרט (אָט פאַרוואָס כ'האָב אים ניט געזען הײַנט אין קלאַס). ער איז געשטאַנען לעבן זײַן מאַמען, געשמאָכטעט מיט דער נאָז, און די מאַמע האָט געהאַלטן אין די הענט זײַן פּאַלטאָ. אַ לאַנגער טיפער שניט — פונעם קאָלנער ביזן כליאַסטיק — האָט זיך קלאָר אָנגעוויזן הינטן, פונקט דאָרט, ווו כ'האָב נעכטן גרינג אַ פיר געטאָן מיטן גאַלמעסערל. דער ראַזעווער וואַטין האָט אַזש אַרויסגעשטעקט פונעם שניט, ווי אַ צונג פון אַ ברייט מויל. גיי ווייס, אַז אַן אַלט, אָפּ-געניצט גאַלמעסערל קאָן אַזוי גוט שנײַדן.

— נו!.. — האָט אַ זאָג געטאָן דער דירעקטאָר איוואַן קוזמיטש, און זײַנע שוואַרצע געדיכטע וואָנצעס מיט די פאַרדרייטע עקן האָבן זיך נאָך מער פאַרדרייט, פאַריסן זיך אַרויף און זיך פאַרשפּיצט, ווי צווײ הערנערלעך. פון דעם „נו!" האָב איך באַלד דערפילט, אַז אין בויך איז מיר אַלץ פאַרקילט געוואָרן, אַקוראַט כאַלאָדעץ אין אַ טעלער. כ'האָב זיך קלאָר פאָרגעשטעלט: באַלד קלינגט איוואַן קוזמיטש אָן וווהין מע דאַרף, עס קומט נאָך מיר אַ מיליציייִשע מאַשין, וואָס וועט מיך אוועקפירן אין אַ קינדער-קאָלאָניע. פונקט אין אַזעלכער, ווו ס'איז געווען מוסטאַפאַ מיט זײַנע כאַווײרים...

ווי'אַזוי די מײַסע האָט זיך פאַרענדיקט? אין דער קינדער-קאָלאָניע האָט מען מיך ניט אָפּגעפירט און פון דער שול ניט אויסגעשלאָסן. כ'האָב, דאַנקען גאָט, אַ מאַמע מיט אַ טאַטן, האָט זיך די גאַנצע מײַסע אויסגעלאָזט צו זייערע קעפּ. זיי האָבן שוין געמוזט קויפן מישע

אָבזגאַרדן אַ נײַע ווינטערדיקע פּאַלטאָ. וועגן מײַן טאַטנס שטיקל שטראָף רעד איך ניט, ס'איז אַזוי אויך אַלץ קלאָר, און אױף דער שול־לינייקע האָט מען מיר אַרײַנגעזאָגט, אַז כ'וועל שוין די לינייקע פֿאַרגעדענקען אױפֿן גאַנצן לעבן...

בכּלל זיך לערנען אין שול איז דאָפּקע ניט אַזוי סקוטשנע. בפֿרט די לעצטע צײַט... וואָס איז נאָך עפּעס געשען? מיר גרייטן צום נײַעם יאָר צו מאַרשאַקס פּיעסע „צוועלף כאַדאָשים". שוין עטלעכע וואָכן, אַז מיר נעמען זיך קימאַט יעדן טאָג צונויף אין אַקטאָווע זאַל און רעפּעטירן אײנײנעם מיט סאַטאַר פּיאַדאַראָוויטשן.

אין אונדזער ספּעקטאַקל שפּיל איך די ראָל פֿון אַ פּראָפֿעסאָר. ווי איר פֿאַרשטייט אַליין, בין איך אין מײַן לעבן קיין פּראָפֿעסאָר ניט געווען, כ'האָב אַפֿילע קיין לעבעדיקן פּראָפֿעסאָר אין די אויגן ניט געזען. נאָך מער: לויט דער פּיעסע בין איך ניט גלאַט אַ פּראָפֿעסאָר, נאָר אַ פּראָפֿעסאָר בײַ איינער אַ פּרינצעסע — אַ ווילדער ציג, אַן אַפּצולאָכעסניצע, אַ פּױליאַטשקע, מיט איין וואָרט, אַ קיניגס אַ טעכטערל. אין שול גייט זי אוואַדע ניט. וואָס דאַרף זי, אַ פּרינצעסע, גיין אין שול אַרײַן? זי האָט געוווּג געלט, אַז אַ פּראָפֿעסאָר זאָל קומען צו איר גלײַך אַהיים און אין אירע פּאַלאַצן שרײַבן מיט איר דיקטאַנטן.

זי וויל זיך אײַנגאַנצן ניט לערנען, און קעדיי פּאָטער ווערן פֿונעם פּראָפֿעסאָר, באַפֿוילט זי די סטראַזשניקעס אים אײַנזעצן אין טפֿיסע. בלויז אין טעאַטער קען אַזוינס געשען. סאַטאַר פּיאַדאַראָוויטש זאָגט אָבער, אַז שפּילן דאַרף מען אין טעאַטער, גלײַך ווי דאָס אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אױף דער בינע, וואָלט אײַנדערעמעסן געשען אין לעבן. אַנדערש, זאָגט ער, וועט אונדז קיינער ניט גלייבן. איצט גיי און זײַ, נאָך אַלעמען, אַן אַרטיסט...

אַ לעבעדיקן פּראָפֿעסאָר האָב איך קיינמאָל ניט געזען, נאָר אַ לעבעדיקן לערער זע איך דאָך יעדן טאָג. שפּאַן איך איבער דער בינע הין־און־הער, דיקטיר דער פּרינצעסע אַ דיקטאַנט. סאַטאַר פּיאַדאַראָוויטש איז עס געפֿעלן. נאָר דיקטירן דעם דיקטאַנט, זאָגט ער, דאַרף מען אַ ביסל שטילער, אַניט וועט דער גאַנצער עולם אין זאַל טויב ווערן. שטילער, איז שטילער. מיט דעם האָב איך זיך ספּראַוועט איינס און צוויי. פֿאַלן אָבער צו דער פּרינצעסעס פֿיס, בעטן בײַ איר, זי זאָל מיך באַגנעדיקן און באַפֿרײַען פֿון דער טפֿיסע — אָט דאָס קען איך מיט זיך גאָרנישט ניט טאָן. איך בלײַב שטיין, כאָטש האַקט מיך און בראָקט מיך.

און טאַקע אַפּאַנעמעסן, פֿאַרוואָס דאַרף איך פֿאַלן צו אירע פֿיס? אין וואָס באַשטייט מײַן שולד? אַז זי וויל זיך ניט לערנען, דאַרף איך דערפֿון לײַדן? וווּ איז די גערעכטיקײַט? ווי נאָר עס קומט צום פֿאַלן אױף די קני און בעטן מיט אַ טרער אין קאָל: „אײַער מאַיעסטעט!.. אײַער מאַיעסטעט! האָט אױף מיר ראַכמאָנעס!" — פֿיל איך, ווי די פֿיס הערן זיך בײַ מיר אױף צו בייגן.

דערצו האָט צו מיר זינע באַגאַמאַלאָווא (זי שפּילט די פּרינצעסע) טײַנעס. זינע האָט אַ צונאָמען „בולקעלע" פֿאַר אירע פּוכקע בעקעלעך, אַקוראַט צוויי פּוטער־בולקעס. אַ צינגעלע האָט זי, ווי אױף שרײַפֿעלעך.

— ס'וועט פֿון דיר גאָרנישט ניט אַראָפּפֿאַלן! — האָט זי זיך איינמאָל צעשריגן אױף מיר. סאַטאַר פּיאַדאַראָוויטש איז גראָד דעמלט אַרויסגעגאַן. — קוקט אים נאָר אָן, אַ גרויסע צאַצע, אַ פּראָפֿעסאָר! קאַנצלערן און מיניסטאָרן פֿאַלן צו מײַנע פֿיס!..

זינע האָט, אַפּאָנעם, אױף אַ מינוטקעלע פֿאַרגעסן, ווער זי איז אײַנדערעמעסן, האָב איך איר באַלד דערמאָנט:

— אַ בולקעלע ביסטו, ניט קיין פּרינצעסע! פּרווו נאָך עפּעס זאָגן, וועסטו בײַ מיר אַרײַנכאַפּן!..

זינע איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פֿונעם אָרט. זי האָט אַ טופּע געטאָן מיט אַ פֿיסל און זיך צעגוואַלדעוועט:

— היי, סטראַזשניקעס! נעמט נאָר אָט דעם־אָ נודנעם פּראָפֿעסאָרל פֿאַרן קאָלנער און שלײַדערט אים אַרויס פֿון מײַן פּאַלאַץ!..

איך האָב דערלאַנגט דער פּרינצעסע־בולקעלע מיטן ביכל איבערן קאָפּ (פֿון דעם ביכל האָב איך איר קלוימערשט דיקטירט דעם דיקטאַנט). זינע באַגאַמאַלאָווא איז אָבער יענץ פּעפּערל. ניט אומזיסט שפּילט זי די ראָל פֿון אַ פּרינצעסע, כאָטש אױף דער ראָל זײַנען געווען גענוג קאַנדידאַטן, די מיידעלעך פֿון אונדזער קלאַס האָבן זיך שיִער ניט צעקריגט צווישן זיך. כ'האָב ניט באַוויזן אַ פּינטל צו טאָן מיט אַן אויג, ווי זינע איז מיר אַרײַנגעפֿאָרן מיט די נעגל גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן. אויסהאַלטן אַזוינס האָב איך אוואַדע ניט געקאָנט. כ'האָב זיך אַ וואָרף געטאָן אױף איר, ווי אַ הונט אױף אַ קאַץ. דערזען אַזאַ זאַך, האָבן די סטראַזשניקעס (זיי זײַנען צו דער צײַט אַרויסגעלאָפֿן אױף דער בינע), באָנדאַר, מעסטער און מונטיאַן, געוואָלט אונדז

צענעמען. זיי האָבן אָבער אונדז אַזוי לאַנג צענומען, ביז מ'האָט זיך אַליין צעשלאָגן. איגיכן זײַנען אין דער סצענע געווען פאַרטאָן אַלע אַרטיסטן פון אונדזער קלאַס...

נאָך דער רעפּעטיציע האָב איך זיך ביכלאל געוואָלט אַפּזאָגן פון דער ראָל. זאָל עמעצער אַן אַנדערער זײַן א פּראָפעסאָר און פאַלן צו באַגאַמאַלאַוועס פּיס! צוריק גערעדט, וויאַזוי נעמט מען און מע זאָגט זיך אַליין אָפּ פון אַזאַ זאַך. זײַן, כאָטש א קורצע צײַט, אַן אַרטיסט, אַלע זאָלן אויף דיר קוקן, דיר מעקאַנע זײַן, דערקענען אויף דער גאַס: „גיט א קוק, ער איז אַן אַרטיסט!" יאָ-יאָ, אַן אַרטיסט, ניט ערגער עפּשער פון באַרי, וואָס שפּילט אינעם שטאָטישן טעאַטער. כ'האָב אים איינמאָל געזען גיין אין גאַס מיט זײַן געצאַצקעט שטעקעלע אין דער האַנט. דאָס גאַנצע שטעקעלע איז באַפּוצט פון אויבן ביז אַראָפּ מיט קאָלערדיי צייכנס, זיי פינקלען אויף דער זון, אַז עס נעמט אַזש אַרויס די אויגן. דער אַרטיסט באַרי גייט ניט, ער טאַנצט, און דאָס שטעקעלע טאַנצט אײַנײַנעם מיט אים. מיט יעדערן באַגריסט ער זיך — ריכטיקער, יעדערער באַגריסט זיך מיט אים. אַפילו אינעם באַגריסן זיך, אַזוי ווי באַרי טוט עס, זעט מען באַלד, אַז ער איז אַן אַרטיסט. ער גיט זיך אויף א רעגע א שטעל אָפּ, וואַרפט איבער דאָס שטעקעלע פון דער רעכטער האַנט אין דער לינקער, דערנאָך הייבט ער עטוואָס אונטער די הוט, גלײַך ווי אונטער דער הוט זיצט בײַ אים אויפן קאָפּ א קליין פייגעלע, וואָס אויב מער א ביסל אונטערהייבן די הוט, קאָן עס נאָך, כאַלילע, אַרויספלין, און ער שענקט אײַך צום סאָף א ברייטן שמייכל מיט א „זדראַסטיע!"...

סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש זאָגט, אַז אויף דער בינע איז באַגאַמאַלאַווע ניט באַגאַמאַלאַווע, און איך בין ניט איך. „וויאַזוי, — זאָגט ער, — קאָנסטו ניט פאַרשטיין, אַז אויף דער בינע איז זי א פּרינצעסע, און דו ביסט א פּראָפעסאָר! גיי אַהיים און רעפּעטיר די ראָלן!".

האָב איך שוין געמוזט נאָך דער שול קומען אַהיים, פאַרשפּאַרן זיך אינעם צימער, וווּ עס שטייט בײַ אונדז א גרויסער שפּיגל, און רעפּעטירן: פאַלן יעדעס מאָל אויף די קני און שרײַען: „אײַער מאַיעסטעט! האָט אויף מיר ראַכמאָנעס! באַפרײַט מיך פון דער טפיסע!..".

און אָט איז ענדלעך געקומען דער לאַנגדערוואַרטער טאָג פון אונדזער פּרעמיערע. פאַרן אָנהייבן, שוין אָנגעטאָן אין די טעאַטראַלע קאָסטיומען, האָבן מיר, די אַרטיסטן, געשטופּט זיך אַלע באַם לעכל, וואָס איז דורכגעמאַכט אינעם טונקל-רויטן פּליושענעם פאָרהאַנג. ס'איז דאַפקע זייער טשיקאַווע צו שטיין באַם לעכעלע און זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט, פון יענער זײַט פאָרהאַנג, ווו ס'האָט זיך היינט צונויפגענומען די גאַנצע שול.

יעדעס מאָל פאַלט עמעצער אַן אַנדערער צו צום לעכעלע מיט אַן איגיג און קאָמענטירט:

די מומע גאַליע זיצט אויבנאָן!

— מיטן גלעקל, צי אָנעם גלעקל?

— מיטן בעזעם...

— און אָט זע איך איוואַן קוזמיטשן.

— אויף אים איז בעסער זיך לאַנג ניט פאַרהאַלטן, ער קאָן נאָך באַלד דערפילן, אַז מע קוקט אויף אים...

— און אָט זיצט מײַן מאַמע. זי רעדט מיט באַרעס מאַמען....

— אַנו, לאָז מיך אויך א קוק טאָן!...

סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש האָט זיך געטראָגן איבער דער בינע הין און צוריק. באַטראַכט דאָס לעצטע מאָל די דעקאָראַציעס (די דעקאָראַציעס האָט אונדז געמאַכט מונטיאַנס טאַטע), צי זיי זײַנען גוט צוגעפּעסטיקט צו דער וואַנט, צום דיל. דעם געפרעגט עפּעס, יענעם פאַריכט דעם קאָסטיום, דעם דריטן געמאַכט א באַמערקונג. היינט זײַנען מיר ניט קיין שילער, היינט זײַנען מיר אַרטיסטן. דעריבער טאַקע ווענדט זיך צו אונדז סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש ווי א רעזשיסער צו די אַרטיסטן:

— קאָנצלער! — גיט ער א פרעג פינגערמאַנען. — דעם לאָרנעט האָסטו ניט פאַרלוירן?

— פּרינצעסע! די קרוין זיצט בײַ דיר אויפן קאָפּ, ווי א שליאָפּקעלע.

— סטראַזשניקעס! הערט שוין אויף שטופּן איינער דעם אַנדערן!

— פּראָפעסאָר! די באָרד האַלט זיך בײַ דיר גוט?..

יאָ, כ'האָב שיר ניט פאַרגעסן. צום ספּעקטאַקל האָט מיר די מאַמע אויפגענייט א לאַנגן כאַלאַט, ביז אין די קנעכלער, פון שוואַרצן אַטלאַס מיט ברייטע אַרבל. אויפן קאָפּ טראָג איך א הויכן קאָלפּעק פון קאַרטאָן, אויך א שוואַרצן, באַפּוצט מיט זילבערנע שטערנדלעך. דערצו האָט סאַטאַר פּיאַדאַראַוויטש געקראָגן ערגעץ אַן עמעסע גראָווע באָרד, א לאַנגע און א שפּיצעכיקע.

צום כאַלאַט מיטן קאַלפּעק האָב איך זיך שוין געהאַט צוגעוווינט, כ'בין אין זיי אַרומגעגאַנגען סײַ אינדערהיים, סײַ אויף די לעצטע רעפּעטיציעס. די באָרד אָבער האָט סאַטאַר פּיאַדראַאָוויטש געבראַכט גלײַך צום ספּעקטאַקל. באַם אָנהייב האָב איך אַפֿילו ניט געפֿילט, אַז כ'טראָג אַ באָרד. גלײַך ווי כ'וואָלט מיט איר געבוירן געוואָרן. נאָך דערנאָך...

דערנאָך האָט זיך צערוקט דער פֿאָרהאַנג, און דער ספּעקטאַקל לויט מאַרשאַקס פּיעסע „צוועלף כאַדאָשים" האָט זיך אָנגעהויבן. יאָ, ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער ספּעקטאַקל און אינײַנעם מיט אים האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע פּלאָגענישן. יעדעס מאָל האָט זיך מיר נאָר אויסגעדאַכט, אַז אָט-אָט פֿאַרליר איך די באָרד. באַם דיקטירן דעם דיקטאַנט, האָט מײַן באָרד אונטערגעטאַנצט נאָך יעדער וואָרט, זיך געטרייסלט, זיך פֿאַריסן אויף אַ זײַט, זיך געפֿירט, ווי אַ לעבעדיקע, ניט גערעכנט זיך מיט מײַן ווילן. כ'האָב שוין אַפֿילו אַ טראַכט געטאָן: עפּשער האָט די באָרד געטראָגן פֿריִער עפּעס אַ ווילדע כײַע? זי האָט זיך פּאַשעט איזדיעקעוועט איבער מיר. כ'האָב שוין ניט געוווּסט, וואָס איך טו און וואָס איך רעד. אַלע מײַנע געדאַנקען זײַנען געווען פֿאַרנומען מיט דער באָרד. און די באָרד האָט, ווי אָפּצולאַכעס, געשטעקט אונטער מײַן נאָז, ווי אַ פֿײַג.

צום סאָף, בייס ס'איז געקומען דאָס שלימאַזלדיק אָרט (איר פֿאַרשטייט שוין אַליין, וואָס פֿאַר אַן אָרט איך מיין), האָב איך זיך אַ בוכע געטאָן אויף די קני און אויסער זיך אויסגעשריִען: „אײַער מאַיעסטעט! אײַער מאַיעסטעט! האָט אויף מיר ראַכמאָנעס! באַפֿרײַט מיך פֿון... דער באָרד!.."

דאָס לעצטע וואָרט האָט אַ פֿלי געטאָן אין זאַל, און ווי אַ מיאַטשיקל, וואָס שטויסט זיך אָן אין אַ וואַנט, זיך באַלד אומגעקערט צוריק. „באָרד!.. באָרד!.." — האָט געקלונגען באַם סאַמע אויער.

די פּרינצעסע האָט פֿון אומדערוואַרטקײַט (און עפּשער אומיסטן) פּלוצעם אָנגעטראָטן מיר אויף מײַן באָרד מיט אַ פֿוס און אַ רוף געטאָן: „היי! סטראַזשניקעס!.." און אַזוי ווײַטער...

די סטראַזשניקעס האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נאָר געוואַרט אויף אָט די ווערטער. צוגעלאָפֿן צו מיר, האָבן זיי מיך אַ כאַפּ געטאָן אונטער די הענט און אַוועקגעשלעפּט פֿון דער בינע. יאָ, מיר האָבן זיי טאַקע אַוועקגעשלעפּט, די באָרד אָבער איז געבליבן שטעקן אונטער דער פּרינצעסעס פֿיס.

און אָט שטיי איך איצט אין אונדזער קלאַס אײנער אַליין... ניין, דער ספּעקטאַקל האָט זיך נאָך ניט פֿאַרענדיקט, כ'בין פּאַשעט אַנטלאָפֿן פֿונעם אַקטאָווע זאַל. כ'מיין, אַז נאָך אַזאַ דערפֿאַלג, וואָלט אַפֿילו דער באַרימטער אַרטיסט באַרי אויך געכאַפּט זײַן שטעקעלע און אַנטלאָפֿן פֿונעם טעאַטער. איך שטיי באַם פֿענצטער און קוק אַרויס אין דרויסן. דער גרויער הימל איז געבליבן נידעריק הענגען איבער דער פֿאַרוועלקטער טאָלאָקע. ער האַלט אין איין צוזאָגן אַ קלאָרן און אַ שטילן שניי, ווי אַ קופּע שטערנדלעך. איך ווייס ניט, צי איך וועל אַמאָל אינדערעמעסן ווערן אַ פּראָפֿעסאָר, כ'ווייס אָבער שוין איצט גוט, אַז ווען כ'וועל אויסוואַקסן אַ גרויסער, וועל איך אָנקויפֿן אַ פּאַק גאָלמעסערלעך (אַוואַדע ניט צוליב שלעכטע טועכצן) און זיך גאָלן דרײַ מאָל אין טאָג. עס זײַנען דאָך פֿאַראַן אויף דער וועלט גענוג פּראָפֿעסאָרן אָן בערד. סאָפּקאָלסאָף, ניט די באָרד, מיין איך, מאַכט פֿון אַ פּאַשעט ייִנגעלע אַן עכטן פּראָפֿעסאָר.



# װעלװל טשערנין



געבוירן געװאָרן אין 1958 אין מאָסקװע. פֿאַרענדיקט דעם היסטאָרישן פֿאַקולטעט פֿונעם מאָסקװער מעלוכע־אוניװערסיטעט. זיך געלערנט אין דער גרופּע „ייִדיש" אָף די העכסטע ליטעראַרישע קורסן באַם ליטעראַטור־אינסטיטוט אָף א. מ. גאָרקיס נאָמען. דעביוטירט אין „סאָװעטיש היימלאַנד" אין 1981. אַרבעט אין דער רעדאַקציע פֿונעם זשורנאַל. װױנט אין מאָסקװע.

## אינעם גלאַנץ פון רעגנבויגן

### דאָס אַלט־נײַע

דער אײַזגאַנג ברעכט שוין אוף די ווינטער-
װעגן,
און פאַרבן בײַטן זיך — אָט ברוין, אָט גרוי.
דער אָוואַר טוליעט צו זיך צו די ברעגן.
ס'איז ניט געמיטלעך, פריילעך, נײַ און רוי.

עס עפנט אוף ניט-ווילנדיק די אויגן
דער צוגעווינטער צו זײַן שלאָף אַרום,
און מיט א נעפּל ווערט די ווײַט פאַרצויגן,
און ס'זעען אויס די פעלדער-וועלדער קרום.

ס'ווערט טומלדיק. פּאַוואָליע אײַלן קריהעס,
באַדעקנדיק די וויאָרסטן דין און קאַרג,
ווי סקריפּענדיקע פויערשע טעליגעס
אָף אַלטע װעגן צו א נײַעם מאַרק.

### קובא

ביסט א גיבער. דײַנע אויגן
שפּריצן מיט א יונגער גווורע.
אינעם גלאַנץ פון רעגנבויגן
ברענגסט דעם נעכטן-טאָג צו קווורע.

ס'איז „דער סוינע בא די טויערן".
שטייען מיר באַם סאַמע סאָף-עק.
שרײַט די טקופע אין די אויערן:
האָב קיין פּאַכעד! האָב קיין סאָפעק!

שטורעם. רײַסט זיך יאַם פון סינע
צו דעם אינדזל פון דער פרײַהײַט.
ס'רוישן ביימער אייביק גרינע:
טרײַהײַט, דרייסטקײַט, דרייסטקײַט,
טרײַהײַט...

### דער צוג

אין מיטן רוסלאַנד, אין דער טיף
פליסט ווי א טײַך די אײַזנבאַן.
עס שווימט איבערן טײַך א שיף —
דער צוג „מאָסקווע—ביראָבידזשאַן".

קיין צוג אזא ניטאָ. איז וואָס?
פאַר מיר איז ער סײַווי פאַראַן.
עס פליט די אופשריפט אָס נאָך אָס:
מאָסקווע (טירע) ביראָבידזשאַן.

„טודא, טודא!", — עס שרײַט מיט ראַש
דער צוג, די שיף, וואָס לויפט און שווימט,
און גיט מיר צו אָף ייִדיש אזש:
„באַשטימט, באַשטימט, באַשטימט, באַשטימט".

א רעדער-קלאַפּ, און שוין פאַרבײַ
עס איז דער אויסגעטראַכטער צוג.
איך הער פונווײַטן: ס'איז קעדײַ.
טוט נאָר א קוק! טוט נאָר א קוק!

# פליִענדיק

פליִענדיקע טריט,
שטראַלנדיקע אויגן.
די פאַרליבטקײַט פליט
ווי א פײַל פון בויגן.

מיידל, הער מיך אויס,
וואַרט א ווײַלע אָפּעט,
כ׳האָב געכאַפּט א שטויס,
כ׳האָב פאַרכאַפּט דעם אָטעם.

וואָס זאָל איך איצט טאָן
מיט דער וווּנד דער נײַער?
פון דעם פונק הייבט אָן
אויפבליצן א פײַער.

ס׳מיידל ענטפערט ניט,
לאָזט אראָפּ די אויגן,
שטיל א שמייכל גיט
און... אוועקגעפלויגן.

# אומאָפּהענגיקײַט

אַלע יאָרן ביז מײַן טויט
וועל אַליין איך באַקן ברויט,
וועל אַליין איך נייען שיך
און צערײַסן זיי ניט גיך.
איך וועל אופראַמען מײַן הויף, —
כ׳וויל ניט זײַן דאָ א באַלכויוו.

קיין שום צדאָקע דאַרף איך ניט,
וואָס מע גיט אַף שריט און טריט.
ניין, איך בין ניט קיין פּוילאַק,
כ׳נעם א לאָפּעטע, א האַק,
גיי אַרויס אין ליידיק פעלד —
בויען דאָרט א נײַע וועלט.

# 1943, פרילינג

"¡Venid a ver la sangre por las calles!"
*Pablo Neruda*[1]

זאָג, וואַרשעווער געטאָ, פונוואַנען, פון וועמען
דײַן קויעך דעם ריזיקן האָסטו גענומען?
אש — דײַנע גאַסן, אש — דײַנע נעמען,
נאָר דו האָסט געזיגט, כאָטש דו ביסט
אומגעקומען.

א שלאַכט אָן א גניידע, פּאָנעם-על-פּאָנעם.
לעבן הייסט שיסן, שטאַרבן הייסט שיסן.
נעמען נעקאָמע פון ברוינע טאַליאָנים!
זאָל זייער בלוט אונדזער קייווער באַגיסן!

מ׳זאָל אַף מילכאָמעס אַרופליִגן וועטאָ! —
מיר זײַנען מעכויעוו טאָן אַלץ, וואָס מיר
קאָנען.
דאָס פאָדערן שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ,
דער סימבאָל פון מוט פון די זעקס מיליאָנען.

[1] קומט צו דערזען דאָס בלוט איבער די גאַסן!
פּאַבלאָ נערודאַ (שפּאַניש).

# די ניט-דערזונגענע ליד

אין דער צײַט, וועלכע שרײַט, וועלכע רופט,
וועלכע מאָנט,
וועלכע פאָדערט: „קיין טראָט ניט צוריק!",
אין דער צײַט, ווען פאַר גליקן ניטאָ איז
קיין צײַט,
נייטיק ביסט
הירש
גליק.
דער נאָמען איז קורץ, דאָס לעבן איז קורץ,
און קורץ איז די זאַמלונג פון ווערק...
ס׳איז נאָך ניט שפּעט, „זאָג ניט קיינמאָל,
אַז דו
גייסט
דעם לעצטן
וועג".

א גראַם איז אַוואַדע וויכטיק, און דאָך
וויכטיקער איז פון אַלץ
דער קויעך פון לידער און זייער טאָך —
פון שווייס
און טרערן
דאָס זאַלץ.
דײַן פרידן-נאָמען קלינגט ווי א שווערד,
און ווי א לעהאַווע[1] בריט
מענטשישע הערצער פון אונטער דער ערד
דײַן
ניט-דערזונגענע
ליד.

[1] פלאַם-פײַער.

## „Drang nach Osten“

עס ליאַרעמט דאָס האַרמאַטן-קאָל.
סע שאַלט דער קריג באַנאַכט, באַטאָג.
און ס'קײַקלט זיך שוין װיפֿל מאָל
דאָס קאָל: נאָך אָסטען! נאַ װאָסטאָק?

עס װערט דערשטיקט, צעקװעטשט, פֿאַרבראַנט
אַלצדינג, װאָס שטעלט אַ װידערשטאַנד.
אַ לאַנד פֿון נײַע מײַרעװ-װענט
װאַקסט אױס בײַ רוסלאַנדס מײַרעװ-ראַנד.

דער דײַטש איז פֿול מיט שטאָלץ און גליק.
— דעם „לעבענס-ראַום“ גרײט ער דאָ.
מע האָט פֿאַרבראַנט די לעצטע בריק.
ס'איז שױן קײן װעג צוריק ניטאָ.

דאָס עמעסדיקע רוסלאַנד דאָך
ליגט הינטער די אָקאָפּעס ברײט
מיט אורװעלדער, מיט װילדע נאָך,
מיט סױדעספּולער סטעזשקע-קײט,

מיט מענטשן-גװורע אָן אַ שיר,
מיט קױכעס-קװאַלן אָן אַ ברעג.
דאָס אַלץ װעט באַלד — טו נאָר אַ ריר —
אַ שפּאָר טאָן צו דעם מײַרעװ-עק!

## אַ לונאַטיקער

אױף דער לעװאָנע כ'האָב געלעבט,
פֿון דאָרטן בין אַראָפּ.
צום הימל-רױם איך האָב געשטרעבט,
און אױפֿגעבױט איך האָב
אַ שטערן-שיף. ס'האָט קײנער מיר
צו פֿליִען ניט געשטערט.
איך האָב פֿאַרמאַכט מײַן הײמשטוב-טיר.
און אַט כ'בין אױף דער ערד.
נאָר ס'איז פֿונדעסטװעגן מײַן טרױם
געבליבן װײַטלעך-װײַט.
איך בין געװען אין פֿלוג קױם-קױם,
און איצט די גאַנצע צײַט
אױף מײַן לעװאָנע קוק איך שטיל
און שטרעב צו איר, צו איר...
איך קוק אין הימל, און איך װיל
דערזען מײַן הײמשטוב-טיר.

## אַ קױרער

ניט געכאַפּט, צוביסלעכװײַז
װער איך צוגעװױנט
זיך באַגײן מיט קאַרגער שפּײַז,
פּונקט װי אין אַ נױט.
אַלזאָ, איך װעל זײַן אַ גװיר,
טאָן אַזױ װי כ'װיל —
ניט פֿאַרמאַכן סטאַם די טיר,
שלאָפֿן אױפֿן דיל.

## דער צװײטער טאָג

װען די אַרבעט איז פֿאַרענדיקט,
װאַקסן אױס בײַ מיר די פֿליגל.
װען די אַרבעט איז פֿאַרענדיקט,
בין איך גרײט צו טאָן אַ נעס,
כ'האָב דעם נעס געװיגט, װי ס'דאַכט זיך,
אין מײַן האַרץ, װי אין אַ װיגל.
איך בין ניט קײן קישעפֿמאַכער, —
כ'נעם אַ נאָדל און אַ פֿרעס,
כ'נעם דעם שטאָף, דעם סאַמע שענסטן,
װאָס מע קאָן אין קראָמען קריגן,
כ'נעם די פֿעדעם, און איך נעם זיך
נײען אָן אַ בײמאַשין.
עפּשער בין איך ניט קײן מײַסטער,
דאָך דער שנײַדערישער ניגן
העלפֿט מיר מיט צו זײַן אַ כאַיעט
פֿונעם סאַמע העכסטן מין.
זאָל מײַן אַרבעט גײן צו מענטשן,
אָנגעטאָן אין אַ האַלבאַשע,
װאָס דער באַסמאַלקע איז פּאַסיק
בײס זי צו איר כופּע גײט.
ס'איז פֿאַרענדיקט שױן די אַרבעט,
ס'איז באַשאַפֿן אַ יאַבאַשע, —
צװישן דראָענדיקע מאַיִם
האָט אַן אינדזל זיך צעשפּרײט.

# גענאַדי עסטרײַך



געבוירן געוואָרן אין 1952 אין זאַפּאַראָזשיע אין א מישפּאָכע, וואָס שטאַמט פון דער אַמאָליקער ייִדישער קאָלאָניע ניי־זלאַטאָפּאָל. פאַרענדיקט דעם זאַפּאָראָזשיער מאַשינבוי־אינסטיטוט. געאַרבעט אין א קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ. איצט איז ער הויפּט־ספּעציאַליסט אין א פּראָיעקט־אינסטיטוט. אַוטאָר און מיטאַוטאָר פון קימאַט צוואַנציק דערפינדונגען און וויסנשאַפטלעך־טעכנישע אַרבעטן. אַף ייִדיש איז ער צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן אין דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן“ אין 1984, ווו ער האָט אָפּגעדרוקט עטלעכע נאָטיצן מיקויעך דעם קולטור־לעבן. וווינט אין מאָסקווע.

## דער מאַטראַץ

אַרן האָט הײַנט געאַרבעט דעם ערשטן טאָג נאָכן אומקערן זיך פון כאַרקאָוו. פיר יאָר האָט ער זיך הינטער־אויגיק געלערנט אין א כאַרקאָווער טעכניקום, און הײַנט קאָן מען סאָפּקאָלסאָף פרײַ אָפּאָטעמען: אהיים האָט ער זיך אומגעקערט שוין מיט א דיפּלאָם.

קיין גרינגע זאַך איז דאָס ניט געווען — זיך לערנען אין אַזא עלטער. וויפל האָט ער זיך אָפּגעמאַטערט בלויז מיט פראַנצויזיש! בעסער וואָלט עס שוין געווען דײַטש. בײַס דער מילכאָמע פלעגן דאָך די דײַטשן פאַרשטיין *זײַן ייִדיש...* אָבער פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַל לאָשן בא פאַרבינדלער האָט מען אָפּצולאָכעס אויסגעקליבן פראַנצויזיש.

אַרן האָט איצט איבערגעקליבן אין געדאַנק די מענטשן, מיט וועמען ער קאָן טיילן זײַן פרייד. אַף דער אַרבעט האָט מען אים, פאַרשטייט זיך, באַגריסט, אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך אים געדוכט, אַז ווייניק־ווער האָט פאַרשטאַנען דעם איקער: מיטן באַקומען דעם דיפּלאָם וועט זיך בא אים אָנהייבן גאָר א נײַ לעבן. און דאָ האָט לוקיאַנאָוו, מיט וועלכן ער אַרבעט שוין זײַט בא אַן ערעך צוואַנציק יאָר, אים פּאָשעט א קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל:

— אַראָן! ביסט א מאָלאָדעץ. פון דיר קומט.

און סאָף טאָג האָט אַרענען אַרויסגערופן דער נאַטשאַלניק, לאַנג געדריקט אים די האַנט און דערנאָך באַוויזן דעם באַפעל, אין וועלכן ס'איז אָנגעדרוקט, אַז זײַן געהאַלט ווערט גרעסער אַף א צענערל.

פאַניע, אַרנס ווײַב, האָט אים נעכטן אָפּדערנאַכט אויך באַגעגנט ניט אַזוי, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. זי האָט זיך מיטאַמאָל צעוויינט. און נאָך א געהעריקער פּאַר אַזא מין פאַל פאָרציע טרערן האָט זי געזאָגט:

— דאַנקען גאָט. עפּשער וועלן מיר אָנהייבן לעבן ווי מענטשן: אָן קאָנטראָלנע און קורסאָווע שרײַבעכצן, אָן די שיידים ווייסן וואָס...

נאָכן אַרבעטסטאָג האָט אַרן באַשלאָסן, אַז מע דאַרף אַרײַנגיין צום פעטער מאָטל. אים וועט געוויס זײַן אָנגענעם צו דערוויסן זיך, אַז זײַן פּלימעניק איז שוין א געקאָנטשעטער ספּעציאַליסט. נאָך דער מילכאָמע זײַנען פון דעם גאַנצן גרויסן געזינד, וואָס האָט געטראָגן די פאַמיליע באַלעגאָלע, געבליבן נאָר זיי, אַרן און דער פעטער מאָטל. עמעס, בלויז בא אַרענען האָט זיך פאַרהיט די פאַמיליע, וועלכע ס'האָט געטראָגן זײַן זיידע פײַוול דער באַלעגאָלע, מאָטל אָבער איז נאָך אין די פאַרמילכאָמעדיקע יאָרן געוואָרן מאַטוויי פראָלאָוויטש בעלאָגאָר. פײַוולס שאָכן לייזער סיטשקאַרניק האָט דעמלט געײַצעט מאָטלען, ער זאָל מער ניט גיין אין באָד אַרײַן, און אַף מאָטלס „פאַרוואָס“ האָט לייזער אים געענטפערט, אַז אין

באַד זעט מען גלײַך װער עס איז באַלעגאָלע און װער עס איז בעלאַגאַר...

דער פּעטער מאָטל האָט אַלײן געעפֿנט אַרענען די טיר.

— ביסט געקומען צו דער צײַט. בײַ אונדז איז דאָ אַ גאַנצע איבערקערעניש.

— װאָס פֿאַר אַן איבערקערעניש?

— מיר האָבן געקױפֿט אַ גאַרניטור. גיב נאָר אַ קוק, װאָס פֿאַר אַ שײנקײַט.

דער גאַרניטור איז געװען טאַקע אַ רײַכער.

— אַרן, האָסט זיך אַרײַנגעפּאַקט. העלף אונדז צעשטעלן דאָס מעבל. אינדרײַען מיט סערגײען װעלן מיר דאָס מאַכן אין אײן אָטעם.

דער „אײנער אָטעם" האָט געדױערט אַ פּאָר שאָ. באַם פּעטער איז געװען אַ קראַנק האַרץ, דערפֿאַר האָבן אַרן און סערגײ, מאָטלס זון, אינצװײען איבערגעשלעפּט אַלע זאַכן.

און דאָ, שױן צום סאָף, קומט די מומע סימע, מאָטלס װײַב, און הײבט אָן אײַנרײדן דעם פּלימעניק, ער זאָל „נעמען" בײַ זײ דעם מאַטראַץ פֿונעם אַלטן בעט. זי שיט אַזױ מיט װערטער, אַז אַרן קומט צו־זיך ערשט אױף דער טרעפּ־פּלאַטפֿאָרמע מיטן מאַטראַץ אױף דער פּלײצע.

דער מאַטראַץ איז אַ שװערער. לעכאַטכילע איז נאָך געװען נישקאָשע, אָבער אַראָפּלאָזנ־דיק זיך פֿונעם דריטן עטאַזש, איז אַרן שױן געװען גוט פֿאַרמאַטערט. ביזן טראַמװײַ־אָפּ־שטעל האָט ער זיך קױם דערשלעפּט. ס׳איז נאָך געװען אַ גליק, װאָס די פּיק־צײַט איז שױן דורכגעגאַנגען און אײנער אַ יונגערמאַן האָט אים געהאָלפֿן אַרײַנװאַרפֿן דעם מאַטראַץ אין װאַגאָן.

מיט אײן האַנט האָט אַרן אונטערגעהאַלטן דעם מאַטראַץ, און מיט דער צװײטער אַרױס־גענומען אַ טיכל און אױסגעװישט דאָס פּנים. ער האָט געפֿילט אַ קאַס, נאָר געװען מיט אים ניט צופֿרידן. מיט װאָס, פֿרעגט זיך, איז שולדיק אָט דער דאָזיקער קאַסטן מיט פּרו־זשינעס? און װאָס זײַנען שולדיק דער פּעטער אָדער די מומע, אַז ס׳איז זײ געלונגען קריגן דעם גאַרניטור מיט אַ גרױסאַרטיקן בעט־די־װאַן, און דער מאַטראַץ מיט די אַלײן־געמאַכ־טע פּיסלעך איז זײ געװאָרן איבעריק? און ער, אַרן, האָט אים דאָך באַקומען האַלב אומ־זיסט — פֿאַר אַ צענערל, מיט די אַלײן־גע־מאַכטע פּיסלעך אינאײנעם.

עמעס, די מומע סימע האָט געװאָלט אײ־בערלאָזן די פּיסלעך — מאַלע װוּ זײ קאָנען נאָך צוניץ קומען. אָבער די פּיסלעך זײַנען צוגעקלאַפּט מיט צו גרױסע טשװעקעס, דער־צו נאָך פֿאַרדרײטע בײַ די שפּיצן, אַזױ אַז פֿאַר



א האַלבער שאָ האָבן אַרן און סערגײ קוים אָפּגעבראָכן אײן פּיסל. אַרן האָט זיך גענומען פֿאָרן צװײטן, אָבער דער פּעטער האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— כאַפּט זײ דער רוּעך! נעם שוין מיט די פּיסלעך אײנײנעם...

איצט ליגט דאָס צעקאַליעטשעטע פּיסל באַ אַרענען אין דער קעשענע, און דער מאַטראַץ שטײט װי אַן אינװאַליד און שאָקלט זיך אײנײנעם מיט די עטלעכע פּאַסאַזשירן פֿונעם טראַמװײַ.

אַרן האָט ליב געהאַט פֿאָרן מיטן טראַמװײַ. דאָס איז געבליבן באַ אים נאָך פֿון די ערשטע נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן. דעמאָלט האָט ער ערשט אָנגעהױבן אַרבעטן אין דער מיליטאַריזירטער קאָמאַנדע, װעלכע רופֿט זיך „באַזונדערע פֿאַרבינדונג” און זי פֿאַרנעמט זיך מיט איבערפֿירן קאָסטבאַרע און װיכטיקע זאַכן. דער פֿעלדיעגער טאָר זיך ניט באַנוצן מיטן שטאָטישן טראַנספּאָרט: אָדער פֿאָרן אין א באַזונדערער מאַשין, אָדער גײן צופֿוס. מיט קינע פֿלעגט ער קוקן אױף די מענטשן, װאָס גײען אַרום אָן א נאַגאַן און קאָנען אַרײַנשפּרינגען אין א טראַמװײַ און פֿאָרן...

— דאָס איז אײַער מאַטראַץ? — האָט ער פּלוצעם דערהערט.

לעבן אים איז געשטאַנען א קלײנװוּקסיקער מאַנצביל מיט א פּלאַנשעט איבערן אַקסל.

— יאָ, מײַנער.

— איר װײסט װעגן דעם, אַז אַזעלכע זאַכן טאָר מען ניט אַריבערפֿירן אין טראַמװײַען?

— און װאָס אַרט עס אײַך?

— װאָרעם איך בין א קאָנטראָליאָר. — אַרן האָט באַמערקט אַן אַרעמבאַנד אױף זײַן לינקן אַרבל. — באַצאָלט א רובל שטראָף און גײט אַרויס מיטן מאַטראַץ אײנײנעם.

— עפּשער קאָן מען באַצאָלן דעם רובל און ניט אַרויסגײן? גיט נאָר א קוק — דער װאַגאָן איז דאָך קימאַט פּוסט. װעמען שטער איך?

— נײן. די אַלטע שמאַטע איז צו גרויס. זי איז נאָך מיסטאָמע אָנגעשטאָפּט מיט װאַנצן. טראָגט אַרויס דאָס אַלטװאַרג.

— אַלײן קאָן איך ניט.

דער קאָנטראָליאָר האָט אונטערגעכאַפּט דעם מאַטראַץ, און אינצװײען האָבן זײ אים אַרויסגעטראָגן פֿונעם װאַגאָן.

„נאָך פֿיר אָפּשטעלן און איך װאָלט געװען אינדערהײם”, — האָט א טראַכט געטאָן אַרן.

די צװײ מאַנצבלען זײַנען געשטאַנען אין דער פֿינצטערניש און פֿון בײדע זײַטן געהאַלטן דעם מאַטראַץ. אַרום דעם טראַמװײַ־אָפּשטעל זײַנען געװען רױנען פֿון אַלטע לײם־שטיבלעך. שוין עטלעכע כאָדאָשים. װי מע האָט אָנגעהױבן אַראָפּטראָגן די אַלטע קװאַרטאַלן אַרום דעם צענטראַלן מאַרק. אױפֿן אָרט פֿון אײניקע שטיבלעך האָט מען שוין אַפֿילע באַװיזן צוגרײטן עטלעכע קאָטלאָװאַנען פֿאַר נײַע פֿילשטאָקיקע הײַזער.

— אָט איז דער שטראָף... — אַרן האָט דערלאַנגט דעם קאָנטראָליאָר א רובל.

דער קאָנטראָליאָר האָט גענומען דאָס געלט, געעפֿנט דעם פּלאַנשעט, אַרויסגענומען א ביכעלע מיט קװיטלעך, אָפּגעריסן דעם אײבערשטן בויגן און געגעבן אַרענען:

— מע דאַרף דאָ אָנשרײַבן אײַער פֿאַמיליע, אָבער ס'איז אַזױ פֿינצטער, אַז איך זע גאָרניט.

— דאָס פּאַפּירל פֿעלט מיר נאָך אויס! העלף מיר בעסער אָפּטראָגן דעם מאַטראַץ אין די רױנען.

— צוליב װאָס?

— ער איז מיר נימעס געװאָרן... און מיסטאָמע איז די שמאַטע טאַקע פֿול מיט װאַנצן.

— לעבט ניט איבער. לאָמיר פּרוּװן אָפּשטעלן א מאַשין. און פֿון די װאַנצן, אויב זײ זײַנען אַפֿילע דאָ, קאָן מען דאָך פּאָטער װערן.

— נײן, װײַטער װעל איך אים ניט שלעפּן. װילסט מיר ניט העלפֿן, דאַרף מען ניט. כ'װעל אַלײן אָפּטראָגן.

און אַרן האָט זיך גענומען שלעפּן דעם מאַטראַץ.

— װאַרט אָפּ, — האָט אים אָפּגעשטעלט דער קאָנטראָליאָר, — איך טאָר פּאַשעט ניט שלעפּן שװעריקײַטן. אָבער מײַלע...

זײ האָבן אָפּגעטראָגן דעם מאַטראַץ צו די נאָענטסטע רױנען און אים א װאָרף געטאָן צװישן דעם מיסט.

אַהײם איז אַרן אַװעקגעגאַן צופֿוס. ער איז פּאָטער געװאָרן פֿון דער מאַסע, און גײן איז געװען גרינג און אָנגענעם, ער האָט אַפֿילע ניט באַמערקט, אַז אין דער קעשענע ליגט נאָך אַלץ דאָס אָפּגעבראָכענע פּיסל.

# אַלטע אָפּגעריבענע טרעף

יורע האָט אוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן-טרײַבל. אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער, און נאָר די שײַן אין די פענצטער פונעם דערבײַיִקן הויז האָט אונטערגעזאָגט, אַז דער מאַרשכוירעדיקער ווינטערדיקער פרימאָרגן איז שוין אָנגעקומען.

— ווער איז דאָס? — האָט ליובע א בורטשע געטאָן אין די קישנס אַרײַן.

— ס'האָט געקלונגען מאַשע. מיט עטלעכע שאָ צוריק איז געשטאָרבן רוווים כאַנאַנאַוויטש.

ליובע האָט זיך איבערגעקערט אַפּן רוקן און א קוק געטאָן, וויפל ס'האַלט דער זייגער.

— האַלב זיבן. נו, און וואָס דאַרפסטו טאָן?

— פאָרן. איך וועל אָנקלינגען אַליסטראַטאָוון און זיך אָפּבעטן אויף צוויי-דרײַ טעג.

ליובע האָט א טראַכט געטאָן, אַז די רײַזע וועט קאָסטן ניט ווייניקער פון א הונדערטער (בילעטן, א קראַנץ, עפּעס פון מאָסקווער פּראָדוקטן). מע וואָלט געקאָנט קויפן א פּאָר נײַע דזשינסן פאַר מאַרישען, אָדער פּאַשעט אָפּלייגן דאָס געלט אויף זומער... זי האָט אָבער באַשלאָסן ניט דערפירן ביז א געקריגערײַ.

שוין מיט א צען יאָר צוריק האָט ליובע פאַרענדיקט דעם פאַרגלײַך-אַנאַליז פון איר מאַן און זיך איבערצײַגט, אַז בא איר איז ניט קיין שלעכטער וואַריאַנט. נאָך עפּעס א קוראָרט-ראָמאַן, וועלכער האָט זיך געצויגן צו לאַנג און געבראַכט איר מער פּײַן און דערנידעריקונגען, איידער פרייד, האָט זי זיך געהאַט באַרויִקט, און פריִער מיטן סייכל און שוין נאָכדעם מיטן האַרצן איז זי אַרײַן אין דער ראָליע פון אַן איבערגעגעבן ווײַב. איצט האָט זי געזאָגט יורען:

— פאָר, אויב דו מיינסט, אַז ס'איז נייטיק.

די פּילצאָליקע קאָמאַנדירונגען האָבן געמאַכט פון יורען א ספּעציִאַליסט אויף קריגן אײַזנבאַן-בילעטן, און אין סאַך פון דעם זעלבן טאָג איז ער שוין אָנגעקומען אַפּן אָרט.

אין דער שטאָט, וווּ ער איז אויסגעוואַקסן, האָט זיך אים ניט געוואָלט דורכלאָזן די מעגלעכקייט צו „אײַנשטילן די נאָסטאַלגיע", ווי ער אַליין האָט אָנגערופן דאָס דורכגיין זיך פונעם וואָקזאַל איבער באַקאַנטע גאַסן. ער איז שוין צוגעוווינט געוואָרן צו מאָסקווע, אָבער אין דער גרויסער און צומאָל אויסמאַטערנדיקער שטאָט זײַנען בא אים ניט געווען קיין אייגענע גאַסן, וואָס זאָלן זײַן אים אַזוי נאָענט, ווי די עטלעכע קוואַרטאַלן פון פירשטאָקיקע אָפּגעשטוקאַטורטע הײַזער, וועלכע מע האָט אופגעבויט נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן.

די ערשטע צײַט נאָכן אַריבערפאָרן קיין מאָסקווע פלעגט ער קומען אהער יעדן זומער. טכילעס — אַליין, נאָך דער כאַסענע — אײַנצווייען מיט ליובען, דערנאָך — אויך מיט מאַרישען. אָבער פאַר די לעצטע פינף יאָר איז ער געווען דאָ בלויז אויף דער זילבערנער כאַסענע בא מאַשען און דאָס צווייטע מאָל, ווען יולקע באַלאַבאַן האָט צונויפגעשלעפּט זיי אַלעמען, וועלכע האָבן צוזאַמען פאַרענדיקט דעם צענטן „א" קלאַס פון דער זעקסטער שול.

מיט פינף יאָר צוריק האָט יורע דאָס לעצטע מאָל גערעדט מיטן פאָטער. אַזוי ווי הײַנט אינדערפרי, האָט ער אויך גלײַך פונעם שלאָף ניט פאַרשטאַנען, ווער עס קלינגט און וועגן וואָס.

— יודל, — אַזוי פלעגן אים רופן נאָר די עלטערן, — יודל, וואַרף אַלץ און קום גלײַך צו פאָרן.

— טאַטע, וואָס האָט פּאַסירט?

— דערווײַל נאָך גאָרנישט. נאָר הײַנט צי מאָרגן וועט פּאַסירן. איכ'ל שטאַרבן.

— וועגן וואָס רעדסטו!..

— קום. — און אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

מיט אַנדערהאַלבן שאָ שפּעטער איז ער געשטאָרבן.

יורע איז געקומען אהיים דער לעצטער. מע האָט אים דערציילט, אַז אַזייגער פינף אינדערפרי האָט דער פאָטער אופגעוועקט די מאַמע און געזאָגט:

— שיינדל, לאָמיר זיך געזעגענען. איך שטאַרב.

— וויי די יאָרן, וואָס באַלבעסטו? זאָג ווי א מענטש, וואָס טוט דיר וויי?

— קיין שום ווייטיק פיל איך ניט. איך פיל פּאַשעט און איך ווייס, אַז איך שטאַרב. קלינג אָן די קינדער. זאָלן זיי קומען.

— מאָטל! איך בעט דיך, רעד קלאָר. וואָס טוט דיר וויי? וועלכע רעפוע דיר ברענגען? עפשער אַרויסרופן א נעאָטלאָזשקע?

— שיינדל, וויפל מאָל קאָן מען איבערכאַזערן, אַז ס'טוט מיר גאָרנישט ניט וויי. רוף די קינדער.

— ביסט פּאַשעט איוווערבאַטל. לייג זיך בעסער אוועק און שלאָף.

— גוט. אויב דו ווילסט עס ניט טאָן צוליב מיר, וועל איך אַליין אָנקלינגען.

ער האָט אָנגעהויבן ארויסרופן דורכן טעלעפאָן די קינדער אינעם זעלבן סיידער, אין וועלכן זיי זײַנען געבוירן געוואָרן.

אווראָמיר, דער עלטערער זון, האָט אויסגעהערט דעם פאָטער, געענטפערט, אז ער פאָרט ארויס, און אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל. —

„יאָ, ניט אומזיסט האָבן מיר פארן בכאָר צוגוויפגעגאָסן די ביידע נעמען פונעם זיידן אווראָם-מייער. יענער איז אויך געווען אזא מין, קימאַט א שטומער”...

מאשע האָט גלײַך אָנגעהויבן וויינען און שרײַען, אז זיי ביידע, דאָס הייסט, ער, דער



פּאָטער, און די מאמע צערײַסן זי אף שטיקער, אז געגוג, וואָס זי שלעפּט זיי פּראָדוקטן, ראַמט בא זיי אוף, לויפט ארום איבער אַפּטייקן... מאָטל האָט ניט אויסגעהאַלטן און ארײַנגעזאָגט איר, אז זי איז צעבאַלעוועט, און אָנגעהויבן אָנקלײַבן יורעס טעלעפאָן-נומער.

מאשע און אווראָמיר זײַנען געקומען אינייניעם. מאָטל האָט זיי באַגעגנט מיט א שמייכל. ריידן איז ער שוין ניט אימשטאנד געווען. ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אז אַלע זײַנע קויכעס זײַנען אוועק אף די טעלעפאָן-געשפּרעכן. אזוי, מיט דעם שמייכל, האָט ער באַגעגנט די דאָקטוירים. מיט דעם דאָזיקן שמייכל איז ער געלעגן א טויטער. עמעצער האָט באַמערקט:

— ער לאַכט, ווי אין שלאָף...

פאר יורען האָט דעם פּאָטערס שמייכל געהאַט אזא זין: כאָטש די שאָ איז א טרויעריקע, סײַווי איז ער צופרידן, וואָס זיי אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן. דער פּאָטער האָט ליב געהאַט זאָגן, אז א קוורה און א כאַסענע האָבן עפּעס געמיינזאמס צווישן זיך: סײַ אף א כאַסענע, סײַ אף א קוורה קלײַבט זיך צונויף א וועלט מיט מענטשן — באַקאַנטע, כאַווײרים, קרויווים. ס'קומען אפילע די סאָנים. און א קוורה איז אפילע בעסער, פלעגט ער צוגעבן, — וואָרעם אף א כאַסענע קלײַבט מען אויס די געסט, און דאָ קומען אַלע, ווער עס וויל נאָר. האַקלאַל, צוליב דעם לוינט שטאַרבן...

זעענדיק דעם טאַטנס טויט-שמייכל, איז ארן ארויסגעלאָפן פון דער שטוב אין הויף און, וויינענדיק, זיך צוגעזעצט אף א באַנק.

— וויין, וויין. שעם זיך ניט, — האָט זיך אומגעריכט דערהערט רוווים כאַנאַנאָוויטשעס קאָל. יורע האָט אפילע ניט באַמערקט, אז מאַשעס שוועער איז שוין געזעסן אף דער באַנק.

יורע האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט נאָך ניט באַוויזן איבערעדן מיט רוווים כאַנאַנאָוויטשן. בײַס די פריִערדיקע באַזוכן אין דער היימשטאָט פלעגט ער פון אָנהייב אָן לויפן צו מאַשען, וועלכע האָט געלעבט אינייניעם מיטן שוועער, ארויסרופנדיק מיט דעם אײַפערזוכט בא די עלטערן, שוין אָפּגערעדט וועגן ליובען.

רוווים כאַנאַנאָוויטש איז געווען באַוווּסט אין דער שטאָט ווי דער בעסטער לערער פון געשיכטע. און יורע איז געווען זײַן ליבלינג. עמעס, רוווים כאַנאַנאָוויטש האָט ליב געהאַט אַלעמען, ווער עס אינטערעסירט זיך מיט געשיכטע. „פון א מענטשן, וועלכער ווייסט ניט דאָס פריִערדיקע לעבן, קאָן מען וואַרטן, וואָס נאָר אירווילט”...

— אָט אזוי נאַריש איז די וועלט, — האָט שטיל געזאָגט רוווים כאַנאַנאָוויטש. — איין זאַך וויל איך דיר זאָגן: דו דאַרפסט זײַן גליקלעך, וואָס מע האָט דיך ניט ארויסגעלאָזט, ווען דו האָסט זיך געריסן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. שטעל זיך פאָר, אז דו וווינסט היינט ניט אין מאָסקווע, נאָר, לעמאָשל, אין כײַפע אָדער אין ניו-יאָרק. וואָלסט קיינמאָל ניט אויסגעבעטן מעכילע בא זיך אליין פאר ניט זײַן בא דײַן טאַטנס קוורע... וואָס הערט זיך ביכלאַל מיט דײַן ארויספאָרן?

— נו, איר ווייסט דאָך, אז מע האָט מיר דעמלט אָפּגעזאָגט.

— פאַרוואָס?

— כ'האָב געאַרבעט אין א „פּאָסט-קעסטל”.

— איצט איז דאָך שוין דורכגעגאַן א היפּשע צײַט...

— טאַקע פאר אָט דער צײַט איז ארויס פון מיר דער דיבעק... דעם ווײַבס צושטיין, מיר זאָלן אויספּרוּוון אַן אַנדער מאַזל... איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס: איך האָב שוין פון זיך אליין איבערגעבערענט. געווען איז עס א נאַרישקײַט, א גרויסע נאַרישקײַט. דעמלט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז מע נעמט אזוי-אָגרינג און מע פאָרט אוועק פונעם אַלטן מאָקעם, ווו די פאַבריקעס מאַכן ניט קיין לײַטישע דזשינסן. מיט דער צײַט אָבער איז געקומען צו מיר דער אייגענער סייכל...

— דאָס איז גוט. קום ארײַן אין שטוב. אין א שאָ ארום דאַרף מען שוין פאָרן אפן בעסוילעם.

צוריק, קיין מאָסקווע, איז יורע געפאָרן אינייניעם מיט דער מאַמען. גלײַך נאָך דער קוורע האָט זי געזאָגט, אז אין דער אַלטער דירע וועט זי ניט בלײַבן. לעבן מיט מאַשען האָט זי ניט געוואָלט איבער דעם איידעם. די עלטערע שנור איז געווען בא שיינדלען א גאָלד. בלויז אזא מין גאָלד איז אימשטאַנד געווען אויסהאַלטן אווראָמירס קונצן. אפילע פאר דער מוטער איז דאָס געווען שווער. אזויאַרום, איז געבליבן אריבערפאָרן צו יורען. די ייִנגסטע שנור איז, עמעס, א צאַצקע, אָבער א קלוגע...

אין אָוונט, ערעוו זייער אוועקפאָרן, איז געקומען רוווים כאַנאַנאָוויטש. געזעסן איז ער לאַנג. געשוויגן. דערנאָך האָט ער ארויסגערופן יורען אין קיך.

— יאָ, א גרויסע וועלט און א סאַך צאָרעס... דו קאָנסט נאָך ניט פאַרשטיין, וואָס עס פילט א מענטש, ווען ס'הייבן אָן אוועקגיין די, וואָס זײַנען אין איין עלטער מיט אים. מיר, ייִדן, לעבן אַלע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. אָבער בא איינע באַקומען זיך די יאָרן קירצער, בא אַנדערע — לענגער. גיב

מיר א וואָרט, אַז דו וועסט קומען, וועט כ׳וועל אָפּציילן מײַנע הונדערט און צוואַנציק...

און באַמערקנדיק, אַז יורע וויל עפּעס זאָגן, האָט ער צוגעגעבן:

— אָבער אָן די נאַרישע דיבורים וועגן דעם, אַז איך בין נאָך א געזונטער ייִד און אַזוי ווײַטער. זאָג פּאַשעט: יאָ אָדער ניט.

— יאָ.

— נו, א דאַנק. און איצט וועל איך גיין. קום, איך דאַרף זיך געזעגענען מיט דײַן מאַמען.

יורע איז אַרויסגעגאַנגען מיט די אַלטע אָפּגעריבענע טרעפּ אויפן דריטן עטאַזש. אַט איז די דירע. די טיר האָט געעפנט מאַשע.

— איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט קומען. גיי אַריין, מיר וואַרטן אויף דיר.

# אין א בעדאַרקע

(אַן אויסגעדראָשענע נאַסטאַלגישע מײַסע פונעם פאַרמילכאָמעדיקן אָוואַר וועגן מענטשן, וואָס זײַנען שוין לאַנג ניטאָ אויף דער וועלט)

אויף דער סטאַנציע האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף א מינוט. יעדנפאַלס, גלײַך נאָך דעם, ווי פונעם לעצטן וואַגאָן איז אַרויסגעשפּרונגען א יונגער מיליטערמאַן מיט פּעטליצעס און צייכנס פון א באַטאַליאָן-קאָמיסאַר, האָט דער מאַשיניסט גלײַך ווי פאַרלאָרן דעם אינטערעס צו דער סטאַנציע און א לאָז געטאָן דעם לאָקאָמאָטיוו ווײַטער, קיין דאָנבאַס.

דער קאָמיסאַר האָט זיך אַרומגעקוקט, באַמערקט אויפן פּעראָן א מיליציאָנער און זיך אָנגעפרעגט, וויאַזוי זיך דערקלײַבן צו דער קאָלאָניע.

— איר ווייסט, כאַווער קאָמיסאַר, אָהין וועט באַלד פאָרן א בעדאַרקע מיט דער פּאָטשט. קומט, כ׳וועל אײַך ווײַזן.

דער מיליציאָנער איז אײַנגעגאַנגען מיטן קאָמיסאַר צוגעגאַנגען צו דער בעדאַרקע. דאָס פערד, אינגאַנצן פאַרשפּריצט מיט ברוינער וועג-בלאָטע, איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי אַן אויסגעגראָבענע פון דער ערד און נאָך ניט אָפּגעוואַשענע סטאַטוע. פּלוצעם איז עס לעבעדיק געוואָרן און אָנגעהויבן דרייען מיטן קאָפּ, דערזעענדיק א מאַנצבל, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער טיר, אויף וועלכער ס׳איז מיט אָפּגעבליאַקעוועטע אויסיִעס געווען אָנגעשריבן אויף אוקראַיִניש „פּאָשטאַ”. דער מאַנצבל האָט אוועקגעלייגט אין דער בעדאַרקע א זאַק און א בורטשע געטאָן צום מיליציאָנער אויף ייִדיש:

— וואָס טוסטו דאָ, כאַפּסט גאַזלאָנים?

— שאָלעם-אַלייכעם, רעב שימען, — האָט אויך אויף ייִדיש זיך געגריסט דער מיליציאָנער. פאָרן קאָמיסאַר איז דאָס געווען אומגעריכט, ווײַל בײַ דעם מיליציאָנער איז דאָס פּאָנעם ניט קיין ייִדישס. — כאַווער באַר, נעמט מיט זיך דעם כאַווער קאָמיסאַר. ער פאָרט צו אײַך אין דער קאָלאָניע.

דער קוטשער האָט א קוק געטאָן אויפן קאָמיסאַר און ניט זייער צוגלאָזן געענטפערט:

— איך טאָר ניט נעמען קיין זײַטיקע מענטשן. באַ מיר איז די פּאָטשט...

— אָבער איך בין א מיליטערמאַן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט דער קאָמיסאַר, — איך קאָנט רעכענען, אַז איך באַגלייט אײַך. כוץ דעם, וועל איך אײַך באַצאָלן.

— ס׳איז א מעלוכישע בעדאַרקע, דערפאַר האַלט דעם רובל באַ זיך, — שימען איז אַרײַנגעקראָכן אין דער בעדאַרקע, — זעצט זיך אויך אַרײַן, כאַווער. לאָמיך טאַקע פאָרן מיט א קאָנוואָי...

דער קאָמיסאַר איז אַרײַנגעשפּרונגען אין דער בעדאַרקע און זיך אַוועקגעזעצט לעבן דעם קוטשער. זיי זײַנען פאַרבײַגעפאָרן די עטלעכע ליימענע שטיבלעך, הינטער וועלכע ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א צעקלאַפּטער שליאַך. די בעדאַרקע האָט זיך געהעצקעט, און דעם קאָמיסאַר איז פון אָנהייב אָן געוואָרן ניט באַקוועם דאָס פאָרן.

— כאַווער באַר, ווי לאַנג וועלן מיר זײַן אונטערוועגנס? — האָט געפרעגט דער קאָמיסאַר. ער האָט שוין באַוויזן באַטראַכטן דעם קוטשער — א גאָלבערדיקן ייִדן פון א יאָר פינף און פופציק. אָנגעטאָן איז שימען געווען אין א וואַטניק, אין געוואַנטענע הויזן, אַרײַנגעלאָזטע אין די שטיוול, און אין א היטל.

— א פּאָר שאָ געוויס. איר זעט דאָך, וואָס פאַר א בלאָטע. איצט איז נאָך נישקאָשע. מיט א וואָך צוריק זײַנען מיר קימאַט אינגאַנצן אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער וועלט. — שימען האָט געשוויגן א ווײַלע און דערנאָך צו-

געגעבן, — ווען ס׳איז טרוקן, קאָן מען זיך דערקלײַבן פאר א שאָ צײַט, — און א שמייכל געטאָן צו זיך אליין, — אָבער דעמלט וועט זיך פאָדערן א שאָ אף צו אויסניסן דעם שטויב...

דאָס אלץ האָט דער קוטשער געזאָגט, ניט קוקנדיק אפן קאָמיסאר. נאָך א ווײַלע זײַנען זיי געפאָרן שווײַגנדיק. פלוצעם האָט שימען א פרעג געטאָן:

— כאָווער קאָמיסאר, איך פארשטיי, אז קעדיי באקומען אזעלכע פעטליצעס, דארף מען אָפדינען לענגערע יאָרן. און דאָך אף יידיש רעדט איר פײַן, כאָטש א סאך ווערטער רעדט איר ארויס אזוי ווי די טשיקמײַערס.

— וואָס איז דאָס אזוינס — טשיקמײַערס?

— עס דארף אײַך זײַן באוווּסט, אז די היגע קאָלאָניסטן, רעדן אף ליטווישן יידיש, וואָרעם נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק איז מײַן זיידע געקומען אהער פון ליטע. און אזוי איז מיט די אלע אלטע קאָלאָניסטן. און אין די נײַע קאָלאָניעס, אין די, וועלכע מע האָט אויסגעבויט ניט לאנג צוריק, זײַנען שוין גע-קומען יידן פון די געגנטן לעם פוילן. רעדן זיי אנדערש. אָט האָבן אונדזערע לייצים צו-געטראכט פאר זיי א נאָמען.

— אָבער פארוואָס טאקע... ווי רופט איר זיי אָן? איך האָב שוין פארגעסן.

— די טשיקמײַערס. איציק איז בא זיי אי-טשיק און מייער איז מײַער. איטשיק און מײַער — באקומט זיך טשיקמײַער, — און



שימען האָט זיך אַליין צעלאַכט פון דער אומדערוואַרטער ווערטער-שפּיל.

שימען האָט געשוויגן אַ ווײַלע און דערנאָך ניט אויסגעהאַלטן:

— זײַט מיר מוחל, אָבער מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך אין דער אַרמיי?

— איך בין אַ זשורנאַליסט.

— עפּעס אַ שטיקל שרײַבער?

— יאָ, טאַקע אַ שטיקל, — האָט אַ שמייכל געטאָן דער קאָמיסאַר.

— אָבער שרײַבן שרײַבט איר מיסטאמע אויף ייִדיש?

— ניין, אויף רוסיש. איך אַרבעט אין די אַרמייִשע צײַטונגען. אויף ייִדיש גייען אַרויס אַנדערע אויסגאַבעס. איר לייענט זיי אַוודאי...

— איכ׳ל אײַך זאָגן דעם עמעס, — האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט שימען, — איך לייען ניט די צײַטונגען, כאָטש קימאַט אַלע טאָג, ווי הײַנט, פיר איך די פּאָטשט פון דער סטאַנציע. און שולדיק אין דעם, דאַרף איך אײַך זאָגן, איז דער מעלאַמעד מײַנער, אַלעווהאַשאַלעם, הייסט עס, כאַיִם-מייער. ער האָט מיך אַזוי גוט אויסגעלערנט אונטערזינגען באַם לייענען, אַז די צײַטונגען לייען איך אויך אַזוי, אונטערזינגענדיק. הייב איך אָן אונטערזינגען — קומט אויף מיר אָן אַ שלאָף. אין כיידער פלעגט כאַיִם-מייער גלײַך מיך וועקן מיט זײַן קאַנטשיק, און דאָ ווער איך טאַקע אַנשלאָפן. פרעגט זיך, ווען דאַרף עס אַרן? פון שלאָפן איז נאָך קיינער ניט געשטאָרבן. אָבער איך האָב אַ כיסאָרן — איך כראָפּע. כ׳וועל זיך ניט באַרימען, אָבער בעסער פון מיר כראָפּעט דאָ קיינער ניט. לייזער זאָגט, אַז די גאַנצע קאָלאָניע ווערט פאַרציטערט, ווען איך לייג זיך אַוועק שלאָפן. האַקלאַל, דאָס ווײַב מײַנס לאָזט מיך ניט לייענען, וואָרעם, זאָגט זי, זי איז זאַט מיט מײַנע באַנאַכטיקע מישעביירעכן. איך האָב שוין געבעטן אַן אייצע באַם אַפּטייקער. ער איז באַ אונדז בעסער פון אַנדערע דאָקטוירים. וואָס, מיינט איר, האָט ער מיר געענטפערט? אַז מע קען פּאָטער ווערן פון אַ קילע אָדער פון אַ מאַקע, נאָר פון כראָפּען — דאָס ניט...

שימען איז אַנשוויגן געוואָרן. דאָס פּנים האָט זיך באַ אים צונויפגערונצלט און איז געוואָרן קלענער, ווי פריִער. אַ ווײַלע האָט ער עפּעס געקײַעט מיט די ליפּן, דערנאָך אַ שפּײַ געטאָן און זיך אויסגעדרייט צום פּאַסאַזשיר:

— זײַט מיר, כאַווער קאָמיסאַר, נאָכאַמאָל מויכל, אָבער צו וועמען פאָרט איר? אויב ס׳איז, כאָלילע, ניט קיין סאָד.

— באַ אײַך אין דער קאָלאָניע לעבט מײַן ברודער.

— און ווי זשע הייסט ער, דער ברודער אײַערער? אויב עס איז קיין סאָד ניט...

— פאַרוואָס דאַרף אַלץ זײַן אַ סאָד? מע רופט אים לייב גאָלאָדנער. ס׳קאָן זײַן, אַז איר ווייסט אים.

שימען האָט זיך צעלאַכט:

— ס׳זעט זיך גלײַך, אַז איר זײַט אַ שטאָטישער מענטש. ווי קען איך ניט וויסן עמעצן ניט בלויז פון מײַן קאָלאָניע, נאָר פון די אַלע זיבעצן קאָלאָניעס אויך? ווי, פרעגט זיך, קען איך ניט וויסן דעם כאַווער גאָלאָדנער! ער איז דאָך באַ אונדז דער דירעקטאָר פון דער שול.

— און איך האָב אים ניט געזען שוין אַכט יאָר, זינט דעם איין-און-דרײַסיקסטן. דעמאָלט איז ער אַוועקגעפאָרן אַהער, גלײַך נאָכן אינסטיטוט.

— הייסט עס, אַז דאָס ווײַב זײַנס און דעם זון האָט איר נאָך ניט געזען?

— פאַרשטייט זיך.

שימען האָט אונטערגעהויבן דאָס היטל, אַזוי ווי אָפּגעגעבן עמעצן זײַן גרוס.

— יאָ, מיטן זון איז באַ זיי געווען פריילעך.

— וואָס מיינט איר? — האָט זיך פאַרינטערעסירט דער קאָמיסאַר.

— איר פאַרשטייט, כאַווער גאָלאָדנער, דער שווער באַ דעם ברודער אײַערן, הייסט עס, אויב איר ווייסט ניט, מאָטל מאַרגוליס, איז זייער אַ פרומער ייִד. פרומער פון אים איז אין דער גאַנצער קאָלאָניע נאָר יאַקאָוו קראַווטשענקאָ, דער איינציקער גער. אָט דער מיליצייאָנער, וואָס האָט אונדז באַקענט, איז דעם גערס זון...

— ווי זשע האָט אַזאַ מין פרומער ייִד דערלאָזט, אַז זײַן טאָכטער זאָל נעמען אַזאַ מין אַפּיקוירעס, ווי דער ברודער מײַנער?

שימען האָט צוגעזשמורעט די אויגן און כיטרע אַ קוק געטאָן אויפן קאָמיסאַר:

— אויב אַ מענטש איז אַ פרומער, הייסט עס נאָך ניט, אַז ער איז אַ נאַר. דער אייבערשטער האָט מאָטלען געשיקט זעקס טעכטער. ווי קען ער, פרעגט זיך, איבערקלײַבן? צו דעם איז ער נאָך אַ קאַפּצן, פון דאַוונען ווערט דאָך אַ מענטש רײַכער נאָר אויף יענער-וועלט. כאָטש מאָטל פלעגט ליב האָבן זאָגן, אַז די טעכטער זײַנען באַ אים אַלע שיינהײַטן און מע וועט זיי צעכאַפּן פאַר אַ וואָך צײַט, און נאָכדעם וועט מען קומען און קלאַפּן אין די פענצטער און זיך נאָכפרעגן, צי ער האָט נאָך. די גאַנצע שטאָט האָט אָבער געוווּסט, אַז לאַנג וועט ער ניט טראַכטן. אַזוי איז טאַקע געווען. די ערשטע איז אַראָפּ פונעם מאַרק די מיטלסטע — באַסיע. דער כאַווער גאָלאָדנער איז געווען טאַקע אַ פײַנער כאָסן. שטעלט זיך פאָר, פון דניעפּראָפּעטראָווסק האָט מען

אים צוגעשיקט א וועלאָסיפּעד, א מאַטאָנע פֿאַר זײַן גוטער ארבעט. אָבער איך דערצייל און דערצייל, און איר ווייסט אלצדינג. איר און דער כאַוער גאָלאָדנער, אײַער ברודער, זײַנען דאָך שרײַבנדיקע מענטשן. דער ברודער שרײַבט אײַך מיסטאמע...

— איין מאָל אין א פּורים. ס'איז ניט פֿאַרפּירט געוואָרן בא אונדז, מע זאָל שרײַבן בריוו.

שימען האָט א קוק געטאָן אפֿן קאָמיסאַר מיט פֿאַרורטיילונג.

— גוט. וועל איך אײַך דערציילן די מײַסע ווײַטער. אין א יאָר ארום נאָך דער כאַסענע, אזוי ווי מע דאַרף, באַקומען די יונגע, דער כאַווער גאָלאָדנער און באַסיע, נאָך א צוגאָב — דעם זון. דער פֿרומער מאָטל איז געווען צופֿרידן — אן אייניקל! מע האָט דאָס יינגל אָנגערופֿן נאָך מאָטלס פֿאָטער. עמעס, בלויז אף האַלב. יענער האָט געהייסן הירש־שלוימע, און דעם אייניק האָט מען אָנגערופֿן גרישע. איך האָב אליין געזען די מעטריקע — גרישע לייבאָוויטש. אַט אזוי פֿירט זיך הײַנט. ווער האָט פֿריִער געהערט וועגן אָטשעסטוועס? רעב שימען אָדער פּאָשעט שימען דער קוטשער — מער האָב איך ניט פֿאַרדינט. ערשט אין די לעצטע צען יאָר בין איך געוואָרן כאַווער באַר. און הײַנט, זעט נאָר, א קליינער פּיפּערנאָטער האָט שוין אן אָטשעסטווע!

צי פֿון גרימצאָרן, צי פֿון צופֿרידנקײַט האָט זיך שימען אפֿילע אופֿגעהויבן און א שמײַס געטאָן דאָס פֿערד.

— בעקיצער, מאָטל איז געווען אפֿן זיבעטן הימל. אָבער מע דאַרף דאָך גרייטן די בריס־מילע. און דאָ איז געוואָרן כוישעך. שטעלט זיך פֿאָר, הירש־שלוימע איז געווען א ראָוו, נאָך מיט סמיכעס, וועלכע ער האָט באַקומען ניט ערגעץ־ווו, נאָר אין ווילנע. אזא בעקאָוועדיקער גאָען מיט א ניט־געמאַלעטן יוירעש! א ביזאָיען! אָבער די יונגע האַלטן זיך האַרט. ניין, און גאָר. איך געדענק, דער ברודער אײַערער האָט דעמלט געלייענט א לעקציע אינעם קלוב וועגן דעם, וואָס עס הייסט הײַנט־צו־טאָג יידישקײַט. א קלוגער מענטש איז ער, דער ברודער אײַערער. עמעס, אינגאַנצן בין איך מיט אים ניט מאַסקים, כאָטש, ווי איר זעט, הײַנט איז בא אונדז פּייסעך, און איך פֿאָר דאָך אף דער קליאַטשע נאָך די פֿאָר זעק פֿון דער פּאָטשט.

— אָבער מאָטל האָט זיך דעמלט באַרויִקט?

שימען האָט נאָכאַמאָל א שמײַס געטאָן דאָס פֿערד.

— וואָס הייסט באַרויִקט! די יונגע האָבן מוירע געהאַט, אז דער אלטער וועט ארויסגאַנווענען דעם באָכערעץ און מאַכן אַלץ, וואָס מע דאַרף, בעסאָד, שטילערהייט. זײַנען זיי, די יונגע, אנטלאָפֿן אין אן אנדער קאָלאָניע. נו, אַט זײַנען מיר שוין, דאנקען גאָט, געקומען.

דער קאָמיסאַר האָט טאַקע ניט באַמערקט, ווי די בעדאַרקע איז ארײַנגעפֿאָרן אין א דאָרפֿישער גאַס.

— איך פֿאַרשטיי ניט... וואָס, איך פֿאָר אהער אומזיסט? — האָט זיך אומרויִק דערפֿילט דער קאָמיסאַר.

— פֿאַרוואָס עפּעס אומזיסט? — האָט איבערגעפֿרעגט שימען.

— איר האָט דאָך געזאָגט, אז דער ברודער לעבט אין אן אנדער קאָלאָניע.

— וואָס הייסט — לעבט. זיי האָבן דאָרט געלעבט. הײַנט לעבן שוין די יונגע אינאיינעם מיט די עלטערן. דער פֿרומער מאָטל האָט זיך געהאַלטן א יאָר. פֿאַר דער צײַט האָט מען טאַקע גענומען צעכאַפּן די אנדערע טעכטער. שטעלט זיך פֿאָר, אלע כאַסאַנים זײַנען, ווי אפּצולאָכעס, איינער א פּאַרטייעץ, דער אנדערער א קאָמסאָמאָליעץ. איינמאָל איז מאָטל מאַרגוליס אוועקגעפֿאָרן אין דער אנדערער קאָלאָניע און געבראַכט די יונגע צו זיך... אָט, גיט א קוק, איז די שטוב. באַלד וועל איך אײַך צופֿירן.

— מע דאַרף ניט. א גרויסן דאנק אײַך. איכ'ל זיך דורכגיין די עטלעכע שטיבער.

דער קאָמיסאַר איז אראָפּגעשפּרונגען פֿון דער בעדאַרקע און איז אוועק צו דעם פֿרומען מאָטלס שטוב. ער האָט א טראַכט געטאָן, אז פֿון דעם געשפּרעך מיטן קוטשער קאָן זיך באַקומען א נישקאָשעדיקע פֿאַרצייכענונג פֿאַר דער צײַטונג. די סיפּער־האַמײַסע איז אן אויסגעדראָשענע: אף וויפֿל טויזנט זײַטלעך האָבן שוין דערציילט מײַסעס די קוטשערס — העלדן פֿון פֿאַרשיידענע ראָמאַנען און דערציילונגען?!



# זיסי ווייצמאַן



געבוירן געוואָרן אין 1946 אין בעלץ (מאָלדאַוויע) אין דער מיש־פּאָכע פון א סטאָליער. פאַרענדיקט א בוי־שול אין 1967. אָנגע־הויבן זיך דרוקן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" אין 1971. דינט אינעם מיליטער אפן וויטן מיזרעך אלס שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמאַנ־דיר פון א טייל.

## דער טײַך סעלעמדזשא

סאָסנעס און סאָפּקעס, באַרויקט זיך, שאַ! —
די קרײַע גייט אף דער סעלעמדזשא.
פון דאַרעם און מיזרעך, פון פאָרנט און הינטן
באַלעבאַטעווען ווארעמע ווינטן.

דער רוישיקער טײַך — ווייס איך וויפל מעסלעסן
רײַסט זיך פון זײַנע פאַרפרוירענע נעסטן.
מיט קאַס און מיט צאָרן, מיט ווילדקייט און טומל
יאָגט סעלעמדזשא דורך דער אייביקער טײַגע.

איך שטיי אפן ברעג אין דער לויטערקייט פרי׳ער,
מיט אייוורים מיט אלע איך פיל שוין דעם פרילינג.
דער וואַלד איז נאָך גרוי, נאַר, צו סאָפּקעס געטוליעט,
שפּראַצט אומדערוואַרט פּיאָלעט דער באַגולניק.

א מאָדנע מעלאָכע פאַראַן בא דעם פרילינג —
צעברעכן דאָס אײַז, פון דער זון זײַן א צווילינג,
זיך בעמען א מאָס בא די ראַכוועסן פרײַע,
פאַראַקשנט די ליכטיקע וועלטן באַנײַען,
און פּלוצעם אין גרויען, ווי סאײַז, אינדערוואַכן
א ווײַז טאָן דעם זוניקן שטראַל פון ביטאַכן...

## א לידעלע

איר ווייסט, כ׳האָב געזען,
ווי א זשומעדיק פליגל
האָט נעכטן געשפּילט
אף א פידל א ניגן.
אזא מין קאָנצערט —
א מעכײַע צו הערן!
איר גלייבט ניט מיסטאמע?
איך קאָן זיך אײַך שווערן!

א קאַץ מיט א מײַזל —
ביידע אינײנעם

האָבן געטאַנצט
א האָפּ-האָפּקע א שיינע.
א פּײַפּעלע שפּילט,
און די טענצער — זיי שוועבן...
איר גלייבט ניט מיסטאָמע?
זאָל איך אַזוי לעבן!

דערנאָך איז א קו,
ווי, לעהאַוודל, א פויגל,
צו וואָלקנס קודלאַטע
גאָר פלוצעם געפלויגן,
און שוין פון דער הייך
ניט געוואָלט זיך מער קערן.
איר גלייבט ניט מיסטאָמע?
איך קאָן זיך אײַך שווערן!

## מ ײַ ן ה א ר ץ

דורך פעלדער און וועלדער, דורך היצן און קעלטן
איך גיי און איך יאָג, און דאָס הארץ מײַנס קערט וועלטן.
און אויב נאָר בא עמעצן ברויזט אוף א ווייטיק,
רופט אָפּ זיך מײַן הארץ דערוף באַלד טאַקע, טייקעף!

זײַ מויכל, מײַן הארץ, פאַר דער דאָזיקער דאַליע,
וואָס לעבן איך קאָן ניט שא-שטיל און פּאַוואָליע,
פאַר דעם, וואָס מיט ווינטן איך בלאָנקע געאָרעמט,
און גרייט בין צו לויפן אָפּ יעדן אַליאַרם...

## מ א מ ע־ל אָ ש ן

איך האָב, מײַן פרײַנט, צו דיר אזא באַקאָשע:
דו רעד מיט מיר אָפּ אונדזער מאַמע-לאָשן.

אין ווײַטע אָפּקלאַנגען פון ליבע און פון סינע
כ'הער פון מײַן שפּראַך די לויטערע נעגינע.

אין טעג אין זוניקע, אין גרויע, ווי א מאַנטיק,
כ'האָב יִדיש ניט געלערנט, נאָר דערמאָנט זיך.

זײַן שײַן אין הארץ — זי ווערט ניט אויסגעלאָשן.
דו רעד מיט מיר אָפּ אונדזער מאַמע-לאָשן.

## פריילעך און מונטער

הײַנט איז בא מיר מיטן פרילינג א קנאַסמאַל,
דער שניי רינט אראָפּ פון דער ערד אָן א טערעץ.
ווי פאַפּשויען געפּראַזשעטע קנאַקן די קנאָספּן,
און מע צעבערעכט דאָ א זוניקן טעלער.

די שערבלעך די ליכטיקע פאַלן אראָפּ
אָפּ קעפּ פון די ביימער-מעכוטאָנים,
אָפּ פייגל און אויך אָפּ מײַן היציקן קאָפּ
און אָפּ מײַן בעסאַראַבער פּאָנעם.

דאָ אָפּ דער ערד שפּאַן איך מונטער און פריילעך
און פּראַווע אין הארצן די סודע,
עלעהיי צו דעם קנאַסמאָל איז גרייט שוין מײַן היילעך
און ס'רודערט אין שטוב א גערודער.

# אלעקסאנדער בעלאָוסאָוו



געבוירן געוואָרן אין 1948 אין קעשענעוו. א רוס לויט דער נאַציאָנאַליטעט. די ערשטע פּובליקאַציע — אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ נומער 9, 1969. פאַרענדיקט דעם קעשענעווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אַרבעט אַלס טעכנישער איבערזעצער אין געביט פון ראַדיאָ־עלעקטראָניק. וווינט אין קעשענעוו.

• • •

כ׳שטיי אינמיטן שטראָם פון צײַטן,
און אויף וויפל ס׳כאַפּט מײַן בליק,
כ׳קוק זיך אײַן אין ביידע זײַטן —
אויף פאַרויס און אויף צוריק.

הינטער מיר — די געגנעם־שײַטערס,
וועלדער כאַשכעס, יאַמען בלוט,
און פאַרויס, אויף ווײַטסטע ווײַטן —
מי און קאַמף און ווײ און מוט.

מײַנע אויגן נעמען בליצן,
און דאָס האַרץ ווערט פול מיט צאַר:
לאָמיר גיין די וועלט באַשיצן
פון פאַרצווייפלונג און געפאַר!

• • •

בלויז איין מאָל אַן אויסוואַל ווערט געגעבן —
כ׳זאָל א באַווי ווערן, צי א טאָם.
הינטער מיר — דאָס אָפּגעלעבטע לעבן
און פאַר מיר — דער ווילדער געגנעם־פלאַם.

ס׳כאַפּן מיך אַרום די פלאַמען־צונגען,
פעך און שוועבל אויף מײַן הויט איך שפּיר.
בייזע סאָנים גאַרן מיך פאַרצוקן,
אַלע שפּיזן — אָנגעצילט אין מיר.

האַלט מיך אונטער אין מײַן שוואַכן גלויבן!
כ׳פיל: א פליגל גיט זיך א צעשפּרייט,
העכער, העכער, העכער — און פון אויבן
כ׳זע די וועלט אין גאַר איר לענג און ברייט.

## צו מײַנע פּאָעטן

פּאָעטן מײַנע, טרײַע לערער מײַנע,
כ׳קום מיט א ייִנגלשער נאַיִוער טײַנע:
פאַרוואָס זײַט איר צו פרי פון מיר אַוועק?
איך שרײַ אײַך נאָך, איך רוף אײַך בײַ די נעמען
און פרעג: צי טו איך אײַך ניט שטאַרק פאַרשעמען?
גיט מיר א צייכן, ווײַזט דעם קלאָרן וועג!

כ׳געדענק: ווען כ׳האָב גענומען שרײַבן ייִדיש —
ווי אומפריכטיק געווען איז אײַער כידעש,

ווי רירנדיק איז אײַער פרייד געווען!
און איצט, ווען ס'זײַנען שוין פארגאנגען יאָרן —
ווו האלטן מיר? צי בין איך יאָ געוואָרן
אזוינער, ווי איר האָט געוואָלט מיך זען?

אין קאלטן צאָפן און אף קורסקער בויגן
איר זײַט אף טויט געגאנגען ניט געבויגן —
און ער האָט ניט געקאָנט אײַך גרויוער זײַן.
איר האָט געטרײַ די רויטע פאָן געהאלטן,
אין אײַער ווייטיק זיך ניט אויסבאהאלטן
און אין דער פינצטער אָנגעצונדן שײַן.

אלס ייִנגסטער, האָב איך ניט געקאָנט אוספּייען
אדורכגיין יענע ביטערע זאווייען,
וואָס האָבן אײַער גרויסן וועג פארקירצט,
נאָר אלץ, מיט וואָס איר האָט מיך אופגערודערט,
וואָס איר האָט בײַגעבראכט דעם ייִנגסטן ברודער,
איז בלוטיק אף מײַן הארצן אויסגעקריצט.

באם ראנד פון אונדזער גרויזאמען יאָרהונדערט
איך שטיי אצינד, פארדײַגעט און פארוווּנדערט,
מיט אומרו פאר דער ברויזנדיקער וועלט.
פארלאָזט מיך ניט, העלפט מיר אין מײַן ניסאָען,
און אין די סאמע פינצטערסטע פון שאָען
מײַן וואָרט זאָל זײַן מיט אײַער שײַן באהעלט!

## מישע לעמסטער



געבוירן געוואָרן אין 1946 איִנעם שטעטל יעדינעץ, מאָלדאוויע. פארענדיקט דעם טיראספּאָלער פּעדאגאָגישן אינסטיטוט. דעביוטירט מיט לידער אין זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" אין 1982. ארבעט אין א פּראָיעקט־אינסטיטוט אלס פּארוואלטער פון אן אָפּטייל. וווינט אין קעשענעוו.

### מאָלדאוויע, מײַן ניגן

אין מאָלדאוויע א היגער,
יויד איך עס מיט מאמעליגע.
פונעם קעלער, פונעם פעסל
טרינק איך אָסיען ווײַן א גלעזל.

פון מאָלדאוויע א היגער,
שײַנט ביז איצט מיר פונעם וויגל

א גרין דערפל אף א בערגל,
ווו מײַן קינדהײַט בלאָנדזעט ערגעץ.

פון מאָלדאוויע א היגער,
ווייסט מײַן ווי דער דאָינעס ניגן.
ווייסט מײַן פרייד יענער באגינען,
ווען כ'האָב „יוביטאָ"[1] געדאוונט.

[1] יוביטאָ (מאָלד.) — ליבע מײַנע.

## זעלדע

אזא מיידל מיט א נאָמען א זעלטענעם... דערלויב מיר ווערן דײַן זעלנער,
דעם נאָמען איך זינג ווי א ליד. דײַן ריטער ווערן דערלויב מיר.
זעלדע, זעלדעניו, זעלדעלע —
איך הער ניט אויף, כ'בין ניט מיד.
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
זעלדעניו, זעלדעלע, זעלדע —
איך זינג דאָס אין כאָלעם אפילע:
דאָס איז זי, פון מײַן ליד די העלדין, זי האָט דעם נאָמען געביטן.
דאָס איז זי, פון מײַן האַרץ די טפילע. מענטשן זאָגן: ס'איז דאָס זעלבע...
אָ, מיידל, וואָס מע רופט דיך זעלדע, נאָר מײַן ליד איז פאַריאָסעמט געבליבן,
דו האָסט מיך מאַמעש באַצויבערט. זעלדעניו, זעלדעלע, זעלדע.

---

## כראָניק

## אין א מאָסקווער קולטור-הויז

איינער פון די זאַלן פונעם מאָסקווער קולטור־הויז פון די ענערגעטיקער איז אין אָט דעם טאָג געווען פולגעפּאַקט. ס'איז געגאַנגען א קאָנצערט פון דעם זעלבסטעטיקן וואָקאַלן־קאָלעקטיוו, מיט וועלכן עס פירט אָן די סאָליסטקע פונעם טעאַטער אויף סטאַניסלאַווסקיס און נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָס נעמען אָלגע באַריסאָווא.

דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן מיט א ראָמאַנס פון אַנטאָן רובינשטיין אויף אַלעקסאַנדער פּושקינס ווערטער. עס האָבן געקלונגען רוסישע פאָלקסלידער, אַריִעס פון פּאָפּולערע אָפּערעס, הײַנטצײַטיקע סאָוועטישע זינגלידער.

די יונגע זעלבסטעטיקע זינגערין קירע ראַזגאָן האָט געלונגען אויסגעפילט דרײַ יִידישע לידער. דער אונטערן פאָרטעפּיאַנע־אַקאָמפּאַנעמענט פון דמיטרי יאַקירעוויטש: מאָרדכע געבירטיגס „עס ברענט”, אווראָם גאָלדפאַדענס „אונטער יאַנקעלעס וויגעלע...” און די וויציקע פאָלקסליד „ווי אַזוי לעבט דער קייסער”.

דער קאָנפעראַנסיע האָט אײַנקורצן איבערגעגעבן פאַרן עולם אין רוסיש דעם אינהאַלט פון די יִידישע לידער.

■ ■ ■

## דמיטרי יושקאָווסקי



געבוירן געוואָרן אין 1961 אין שטעטל קראַסנע, וויניצער געגנט. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער אינסטיטוט פון אינזשעניערן פון דעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט. אַרבעט אַלס פירנדיקער אינזשעניער אין איינעם פון די אָפּטיילן פונעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט־מיניסטעריום פון פּסטר. וווינט אין מאָסקווע.

# א סטודענטישער שיר־השירים

ס׳איז געווען א געוויינלעכער באַלטישער פרימאָרגן. א שווערער נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף ריגע.

פונדערווײַטנס, קוקנדיק דורכן פענצטער פונעם שנעלצוג מאָסקווע—ריגע, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די שטאָט איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן אין דעם דאָזיקן נעפּל.

די באַן-סטאַנציע ריגע—צענטער איז שוין געווען נאָענט. אָלעג האָט באַמערקט אַפן זייגער, אַז לויט דער צוג-רעשימע איז געבליבן צו פאָרן צען מינוט.

איצט איז ער שוין געווען זיכער, אַז זײַן לאַנגיאָריקער טרוים ווערט פאַרווירקלעכט. פון דער קינדהייט אָן האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט באַזוכן די ביי־באַלטיק. פאַר אים איז דער דאָזיקער קאַנט געווען טאַקע דאָס עמעסע „געבענטשטע לאַנד".

ניט אומזיסט האָט ער זיך אַזוי דערפרייט, ווען ס׳איז צו אים דערגאַנגען, אַז עס זײַנען פאַראַן צוויי ערטער פאַר פּראַקטיקאַנטן אין ריגע, אין סאַמע ריגע!

מיט גרויס אומרו האָט ער געוואַרט אַפן טאָג, ווען ס׳וועט פאָרקומען די קאָמיוגישע פאַרזאַמלונג. פיר יאָר האָבן זיי זיך געלערנט אינאיינעם, און ס׳איז קיינמאָל ניט געווען בא אים מיט דער גרופּע קיין שום קאָנפליקטן. ער איז געווען מיט אַלעמען באַפרײַנדעט און האָט אַזוי געוואָלט, אַז די פרײַנטשאַפט זאָל ניט צעשטערט ווערן אויך איצט, ווען מע וועט צעטיילן צווישן זיך די ערטער פאַר דער זומער-פּראַקטיק. ס׳זײַנען פאַראַן א סאַך גוטע שטעט, וועלכע מע קאָן אויסקלײַבן, נאָר ער האָט געוואָלט פאָרן קיין ריגע.

אַף דער פאַרזאַמלונג איז אַלץ פאָרגעקומען טאַקע אַזוי. די גרופּע איז, ווי טאָמיד, געווען אָביעקטיוו. מ׳האָט אָפּגעשאַצט זײַנע דערפאָלגן אַף דער לעצטער סעסיע (ער האָט זי אָפּגעגעבן אַף „אויסגעצייכנט") און אויך זײַן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אַלס פּראָפאָרג. מיט גרויס פרייד האָט א צאַפּל געטאָן אָלעגס האַרץ, ווען דער קאָמסאָרג האָט געמאָלדן דעם באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג:

— ...קיין ריגע פאָרן אַף די צוויי כאָדאָשים אָלעג קריימער און באָריס ווערשינין.

...סאָפּקאָלסאָף איז דער צוג געקומען, און פונעם וואַגאָן זײַנען אַרויסגעשפּרונגען די צוויי מאָסקווער באָכערים.

אָלעג האָט זיך אַף א ווײַלע אָפּגעשטעלט, ווען ער האָט דערזען דעם באַקאַנטן ריגער טורעם מיטן גאָלדענעם האָן אין דער שפּיץ. עלעגאַנט און פרײַ האָט זיך דער טורעם אויפגעהויבן איבער דער שטאָט, און דער נעפּל האָט אים געמאַכט נאָך שענער און אײַנדרוקספולער.

דורך א טונעל זײַנען אָלעג און באָריס אַרויסגעגאַנגען אַף דעם ברייטן וואָקזאַל-פּלאַץ. פאַר זייערע אויגן האָט זיך צעוויקלט די פּאַנאָראַם פון דער אַלטער שטאָט. די איינצלנע דורכגייער, דער נעפּלדיקער פרימאָרגן, די ליידיקע גאַסן האָבן געשאַפן א געפיל פון קאָיאָריקער רו.

פונעם וואָקזאַל האָבן זיי זיך געלאָזט פאָרן אין דער צוזאַמענווינונג.

— דערווײַל גייט אַלץ ניט שלעכט, — האָט געזאָגט אַלעג צום כאַווער. — וואָס וועלן מיר טאָן איצטער?

— איך לייג פאָר באַקוקן די שטאָט.

— גוט. קום.

זיי זײַנען דורכגעגאַנגען א היפשן טייל פון דער צענטראַלער לענין-גאַס ביז דער אימפּאָזאַנטער „פרײַהײַט-סטאַטוע" און, פאַרקערעוודיק אפן פאַדאַמיִיו-בולוואַר, אַרײַנגעקומען אין דער אַלטער ריגע.

ס'איז שוין ניט געווען קיין געפיל פון יענער קאַיאַריקער רו. די שטאָט האָט געלעבט מיט איר טאָגטעגלעכן פולן לעבן.

פון אַלע זײַטן האָבן זיך געטראָגן גערוישן, פולע מיט מענטשישן אָטעם און מעטאַלישן געקלאַנג — א מין אינדוסטריִעלער עטיוד, וואָס עס האָט געמאַכט ריגע ענלעך אַף פיל אַנדערע מאָדערנע שטעט. נאָר גראַדע דאָ, אין דער אַלטער שטאָט, איז געווען צו דערפילן די אייגנאַרטיקײַט פון ריגע, דאָס, וואָס ציט אַזוי אָהער מענטשן פון אַנדערע שטעט.

— ניט אומזיסט האָב איך געטרוימט קומען אַהער, — האָט געזאָגט אַלעג, — דאָס ערשטע מאָל זע איך, אַז די גראָוע אַלטערטימלעכקײַט, וואָס איז שוין פון לאַנג געוואָרן א דענקמאָל דעם אָוואַר, און אונדזער שטורמישער הײַנט דערגאַנצן איינער דעם אַנדערן.

— יאָ, ביסט גערעכט, די דאָזיקע שיינקײַט איז א טייל פון אונדזער לעבן...

צוריק אין דער צוזאַמענווינונג האָבן זיי זיך אומגעקערט שוין אין אָוונט. אין האָל באַם טעלעוויזאָר זײַנען געזעסן פיר מיידלעך.

— איר זײַט געקומען אַף שטענדיק? — האָט איינע געפרעגט.

— ניין, מיר לערנען זיך אין מאָסקווע. אין ריגע איז בא אונדז די זומער-פראַקטיק, — האָט געענטפערט באַריע.

— זייער פײַן. מיר זײַנען אויך פון מאָסקווע, און אַהער אויך געקומען אַף פראַקטיק. און וווּ לערנט איר זיך?

— אין כעמיש-טעכנאָלאָגישן.

— און מיר — אין עקאָנאָמיש-סטאַטיסטישן. לאָמיר זיך באַקאַנען. איך הייס סוועטע. דאָס זײַנען לאַריסע, טאַניע און אַלבינע. און איר?..

— באָריס. און ער איז אַלעג.

אינעם שמועס, וואָס האָט זיך פאַרבונדן, איז אַלעג געווען ווי א זײַטיקער. אין אונטערשייד פון זײַן כאַווער, פלעגט ער אָן כיישעק פאַרפירן צופעליקע באַקאַנטשאַפטן. זײַן אײַנגעהאַלטענער כאַראַקטער האָט אין אים אויסגעאַרבעט א באַזונדערע באַציִונג אויך צו מיידלעך. ער האָט געהערט צו יענע יונגעלײַט, וואָס זײַנען מער פאַרנומען מיט דער אַנטוויקלונג פון זייער גײַסטיקער וועלט, איידער מיט דער „אויסערלעכער זײַט" פונעם לעבן. ניט אומזיסט האָט מען אים סײַ אין דער שול, סײַ אין אינסטיטוט גערופן „דער ריכטיקער". אפילע זײַן דערפאָלג בא מיידלעך האָט ער געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער האַרמאָנישקײַט פון דער אייגענער פערזענלעכקײַט.

ס'איז שוין געווען גאַנץ שפעט. פאַרענדיקט די פלאַפלערײַ מיט די זעמליאַטשקעס, האָט באָריע אונטערגעפירט דעם סאַכאַקל: בעפייַרעש ניט קיין שלעכטע מיידלעך.

— מיידלעך, ווי מיידלעך, — האָט א זאָג געטאָן אַלעג, אַרײַנגייענדיק אין צימער, — און דו האָסט זיך ווידער באַוויזן אין דײַן אַמפּלואַ. עס ליגן אין קאָפּ בא דיר בלויז מיידלעך.

— האָסט שוין פאַרצויגן דײַן אַלטע ליד...

— מיר זײַנען מיט דיר באַפרײַנדעט פערצן יאָר, און ווער ווייסט דיך מער פון מיר?

— מע קאָן מיינען, אַז דו אַליין ביסט א מאָנאַך.

— איך ווייס אָבער א מאָס. און נאָך ווייס איך, אַז דאָס, וואָס איז צופיל, איז איבעריק.

— דו מיינסט, אַז דו ווייסט שוין אַלצדינג, נאָר איך קאָן זיך שווערן, אַז דו האָסט אפילע ניט באַמערקט, וויאַזוי סוועטע האָט אַף דיר געקוקט...

— איך האָב נאָך ניט אינגאַנצן פאַרשטאַנען, ווער פון זיי איז סוועטע...

— דאָס איז יענע, וועלכע איז געזעסן לעבן מיר, א שוואַרצינקע מיט בלויע אויגן.

— א דאַנק פאַר דער אינפאָרמאַציע... — אַלעג האָט ניט ווי געווייִנלעך געצויגן די ווערטער.

ביידע האָבן זיי זיך געפילט יִינגלש גליקלעך, פרײַ און זאָרגלאָז. אַף מאָרגן פאַרנאַכט זײַנען זיי אין צימער געווען פאַרכאַפּט מיט לייענען, יעדערער זײַן ביכל. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טיר. ס'איז אַרײַנגעקומען סוועטע.

— גוטן-אָוונט, — האָט זי געזאָגט שעמעוודיק, — דער קאָמענדאַנט האָט מיר געהייסן אײַך זאָגן, איר זאָלט אופראַמען דעם צימער ניט זעלטענער ווי יעדע צוויי טעג. ס'איז פאַראַן אַזאַ פאַראָרדענונג...

— א דאַנק, מיר וועלן אופראַמען יעדן טאָג, — האָט היימיש געענטפערט באָריע, — און זעצט זיך צו, — האָט ער איר צוגערוקט א בענקל.

סוועטע האָט געזוכט א טערעץ צו פאַרזעצן דעם געשפּרעך.

— לאָמיר איבערגיין אַף „דו”, — האָט זי אומדערוואַרט פֿאַרגעלייגט אָן שום כיטרע־קייט, — ביסט מאַסקים, באַריע?

— זעלבסטפֿאַרשטענדלעך!

— און דו, אַלעג?

— איך אויך.

מיטאַמאָל איז סוועטעס פּנים געוואָרן ערנסט און פֿאַרוווּנדערט. זי האָט דערהערט, ווי אין טראַנזיסטאָר זינגט א מענערישע קאָל קוים צו הערן די ליד „זשוראַוולי”. די מוזיק איז געווען אַזאַ, ווי שטענדיק, נאָר די ווערטער — ייִדישע. באַריע איז אופֿגעשפּרונגען פֿונעם אָרט און געמאַכט דעם קלאַנג העכער. אָפּגעוואַרט א ווײַלע, האָט ער אָנגעהויבן אונטערהאַלטן דעם זינגער:

עס פֿליט, עס פֿליט איבער מײַן קאָפּ א סטײַע,
אין שטרענגע שורעס — בושלען אָן א שיר,
און איך דערזע דאָס איינציקע, דאָס פֿרײַע —
קאָן זײַן, דאָס אָרט, וואָס איז פֿאַרגרייט
פֿאַר מיר...

— דאָס האָט אַלעג מיך אויסגעלערנט, — האָט באַריע געזאָגט. — איך בין א רוס. די ייִדישע ווערטער געפֿעלן מיר, ווײַל זיי באַטײַטן דאָס זעלבע, וואָס די רוסישע...

— לערן מיך אויך אויס, אַלעג, — האָט סוועטע געבעטן. — איך האָב ניט געוווּסט, אַז „זשוראַוולי” קאָן מען זינגען אויך אַף ייִדיש...

אַלעג און סוועטע האָבן ווי פֿאַרקישעפּטע געקוקט איינער אַפֿן אַנדערן, ווי ס'וואָלט איבער זיי געוועלטיקט עפּעס א באַזונדערער קישעף. באַריע האָט דאָס גלײַך באַמערקט און דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שווײַגן:

— נו, איצט דאַרפֿט איר זיך צונויפֿריידן, ווען די לימודים אָנצוהייבן. אַלעג, זאָג שוין, ווען עס וועט זײַן דער ערשטער לימעד...

— מאָרגן, — האָט אַלעג אַרויסגערעדט, ניט אָפּפֿירנדיק די אויגן פֿון סוועטען, וועלכע האָט זיך פֿון אומגעריכטקײַט פֿאַרויטלט און צוגעאײַלט זיך אָוועקצוגיין.

אינדערפֿרי איז אַלעג אופֿגעשטאַנען דער ערשטער און אָנגעהויבן אַראָפּשלעפּן באַריען פֿונעם געלעגער. צוערשט האָט יענער געמאַכט זיך שלאָפֿנדיק. דערנאָך פּלוצעם אַרומגעכאַפּט אַלעגן, און ס'האָט זיך פֿאַרבונדן א מין



פרײַנטלעכער קאמף. ביידע זײַנען געווען אופּ-
געלעבט און פריילעך.

אַלעג האָט פאַרגעלייגט פאָרן אפן פליאזש און פארבעטן אויך די מיידלעך. באַריע איז מאסקים געווען, און אַלעג האָט גלײַך נאָכן פרישטיק אַנגעקלאַפּט אין מיידלשן צימער. אין אַנדערהאַלבן שאָ ארום זײַנען זיי שוין אַלע ארויס פונעם עלעקטראָצוג אף דער סטאַנציע דזינטארי און באַלד אוועק צום יאַם.

דער פליאזש איז פול געווען מיט מענטשן.

— ס'גיסן זיך דאָ צונויף צוויי יאַמען: דער באַלטישער און דער מענטשלעכער, — האָט אין א שפּאַס א זאָג געטאָן אַלעג.

סוועטע און אירע כאַווערטעס האָבן אָפּגעזוכט א זוניק אָרט באַם סאַמע ברעג. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אייבערשטע קליידער און זײַנען גלײַך אוועק זיך באָדן.

אַלעג האָט ניט געקאָנט אָפּרײַסן די אויגן פון סוועטן, פון איר זון-פאַרברוינט לײַב. פונקט דאַן, ווען ער האָט זי פאַרלוירן פונעם אויג, האָט אַנגעהויבן שפּילן די פאַנטאַזיע, און כאָטש ער איז געלעגן אפן ברעג, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז ער הייבט אוף סוועטען הויך איבערן וואַסער און ביידע זינגען די ליד וועגן בושלען, וואָס פירן ארויף אפן געדאַנק פונעם לעבן, ניט פון דעם טויט...

אזא געפיל, ווי איצט, האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געטראָגן אינעם הארצן, אפילע עפּעס ענלעכס צו דעם האָט ער קיינמאָל ניט געפילט. ער איז געלעגן אונטער דער צאַרטער באַלטישער זון, צוגעדעקט דאָס פּאָנעם, און האָט זיך אזוי פאַרטיפט אין זײַנע געדאַנקען, אז ער האָט ניט באַמערקט, ווען די מיידלעך האָבן זיך אומגעקערט. סוועטעס שטים האָט אים אופגעוועקט:

— אָט זײַנען מיר שוין דאָ. איצט קאָנט איר גיין זיך באָדן.

די באָכערים האָבן זיך א לאָז געטאָן צום יאַם. אַלעג האָט געקוקט אף דער גלאַטער בלויקײַט פון דעם וואַסער און גאָרנישט ניט געזען. איצט האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז די אויגן זײַנע קוקן אף צוריק, אהין, צום ברעג.

ווען ער האָט זיך אומגעקערט אהין, ווו סוועטע האָט געוואַרט אף אים, האָט זי א זאָג געטאָן:

— אַלעג, דו געדענקסט, וואָס דו האָסט מיר נעכטן צוגעזאָגט?

— יאָ, כ'געדענק און בין גרייט עס טאָן טאַקע דאָ, אפן פליאזש.

— אויב אזוי, לאָמיר אָנהייבן!..

ער האָט ארויסגענומען פון א קעשענע צוויי אקוראט צונויפגעלייגטע בלעטלעך פּאַפּיר. אף איינעם איז געווען איבערגעשריבן די ליד „זשוראַוולי" אף רוסיש, דאָס אנדערע בלעטל איז געווען א ריינס.

באַריע און די אנדערע מיידלעך האָבן געשפּילט אין וואָלייבאָל. אַלעג און סוועטע האָבן זיך אָפּגעזונדערט און, ליגנדיק אף דעם גאָלדענעם זאַמד פונעם בורשטין-ברעג, אונטערגעזונגען די באַקאַנטע ליד אף אן אומבאַקאַנטער פאַר זייערע שכיינים לויטן פליאזש שפּראַך.

זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי די זון האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרגיין. מענטשן אפן פליאזש זײַנען געבליבן ווייניקער, איידער אין דער היץ. ס'איז געווען יענע צײַט פונעם מעסלעס, ווען די באַלטיק וואַרפט אף זיך ארויף דעם מאַלבעש פונעם אוונט. אין אזא שאָ באַקומט זי א באַזונדערן כיין.

ס'האָט א בלאָז געטאָן א שוואַך ווינטל. פאַר אַלעגן איז עס געווען גענוג אף צו אונטערכאַפּן אים ווי א שטרויעלע און אוועקטראָגן, וווהין די אויגן קוקן. זײַן גליק האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ. ער וואָלט געלאָפן פון מענטש צו מענטש, קעדיי אַנזאָגן אַלעמען אין דער וועלט, אז עס איז פול מיט גליק זײַן האַרץ.

ארײַנקומענדיק צוריק אין צימער ארײַן, האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און אויסגעשריגן:

— באַרקע, ס'ווײַזט זיך מיר אויס, אז איך האָב זיך פאַרליבט!..

— דיר ווײַזט זיך עס ערשט אויס, און פאַר מיר איז עס שוין אינגאַנצן קלאָר, — האָט רויִק געענטפערט באַריע.

אַלעג האָט א קוק געטאָן אף דער טיר, און ס'זײַנען אים געקומען אף די ליפּן עטלעכע שורעס פון א ליד, וועלכע עס האָט מיט יאָרן צוריק אַנגעשריבן זײַנער א באַליבטער פּאָעט:

עס קאָן געשען אזוי,
עס קאָן זיך טרעפן,
אז פּלוצעם זאָל די טיר
זיך טאָן אן עפן,
דו זאָלסט ארײַנקומען,
ווי גאָרניט וואָלט פאַרלאָפן:
געזעגנט זיך —
און ווידער זיך געטראָפן.

ווילט איר, גלייבט, ווילט איר — ניט, נאָר אין אָט דער רעגע האָט זיך געעפנט די טיר און אין צימער איז צוליב עפּעס א קלייניקײַט ארײַנגעקומען סוועטע...



יאקאָוו דעכטיאר



געבוירן געוואָרן אין 1950 אין ביראָבידזשאַן. פאַרענדיקט דעם בלאַגאָוועשטשענסקער מעדיצינישן אינסטיטוט. אַרבעט אַלס דאָקטער־רענטגענאָלאָג. וווינט אין ביראָבידזשאַן.

# מאָרגן שטייט אונדז פאָר א נײַער טאָג

מאָנאָלאָג פון מײַן עלטערזיידן, אונטערגעהערט אין א ביראָבידזשאַנער שטאָט-סקווער

— פון וואָס האָט זיך אָנגעהויבן? אָנגעהויבן האָט עס זיך אַזוי: אַרום און אַרום איז טײַגע, און איך בין אַלט פינף און דרײַסיק יאָר. די סטאַנציע הייסט טיכאָנקע, און די ברוסט ווערט מאַמעש צעשפּאַרט פונעם ווילן צו טאָן, אַרבעטן, בויען! קיין שוועריקייטן האָבן אונדז ניט געשראָקן. מײַן וואָרוואַרע האָט מיר אַפילע געייפערט צו דער אַרבעט. נו, יאָ! — א פרוי אָן אייפער איז ווי א יויך אָן מאַנדלען...

די קאָמאָרן זײַנען געווען אונדזער גרעסטער סוינע. ס'האָט אויסגעזען, ווי די טײַגע וואָלט אַרויסגעשיקט איר לעצטן רעזערוו. ס'האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט פּיצינקע בייזע בריעלעך, וועלכע האָבן ניט געלאָזט אָפּדעקן דאָס פּאָנעם, אַרויסשטעקן א האַנט, אָבער די מאַליאַריע-סטאַנציע האָט זיך גענומען צו אָט דעם גנוס. אָפּגעטאָן איר אַרבעט, איז זי מיט דער צײַט אָפּגעגאַן אין א זײַט.

מוישע, וויפל איך ווייס דיך, שווײַגסטו, קיין וואָרט קאָן מען פון דיר ניט אַרויסציִען. ס'איז נאָך א כידעש, וויאַזוי דײַן ווײַב האַלט עס אויס. דו זאָגסט סקלעראָז, זאָגסטו? נאָר אויב סקלעראָז, פאַרוואָס זשע ווייסטו אַזאַ שווער וואָרט, ווי עקאָלאָגיע, ווען איך רעד וועגן דער פּיראַדע, האַ? און דו האָסט דאָך דער ערשטער דערמאָנט דעם טײַך בעזימיאַנקע... קוק ניט אויף מיר, קוק אויפן וואַסער. וואָס איז דערפון, וואָס דער וועגענער-זאַוואָד הייסט איצינד „דאַלסעלמאַש"? דעם טײַך איז דערפון ניט געוואָרן גרינגער — די אונטערנעמונג ספּעציאַליזירט זיך דאָך אויף מאַכן קאָמבײַנען און ניט אויף אָפּרייניקן דאָס וואַסער.

איז דאָס טאַקע אַן עמעסע עקאָלאָגיע! פאַרשטייסט מיך? אונדזערע אייניקלעך און אוריינקלעך ווייסן דאָך ניט, וואָס אַזוינס עס איז עקאָלאָגיע, בא זיי איז די פּיראַדע שוין אײַנגעטיילט אין קוואַדראַטן און באַזעצט מיט מענטשן. אין דער אַמאָליקער טיכאָנקע פלאַנצט מען ביימער, ווײַל די טײַגע האָט גאָרנישט ניט איבערגעלאָזט... מײַן וואָרוואַרע האָט מיך געשיקט כאַפּן פיש, האָב איך געקויפט א פּאָר העכט אויפן מאַרק, ווײַל זיצן בא דער בירע א גאַנצן טאָג מיט דער ווענטקע איז קיין צײַט ניט געווען. די פיש באַם פישפאַנג און די כײַעס אויפן געיעג לאָזן אויף זיך לאַנג וואַרטן... מע דאַרף עפּעס טאָן, עפּשער בעטן בא דעם שטאָט-סאָוועט, ער זאָל צוריק אַרײַנפירן עטוואָס פון דער טײַגע? פאַרשטייט זיך, אַז דערצו וועט זיך פאָדערן צולייגן קויכעס, נאָר אויב מיר האָבן אויסגעבויט אין טײַגע א שטאָט, איז דען פאַר אונדז עפּעס שווער?

מוישע, דו געדענקסט פעלערן? איך געדענק אים גוט. זײַן סטיל איז מיר געווען צום האַרצן. אַן עמעסער אָנפירער, א באַלעבאָס, א קאָמוניסט! ער האָט געאַרבעט, ווי געקעמפט,

און געקעמפט, ווי געאַרבעט. ער איז געווען ייִנגער פון אונדז, נאָר ער איז שוין ניטאָ. דרײַ סאָלדאַטישע רום-אָרדענס און א שטערנדל פון א העלד פון סאָציאַליסטישער מי האָט ער געהאַט. דאָס אַלץ האָט ער פאַרדינט!

מוישע, וואָס איז אזוינס אַרטריט? ווייסט ניט? נעם זיך ניט צום האַרצן, מײַן דאָקטער ווייסט עס אויך ניט. ער איז נאָך א יונגער באָכער, און דאַפקע ניט קיין שלעכטער, נאָר בא אים זײַנען פאַראַן א סאַך פּראָבלעמען, און בא מיר בלויז איינע — דער אַרטריט...

דאָ ניט לאַנג צוריק איז מײַן אייניקל געפאָרן מיט טוריסטן קיין אמעריקע. לאָזט זיך אויס, אז דאָרט גיט מען אויס זייער פרײַהײַט, ווי די סאמע גרעסטע אין דער וועלט. איך פאַרשטיי נאָר ניט, פאַרוואָס די דאָזיקע פרײַהײַט האַלט זיך אין יענער מעדינע מיט דער פּלייצע צום פאָלק? בענעמאָנעס, מוישע, וואָס הייסט עס א באַגרענעצטע נוקלעאַרע מילכאָמע, וואָס זיי האָבן צוגעטראַכט? דאָס איז מיסטאַמע אזא זאַך, וועלכע עס קענען צוטראַכטן נאָר באַגרענעצטע מענטשן.

הײַנט זייער „ייִדישע פראַגע"! דו הערסט, מוישע, די פראַגע איז זייערע, און די ייִדן — אונדזערע. זיי זאָגן, אז בא אונדז רוידעפט מען ייִדן. בעעמעס, לעצטנס האָט מען טאַקע יאָ גערוידעפט איינעם א ייִדן, איז ער אזוי שטאַרק געלאָפן, אז פון די אָנטיילנעמער פונעם שאָלעם-געלאָף פון 18 לענדער (מע האָט עס באַוויזן אין דער צענטראַלער טעלעוויזיע) האָט דאַפקע ער, ליאָווע כיטערמאַן, פינישירט דער ערשטער, און ער איז געוואָרן א ספּאָרט-מײַסטער פון צווישנפעלקערלעכן קלאַס. פון צווישנפעלקערלעכן! און דער טאַטע זײַנער אַרבעט אפן ביראָבידזשאַנער געהילץ-באַאַרבעטנדיקן קאָמבינאַט...

און ווי געפעלט דיר, מוישע, דער נײַער מיקראָראַיאָן בא אונדז אין שטאָט? יויסעף בומאַגין האָט בעפיירעש פאַרדינט, אז דער ייִשעוו זאָל טראָגן זײַן נאָמען. כאָטש ער אַליין, קלער איך, ווען ער האָט איבערגעכאַזערט מאַטראָסאָווס אופּטו, האָט ניט געטראַכט, אז מע וועט אמאָל אָנרופן א גאַנץ שטעטל „יויסעף בומאַגין". ער האָט פּאָשעט זיך אופגעפירט אין שלאַכט ווי א סאָלדאַט און ווי א מענטש. א שאָד, וואָס ער איז אומגעקומען, ווען ס'איז געבליבן א וואָך ביז ניצאָכן. איך בין אויך געווען אפן פראָנט, עמעס, אף אן אַנדער אוטשאַסטאָק, און כ'געדענק, וויאַזוי



עס האָט זיך געוואָלט בלײַבן לעבן און געזונטערהייט זיך אומקערן אהיים. און יוסעף האָט א וואָך פאַרן סאָף פון דער מילכאָמע פאַרשטעקט מיט זיך אליין א פײַנטלעכן דאָט... הארמאָנירט טאקע דאָס הײַנטיקע ביראָבידזשאנער שטעטל אפן נאָמען פונעם העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד יויסעף בומאגין מיטן זאָוואָד, אָף וועלכן ער האָט געארבעט.

דו ווייסט, מוישע, מײַן מיטלסטער זון גרייט זיך שוין אוועקגיין אָף פענסיע, און דער עלטערער איז א סאמאָראָדנער פענסיאָנער, אזוי ווי איך, זײַן טאטע. אין זײַן וואָיענע בילעט זײַנען ארײַנגעטראָגן צוויי ווונדן פון דער מילכאָמע און אין דעם ארבעט-ביכל — איין פאַרבאָטירונג, אז ער איז אָנגעקומען אפן זאוואָד, מער ניט געביטן דאָס אָרט. מוישע, אונדזערע קינדער זײַנען שוין פענסיאָנערן... ווער זשע זײַנען מיר? ס'געדענקט זיך, ווען כ'האָב בא דער האנט צום ערשטן מאָל אוועקגעפירט דעם עלטערן זון אָף דער ארבעט, אין ארטעל „מעטאליסט". איך האָב דעמלט געזאָגט: „נישקאָשע, זונעלע, אלץ וועט זײַן גוט, וועסט נאָך ווערן אַן אויסגעשפילטער טאָקער, אז די גאנצע גאס וועט דיר מעקאַנע זײַן". און דאָ ניט לאנג, גייענדיק אהיים פונעם באנקעט, וועלכן מע האָט געמאכט לעקאָוועד דעם אָרדען, וואָס איז אים אויסגעפאלן צו באקומען, האָט ער שוין מיך גענומען פאר דער האנט און שטיל א זאָג געטאָן: „הערסט, טאטע, ביסט טאקע געווען גערעכט, אלץ איז גוט...".

מוישע, גיב א קוק, וואָס ארום טוט זיך. די שטאָט גרייט זיך צום יובילײ פון דער געגנט, און אלץ קאָכט, ווי אמאָל, ווי צוריק מיט פופציק יאָר... איך האלט פון יובילייען, זיי מאכן אונדז יינגער. ביראָבידזשאן, קיין אײַנהאָרע, איז געוואָרן אזא שטאָט, אז אפילע אין אורלויב ווילט זיך פונדאנען ניט אוועקפאָרן.

איך האָב געהערט זאָגן, אז דאָס הארץ באם מענטשן הייבט אָן ארבעטן נאָך איידער ער ווערט געבוירן, און עס קלאפט אפילע א צײַט נאָך זײַן טויט. איז הערסטו מיך, כאווער מײַנער, מיר דארפן, ווי דאָס הארץ, פארהיטן ביזן סאָף די ענערגיע פונעם לעבן!

פאַרשטייט זיך, עס טרעפן הארצווייטיקן. מײַן סאמע ייִנגסט אייניקל פאַרמאָגט שוין, ווי דו ווייסט, הויכבילדונג. בא אים אין שטוב איז „טונקל פון טעפּיכער און ליכטיק פון קרישטאָל". טו אָבער א קוק, ווער עס זײַנען זײַנע געסט. דער דירעקטאָר פון א רעסטאָראַן, א פאַרוואלטער פון א באזע... פאַרוואָס טרעף איך קיינמאָל בא אים ניט קיין טאָקער, קיין פעדאגאָג, קיין פּראָראַב? פאַרוואָס זײַנען זיי צו מיר יאָ געגאנגען, און צו אים — ניט? מאָרגן וועל איך מיט אים האָבן שוין איינמאָל א שמועס! מעגסט אים ניט מעקאַנע זײַן...

אָ, אָט גייט שוין נאָך מיר מײַן ווארווארע, מײַן שטרענגער שטוב-ווארוואר. קום, ווארויע, העלף מיר זיך אופהייבן, ווײַל עס קלאפּט עפּעס אין רוקן. מע זאָגט, אז דאָס קלאפּט דער אָסטעאָכאנדראָז, דער ראדיקוליט מיט דער ליומבאלגיע. פאַרשיידענע נעמען, נאָר דער ווייטיק איז דער זעלבער. אלץ טוט באם מענטשן אלציינס ווײ, ס'טוט ווײ אויך פאַר אלץ... פאַרשטייסט, מוישע, פאַר אלץ...

ווארויע, איך זע, אז אונדזער אייניקל בײַט זיך וואָס א טאָג, צום באדויערן, ניט צום בעסטן. גיב אים איבער, אז מאָרגן וואַרט איך אָף אים, און קומען זאָל ער צו מיר אָן זײַן אווטאָמאָביל. מיר וועלן זיך דורכשפאצירן צופוס. איך וועל אים באווײַזן, ווו עס איז פריער געווען טײַגאַ און זומפּ און ווו מיר האָבן געלייגט די ערשטע הילצערנע טראָטוארן. איך וועל אים דערציילן, צוליב וואָס בא אונדז איז געווען א מאליאריע-סטאנציע. כ'וועל באווײַזן אים, פון וועלכן אָרט דו האָסט מיך באגלייט אפן פראָנט און ווו עס איז אמאָל געשטאנען די הילצערנע געבײַדע פונעם מיליטערישן קאָמיסאריאט. דער קאָמיסאר איז ניט שולדיק אין דעם, וואָס ניט אלעמען, וועמען ער האָט ארויסבאגלייט אָף דער מילכאָמע, האָט מען דערנאָך ווידער גענומען אפן מיליטערישן דיסקאָנט...

נו, מוישע, זײַ מיר געזונט! דיר און דעם סקווער אונדזערן מעלדע איך אָף מאָרגן אָן אָפּרו-טאָג. און מאָרגן שטייט אונדז פאָר א נײַער טאָג.



# פעליקס כאַזמאַוויטש



געבוירן געוואָרן אין מינסק אין 1948. פאַרענדיקט דעם מעדיצינישן אינסטיטוט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אַף ווײַסרוסיש אין 1966. אַרויסגעגעבן צוויי זאַמלונגען ווײַסרוסישע לידער: „דער קאַיאַר" (1981) און „דער גרינער טראָלייבוס" (1986). אַרבעט אַלס דאָקטער. וווינט אין מינסק.

## צום וואַלד

מײַן שטילער וואַלד מיט אויגן גרינע,
איך ווער פאַרפאַלן אין דײַן שאָטן.
בא דײַנע פייגעלעך און בינען
בין איך פון לאַנג א גוטער שכן.

איך קאָן ניט עטעמען, — זאָלסט וויסן, —
אָן דופטן פון די בלומען דײַנע.
דאָס גרעזל רופט, די ריטשקעס פליסן,
דאָס קוועלכל קלינגט, די בלעטער טײַנען.

געוועזן שוין זײַנען בוים-און-גראָזן
פאַרשלונגען פונעם רויך געדיכטן.
ס'וועט מער ניט זײַן: כ'וועל ניט דערלאָזן,
עס זאָל דאָס פײַער דיך פאַרניכטן!

## אַף דער אָזערע נאַראַטש

די בלויע כוואַליע וויגט מײַן שיף,
די ווײַכע וואָלקנס און די זון,
א לינדער ווינט גלעט מײַנע האָר,
די בלויע ווײַט מיך רופט צו זיך.
עס הערט זיך קוים א שטילע ליד,
וואָס איז מיסטאָמע מיטגעבראַכט
אַף מעווע-פליגל פונעם ברעג,
ווו ס'זינגט א מאַלכעסדיקע פרוי.
אין רו פאַרהילט עס איז די ערד,
און ס'דאַכט זיך, אין דער גאַנצער וועלט
ניטאָ קיין בײַזקײַט און קיין צאַר,
קיין אַטאָם-באָמבע איז ניטאָ...

## אַן אַלטע ליד

די מאַמע זינגט אַן אַלטע ליד,
און אין דעם גרויען אָוונט פליט
איר קאָל, איר שיין און וואַרעם קאָל.
כ'בין גרייט עס הערן טויזנט מאָל.
„ווען איך וואָלט געווען א פייגעלע אין וואַלד,
וואָלט איך צו דיר געפלויגן..."
די טרערן בלישטשען, פונקט ווי טוי
אין אירע קלאָרע אויגן.

איך ווייס ניט, וועגן וואָס זי טראַכט,
ווּהין עס האָט זי מיטגעבראַכט
מיט זיך דאָס טרויעריק געזאַנג
פון אונדזער סאָד, פון אָט דער באַנק.
„ווען איך וואָלט געווען א פישעלע אין טײַך,
וואָלט איך צו דיר געשוווּמען..."
נאָך ווּעמען בענקט און ווײַנט איר האַרץ?
פאַרוואָס ער קאָן ניט קומען?

די גאָלדענע לעוואָנע שײַנט.
עס איז צו פרי געקומען הײַנט
די נאַכט אין אונדזער שטילן הויף.
די שטערן פאַלן פון דער הויך.
„ווען איך וואָלט געווען א פלינקע הינד אין פעלד,
וואָלט איך צו דיר געלאָפן..."
איך האָב נאָך קיינמאָל ניט דערהערט
ביזן סאָף די לעצטע סטראָפע.

# מארק זינגעריס



געבוירן געוואָרן אין 1947 אין שטעטל פריענאי, ליטע. פאַרענדיקט דעם פאַקולטעט פון זשורנאַליסטיק אין ווילנער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אַרבעט אַלס וויסנשאַפטלעכער סעקרעטאַר אין קאָוונער מוזיי פאַר געשיכטע. שוין באַקאַנט ווי אַ ליטווישער דיכטער און אַרויסגעלאָזט אַ בוך אונטערן נאָמען „אַ ביניען פון אַ צעדערבוים”. וווינט אין קאָוונע.

## ווי־אַזוי ס׳איז אופגעגעסן געוואָרן אַן אַרבוז

דעם געשטרייפּלטן בייכיקן,
מיט אַ כאַזעריש עקעלע
האָבן מיר מיט אַ סקריפּ געשטאָכן.

אָ, דאָס דאָזיקע רויטמויליקע געשריי,
זיין סליוניאַווע שפּראַך,
וואָס האָט אונדז ניט דערשראָקן!

זיין גרינשאָלעכצדיקע פעל
האָבן מיר געשליידערט אין הימל אריין,
ס׳זאָלן שווימען דורך האַרבסטיקע טעג
די קליינינקע קאָפּעליושקעס!

אָ, דער קוש פון דער פרוי אין זיין רויטן און צערטלעכן מויל
איז געווען, ווי דער רעגן פון האַרבסט,
וואָס באַשפּריצט די פאַרוועלקונג.

אָ, סענטיאַבער, אָקטיאַבער, נאָיאַבער...
כ׳האָב געזען היינט אַ מייזל אין גראָז,
אין די צוזאַמענגעשאָטענע בלעטער פון קליאָנען אין הויף,
אַ מייזל מיט זיין (דעם אַרבוזס) עקעלע...

## דער אויבערלייטענאַנט

אין מיין מאַמען האָט זיך פאַרליבט אַ דייטש
מיט אויבערלייטענאַנטסקע פּאָגאָנען, פון זילבער געוועבטע.
מיין מאַמע האָט די פענצטער אין האָספּיטאַל דעמלט געוואַשן.

די האַנט פונעם דייטש געווען איז אַ שווערע, אין גיפּס.
יאָ, ער האָט מיין מאַמע ליב געהאַט זייער,
ניט געוווּסט, אַז זי איז אַ יידישקע.

— אין קינאָ, אין קינאָ בראוכט מאַן געען.
— ניין, ניין.
— ווארום?
— היטלער פערבאָט...

דער אָפיצער האָט באגלייט
מיין מאמען מיט איר ארבעטס-באטאליאָן
ביז דער געטאָ
און געקוקט דורך די גראטעס,
ווי בא די מענער פון די הויזן-קעשענעס האָט מען בולבעס ארויסגעטרייסלט,
בא די פרויען איבער די קעפ געדרייט די ביוסטהאלטערס,
זוכנדיק ווייך ברויט...

## די צארטקייט פון דער ערד

די צארטקייט פון דער ערד —
זי קאָן ניט פארפאלן ווערן
אף דורכגעשאָסענע פעלדער.
זי פליט העכער — איבער דער שכיטע, איבערן געוויטער פון שלאכטן.

ווי שפעלדער מיט איינגעדרייטע לאָקן,
פּאשען זיך מענטשן איבער דער צארטקייט,
איבערלאָזנדיק בלוטיקע שפורן.

## אלעקסאנדער ביידערמאן



•

געבוירן געוואָרן אין אָדעס אין 1949 אין דער מישפּאָכע פון א שניידער. פארענדיקט דעם פילאָלאָגישן פאקולטעט פונעם אָדעסער אוניווערסיטעט. איצט ארבעט ער דאָרט אין דער סאָציאָלאָגישער לאבאָראטאָריע. דעביוטירט אין „סאָוועטיש היימלאנד" אין 1985. וווינט אין אָדעס.

## דער דיכטער

פאר אָט דעם געני האָט ניט מוירע —
ער איז א מענטש, ווי איר און איך,
נאָר צייטנוייז ער ווערט א בוירע
און שאפט דעם כוישעך און די ליכט.
ווער מאסקים איז צו גיין גלייך
נאָך אים
אין ווייטן וועג, אין פרייד און צאר?
אין קאָסמאָס רופן די מאלאָכים,
די מענטשן פרייען זיך דערפאר.

## אזא מין באָכער

א יונגערמאַן מיט שטאַרקע הענט,
מיט א נעשאָמע, וואָס איז ריין.
א יאַט, וואָס אַלע איר דערקענט
לויט כאַכמע זייַנער, לויט זייַן כיין.
זייַן בליק איז קלאָר, זייַן צונג איז שאַרף,
און פול מיט גוורע איז זייַן שפּאַן.
אַזאַ מין באָכער, וואָס מע דאַרף,
איז,ליידער, אָפּטמאָל ניט פאַראַן.

## שאַלעס און טשוווע

בא וועמען זאָל איך לערנען זיך, בא וועמען,
א ליד צו שאַפן, וואָס זי איז מייַן ליד?
בא וועמען קאָן מען אויסלערנען זיך וויינען
און לאַכן?

— אַזוי ווי דו? אַזוי? בא קיינעם ניט.

# רימע מאַרקאָווע



געבוירן געוואָרן אין 1951 אין לענינגראַד. פאַרענדיקט דעם קינסט-לעריש־גראַפישן פאַקולטעט פון לענינגראַדער פּעדאַגאָגישן אינסטי-טוט אָף א. אי. הערצענס נאָמען. אַרבעט אַלס לערערן פון מאָלערייַ. וווינט אין דער שטאָט אַפּאַטיטי, מורמאַנסקער געגנט.

## פאַר די קינדערשוועגן

### אין באָטאַנישן גאָרטן

אין באָטאַנישן גאָרטן,
וווּ די שנייִקע כיבינעס,
ווערן פאַרטיק אַפּעלסינעס
רעגולער איין מאָל אין יאָר.

אין באָטאַנישן גאָרטן —
רויזן, קאַקטוסן, באַנאַנעס.
וואָס דאָס האַרץ גלוסט, איז פאַראַנען
אין באָטאַנישן גאָרטן.

אין באָטאַנישן גאָרטן
שפּילן מיר אין אייַבאָליטן.
אונדז האָט אַפריקע פאַרביטן
דער באָטאַנישער גאָרטן.

אין באַטאַנישן גאַרטן
כ'זע א ווערדל, אן אלייע
און א בארג פאר בארמאלייען

אין באַטאַנישן גאַרטן.
נאָר קיין קאַקאַדו ניטאָ איז דאָרטן,
אין באַטאַנישן גאַרטן.

## דער קעמל

טו א קוק נאָר אפן קעמל —
ניט קיין לאַשעק, ניט קיין קעלבל.
קאַנטיק, דעמלט נאָך א קינד,
גיין פון שטוב געוואָלט געשווינד,
אפן שטול האָט זיך געדרייט ער
און דעם רוקן איינגעהויקערט.

איבער דעם, גלייב אפן וואָרט,
הויקערס צוויי דער קעמל האָט.

זאָלסט אזוי ניט טאָן, מיין אקשן,
וועסטו דאַן אָן הויקערס וואקסן.

## א לידעלע פאר גיסעלען

1. פריִער האָט געזונגען די מאמע:
שלאָף געזונט, מיין גיסעלע,
לייג זיך צו צום קישעלע.
ליג, די אייגעלעך פארמאכט,
שלאָף אָן זאָרג א גאנצע נאכט.
ליולינקע, מיין איינציק קינד,
ס'איז דיין מאמע זייער מיד.

און די מאמע איז אנשלאָפן געוואָרן.

2. דערנאָך האָט געזונגען די באָבע:
כ'נעם א נאָדל מיט א באוול,
א קאָלירטן שטאָף פון באוול, —
אופנייען א קליידעלע
וועל איך פאר מיין מיידעלע.

ליולי, ליולינקע, ליוליו
וועק ניט אוף דיין באָבעניו.

און די באָבע איז אנשלאָפן געוואָרן.

3. דעמלט האָט אָנגעהויבן זינגען דער זיידע:
מאָרגן וועלן מיר שפּאצירן,
דיין קאָליאסקע וועל איך פירן,
שלאָף זשע איין א ביסעלע,
ליולינקע, מיין גיסעלע.
בא דיין קליינינק וויגעלע
גענעצט שטארק דאָס ציגעלע.

און דער זיידע איז אנשלאָפן געוואָרן.

4. און בלויז גיסע שלאָפט נאָך ניט...



בּאָריס מיליאַווסקי



געבוירן געוואָרן אין 1948 אין דניעפּראָפּעטראָווסק אין אַן אַרבעטער־מישפּאָכע. פאַרענדיקט אַן ענערגאָ־טעכניקום. געאַרבעט אַלס מוזיקער. איצט — דער אָנפירער פון אַ קינדערשן בלאָז־אָרקעסטער. וווינט אין וואָלגאָגראַד.

# א בילדל פון אונדזער אינדערוואָכעדיק לעבן

נאַטאַשע זיצט לעבן פענצטער פונעם טראָלייבוס און קוקט מיט אינטערעס אויף די פאַרבײַלויפנדיקע מאַשינען, טראַמווײַען, הײַזער און ביימער. די האַלבטאָגיקע סאַרפּענדיקע זון לאָזט ניט אויך די מענטשן שטיין אויף אַן אָרט. די געציילטע פּאַסאַזשירן גייען גיך אַרויס און אַרײַן, באַפרײַען און פאַרנעמען ערטער, און מיר פאָרן ווײַטער.

די היץ איז הײַנט אַ ניט-געוויינלעכע אַפילע פאַר די צוגעוווינטע צו איר טוישווים פון דער דאָרעמדיקער בײַוואָלגע. אָבער דורך די אָפענע פענצטער פונעם טראָלייבוס ווייעט אַ ווינטל, און די מענטשן עטעמען אָפּ פון דעם עטוואָס פרײַער.

מיר פאָרן אויפן וואָקזאַל. הײַנט האָבן מיר געסט.

אַ קינד בלײַבט אַ קינד. נאַטאַשע האָט אַ טעווע אָן אויפהער פאַרגעבן פראַגן. איך ווער מיד צו ענטפערן, כאָטש באַ אירע פיר יאָר איז נאַטאַשע נאָך נײַגעריק אין דער מאָס.

— טאַטע, ווו זײַנען מיר איצט?

— באַם מאַמײַעוו-קורגאַן. אויף זײַן שפּיץ זעסטו די פיגור פון דער מוטער-היימלאַנד...

— טאַטע, גיב אַ קוק, סאַראַ גרויסער אוילעם הייבט זיך אויף איבער די טרעפּ!

— דאָס זײַנען טוריסטן. זיי טראָגן בלומען צו די קוואָרים, אין וועלכע ס׳ליגן אונדזערע סאָלדאַטן.

— און יענע? — קוקט זי אויף אַ גרופּע פאַרברוינטע, קוטשעראַווע, פאָכנדיקע מיט די הענט זשוואַווע מענטשן מיט שווערע קינאָ-קאַמערן.

— דאָס זײַנען אויסלענדער. באַלד וועלן זיי אָנהייבן אַלץ צו פאָטאָגראַפירן.

מיר פאָרן ווײַטער. וואָלגאָגראַד איז אַ ראַשיקע, שטאַרק אויפגעלעבטע שטאָט. פאַרבײַ אונדז שווינדלען דורך פאָנטאַנען. אינעם וואַסער פּליעסקען זיך קינדער. אויף די בענק זיצן זקײנים, וואָס באַהאַלטן זיך פון דער זון אונטער שירעמס. סטודענטן שמײַען אַרום, ניט ליײַגנדיק קיין אַכט אויף דער מעשוגענער היץ און פירנדיק אַ פריילעכן געשפּרעך. פאַרבײַ דעם טראָלייבוס טראָגן זיך דורך הײַזער, אײַנגעהילטע אין גרינס, אַלייען מיט אַ פּילפּאַרביקן טעפּיך פון זאַפטיקע גראָזן און בונטע בלומען.

דער וואָקזאַל באַגעגנט אונדז מיט רוישנדיקע מענגעס פּאַסאַזשירן — אָפּפאָרנדיקע און אָנגעקומענע — און מיט אַ הודיען פון די צוגן. אויף דער וואָקזאַל-געבײַדע זעט זיך אַרויס אַ טורעמל מיט אַ זייגער, וואָס קוקט מיט זײַנע ציפערבלאַטן אויף אַלע פיר זײַטן. די זייגער-ווײַזערס גיבן אונדז צו וויסן, אַז מיר האָבן נאָך קימאַט צוואַנציק מינוט אויף איבערכאַפּן דעם אָטעם.

איך קויף בלומען פאַר די געסט און אײַנזקרעם פאַר אונדז.

— נאַטאַשע, עס ניט אײַלנדיק, שלינג ניט שטיקערווײַז...

מיר באַטראַכטן די דורכפֿאָרנדיקע צוגן. כ׳ווייס ניט, פֿונוואַנען עס נעמט זיך בײַ מיר אַזאַ ליבע צו דער אײַזנבאַן, בײַ אונדז אין דער מישפּאָכע זײַנען קיין אײַזנבאַנער ניטאָ און ניט געווען. דער טאַטע איז אַ סטאָליער, דער פֿעטער — אַ בלעכער, איך אָבער האָב פֿון קינדווײַז אָן געטרוימט ווערן אַ מאַשיניסט פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו. קיין מאַשיניסט בין איך, עמעס, ניט געוואָרן, נאָר יעדעס מאָל, ווען איך קום אויף אַ וואָקזאַל, קאָן איך ניט אָפּרײַסן די אויגן פֿון די דורכפֿאָרנדיקע צוגן. ווען איך בין געווען אַ קינד, זײַנען צווישן מײַנע שפּילכלעך געווען אַ היפּשע צאָל פֿאַראַוואָז־לעך — הילצערנע, בלעכענע, מערסטנטייל געשענקטע מיצאַד שורען, ווען זי פֿלעגט קומען צו אונדז צוגאַסט. אָפֿט פֿלעגט זי זיך ארײַנכאַפּן צו אונדז גלײַך נאָך די לימודים אין איר טעכניקום, קעדיי מיט מיר אַ ניאַנטשע טאָן זיך. אַ שיינע און אַ שלאַנקע, טאָמיד אַ פֿריילעכע, אויסגעפּוצט אין אַ פֿײַן קליידל, דעם דיקן בלאָנדן צאָפּ אַראָפּגעלאָזט ביז די קני, פֿלעג זי, אַרײַנקומענדיק, מיר אָפּגיך אַרומנעמען, אַ קוש טאָן, דערציילן אַ מײַסעלע. דערנאָך פּונקט אַזוי גיך אַ כאַפּ טאָן אירע ביכלעך און נעלעם ווערן...

אַזאַ איז זי פֿאַרבליבן בײַ מיר אין זיקאָרן. כ׳געדענק, וויאַזוי מיר, די פֿילצאָליקע קרויווים, האָבן געטאַנצט בײַ איר אויף דער כאַסענע. סאַראַ שיינע און גליקלעכע זײַנען זיי געווען — שורע און מישע, איר כאָסן.

טשיקאַווע, וויאַזוי זעט זי אויס איצטער? ס׳איז דאָך פֿאַריבער מער פֿון פֿינף און צוואַנציק יאָר זינט מיר האָבן זיך געזען. זי האָט איצט אַ זון אַ סטודענט.

די וואָקזאַל־ראַדיאָ האָט מיט אַ שיפּענדיק, קוים פֿאַרשטענדלעך, ווי אויף אַלע אײַזנבאַן־סטאַנציעס, קאָל מיטגעטיילט, אַז ס׳קומט אָן דער צוג „סווערדלאָווסק—סעוואַסטאָפּאָל״. מיר גייען אַרויס אויפֿן פּעראָן. דאָ שטופּן זיך שוין אַ סאַך מענטשן: איינע באַגעגענען, אַנדערע באַגלייטן און די איבעריקע ווילן באַלד אוועקפֿאָרן אַליין.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך באַוויזן דער לאָקאָמאָטיוו, אויף וועלכן עס וואַרט דער גאַנצער אוילעם. מיט אַ צעצויגענעם פֿײַף דערנעענטערט ער זיך צו אונדז, שלעפּנדיק נאָך זיך בײַ צוויי צענדליק גרינע פֿאַרשטויבטע וואַגאָנען, אָנגעשטאָפּטע מיט מענטשן, וואָס זײַנען אַצינד ענלעך אויף מאַרטירער, ניט באַוווּסט פֿאַר וועלכע זינד אַרײַנגעזעצטע אין אָט די אָנגעגליטע אײַזערנע קאַסטנס.

דער צוג שטעלט זיך אָפּ, סקריפּענדיק מיט די טאָרמאָזן. פֿון די וואַגאָנען גייען אַרויס, באַגיסנדיק זיך מיט שווייס, אָנגעקומענע גליקלעכע פּאַסאַזשירן. זייערע ערטער ווערן גלײַך פֿאַרנומען מיצאַד נײַע ליבהאָבער פֿון די יאַם־פּליאַזשן.

אין דער טיר פֿון איינעם אַ וואַגאָן באַווײַזן זיך שורע און מישע. איך דערקען זיי טייקעף. זי דערזעט אונדז, גיט אַ פֿאָכע מיט דער האַנט



און זאָגט עפּעס מיט א שמייכל, אָפּקערעווענדיק דעם קאָפּ צו מישען. זיי שפּרינגען אראָפּ אפן פּעראָן, און אָט שטייען זיי שוין לעבן אונדז.

— זע, סארא מיידעלע ער האָט, — שרײַט אויס שורע און כאפּט ארוף נאטאשען אף די הענט, — אין דיר געראָטן. אוי, לאָמיר זיך שוין ארויסקלײַבן פונדאנען!..

מיר קושן זיך. איך נעם צו בא מישען דעם טשעמאָדאן, איבערלאָזנדיק אים דעם קויש, און מיר הייבן אָן אריבערשפּאנען אָן א שיר זעק און פּעק אפן וואָקזאל-פּלאַץ. דערנאָך פארנעמען מיר א ריי נאָך א טאקסי.

— דו ווייסט, באַרעך, איך וואָלט דערקענט דײַן נאטאשען צווישן טויזנטער קינדער, אזוי איז זי ענלעך אף דיר, אזא, ווי דו ביסט געווען א קלייניקער, — זאָגט שורע מיט דעם זעלבן קלינגעוודיקן קאָל, וואָס כ'האָב פארגעדענקט פון אמאָל. די אויגן האָבן בא איר ניט פארלאָרן דעם גלאנץ, די זעלבע שטאלטנעקײַט. ניטאָ אָבער שוין דער לאנגער צאָפּ, אפן פּאָנעם האָבן זיך באוויזן קנייטשן. די צײַט טוט אירס.

מישע זעט אויס לעבן שורען, ווי א גיבער — א הויכער און פעסט געבויטער, מיט מאנירן פון א געוועזענעם ספּאָרטסמען. אין די יונגע יאָרן האָט ער געשפּילט אין באסקעטבאָל פאר דער ארמייִשער זאמל-קאָמאנדע פון אוקראַיִנע.

פון דניעפּראָפּעטראָווסק זײַנען שורע און מישע אוועקגעפאָרן א סאך פריִער, איידער איך, גלײַך נאָכן פארענדיקן דעם אינסטיטוט, זיי האָבן זיך באזעצט אין דער שטאָט טאָליאַטי. ביז איצט ארבעטן זיי דאָרט אלס אינזשענירן אפן גרויסן זאוואָד. וואָלגאָגראד געפינט זיך, ווי באוווּסט, אין די זעלבע קאנטן. אזוי-ארום, זײַנען מיר שכיינים, נאָר מיר באגעגענען זיך איצט צום ערשטן מאָל נאָך אונדזער צעשיידונג.

— נאטאשע, — פרעגט שורע, — און ווו איז דײַן מאמע?

— די מאמע מאכט געפילטע פיש און באקט א טאָרט, — ענטפערט ערנסט דאָס מיידעלע.

עס גייט צו אונדזער ריי, מיר זעצן זיך ארײַן אין א מאשין.

אין פופצן מינוט ארום זײַנען מיר שוין אינדערהיים.

# בראָניק

## בא טוריסטישע שײַטערס

ליבהאָבער פון זינגען בא טוריסטישע שײַטערס זאמלען זיך צונויף אין א וועלדל הינטער מאָסקווע פרילינגצײַט און אין הארבסט. זיי רופן זיך „קלוב פון דער זעלבסטעטיקער ליד”. דער איניציִאטאָר פונעם קלוב איז די מאָסקווער שטאָטישע קאָמיוגארגאניזאציע.

דאָס איז א מין פעסטיוואל פון פאָלקלאָר. אמאָל פלעגן אין אים זיך באטייליקן אזעלכע איצט שוין ברייט באוווּסטע „באַרדן”, ווי בולאט אָקודזשאווא, יורי וויזבאָר, אדע יאקושעווא, סערגיי ניקיטין.

איינע פון די לעצטע באגעגענישן פונעם קלוב איז פאָרגעקומען דעם 9־טן מײַ און איז געווען געווידמעט דעם זיג איבערן היטלערישן פאשיזם. עס האָבן אויסגענומען לידער פון די יונגע אוּטאָרן און אויספילער אלעקסיי מאלצעוו, יורי קאמינסקי, אלעקסאנדער בארקאן, יורי כאָמענקאָוו. ■

## באָריס קושניר



געבוירן געוואָרן אין 1950 אין ביראָבידזשאַן. אין 1981, נאָכן פאַרענדיקן די זשורנאַליסטישע אָפּטיילונג פון דער כאַבאַראָווסקער פּאַרטיי־שער הויכשול, געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין דער רע־דאַקציע פון דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן“. מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון דער צײַטונג, פאַרוואַלטער מיטן אָפּטייל פון פּאַרטיי־לעבן און סאָוועטישער בוינג. וווינט אין ביראָבידזשאַן.

# דער מענטש איז באַרימט מיט זײַן מי

אָט דעם מיטלוווּקסיקן, פעסטגעבויטן, לעבנסלוסטיקן מענטשן קען גאַנץ ביראָביד־זשאַן. זײַן פּאָרטרעט איז אויסגעשטעלט אויפן געגנטלעכן ערן־טאָוול. ער איז א דעפּוטאַט פונעם אָרטיקן סאָוועט פון פאָלקס־דעפּוטאַטן, מיטגליד פון דעם געגנטקאָם פון דער פּאַרטיי. סעמיאָן מאַלאַצקי איז זײַן נאָמען. ער פירט אָן מיט איינער פון די בעסטע בריגאַדעס מאָנ־טאַזשלער אויפן זאַוואָד „דאַלסעלמאַש“.

דער צעך נומ. 3 איז דער צענטראַלער אויף דער אונטערנעמונג. דאָ ווערן צונויפגענומען פון באַזונדערע בלאָקן און דעטאַלן די מעכ־טיקע רײַז־קאָמבײַנען — מעכטיקע סטעפּ־שיפן, וועלכע האָבן באַרימט געמאַכט דעם זאַוואָד און זײַן קאָלעקטיוו ניט נאָר בײַ אונדז אין דער געגנט, נאָר אויך אין פיל אַנדערע רעגיאָנען פונעם לאַנד און אין אויסלאַנד.

דעם בריגאַדיר האָב איך געטראָפן בײַ דער אַרבעט, בעת ער און זײַנע כאַווײרים האָבן סאָרטירט די שנײַדמאַשין פון א קאָמבײַן. ווען ער האָט באַמערקט, אַז איך וואַרט אויף אים, האָט ער א שמייכל געטאָן:

— איין ווײַליטשקע. אָט וועל איך פאַרענ־דיקן מיט אָט דער מוטערקע, וועל איך זיך אַרויסבאַפרײַען און געבן אַן ענטפער אויף אַלע אײַערע פראַגן.

איך האָב דערווײַל באַטראַכט דאָס אַרבעטס־אָרט פון מאַלאַצקיס בריגאַדע. אומעטום — א מוסטערהאַפטע אָרדענונג, גאַרנישט וואַלגערט זיך ניט אונטער די פיס, קיינער שטערט ניט אין דער אַרבעט. יעדערער האָט זײַן אָרט און ווייסט, וואָס צו טאָן.

— אײַך געפעלט בײַ אונדז? — האָט מאָ־לאַצקי, צוגייענדיק צו מיר, א פרעג געטאָן,— א גוטע אָרדענונג אויפן אַרבעטס־אָרט — דאָס איז דער איקער, אַנדערש וואָלטן מיר ניט געקאָנט זיך ספּראַווען מיט די קאָמפּליצירטע אויפגאַבן...

— זאָגט מיר, כאַווער מאַלאַצקי, איר אַר־בעט שוין מער פון צוואַנציק יאָר אין איין צעך, אויף איין און דעם זעלבן אָרט. דאָס איז א סאַך, צי ווייניק?

— אָפּהענגיק, פון וועלכן שטאַנדפּונקט באַטראַכטן די זאַך. עס קאָן זײַן, אַז פאַר עמעצן וואָלט דאָס געווען צו פיל, נאָר פאַר מיר, זאָג איך אײַך דעם עמעס, זײַנען די דאָ־זיקע יאָרן דורכגעלאָפן אומבאַמערקט. ווען דו אַרבעטסט, און די אַרבעט גייט גוט, ווען זי



פאַרשאַפט פאַרגעניגן, באַמערקסטו ניט דעם לויף פון דער צײַט און ווערסט ניט מיד. פאַרקערט, עס קומען צו נײַע קויכעס, ס'ווילט זיך אַרבעטן נאָך בעסער. און נאָך. מײַן גורל איז זייער ענלעך אַפן גורל פון מײַנע כאַווערים. נאָכן פאַרענדיקן די מיטלשול בין איך אָנגעקומען אַפן זאַוואָד און באַהערשט אַ פּראָפעסיע. די אַרבעט האָב איך שפּעטער צונויפגעפּאָרט מיט דער לער אינעם אָוונטיקן מעכאַנישן טעכניקום.

אַפן זאַוואָד האָט שוין דעמלט געאַרבעט מײַן טאַטע. ער האָט מיר געייצעט טאָן אַלץ, קעדיי ווערן אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער, און איך האָב אים געפאָלגט. אין צעך איז מיר אַלץ געפעלן געוואָרן: די ווערקשטעלן, די קאָנווייער-ליניעס און דעריקער די מענטשן — ווילע, גוטע, פּראָסטע מענטשן, גרייטע קומען דיר צו הילף, אויב ס'איז פאַראַן אין דעם אַ נויטווענדיקײַט. מײַן ערשטער אַרבעטס-דערציִער איז געוואָרן דער קאַדראָווע אַרבעטער מיכ׳אל זייגערמאַכער. איך בין אים דאַנקבאַר פאַר דער לער, פאַר דעם, וואָס ער האָט פון מיר געמאַכט אַ מענטש. אויך אַצינד זײַנען מיר גרויסע פרײַנט. שײַער צו זאָגן, אַף אַן אַרבעט, וווּ מע פאַרטיקט אויס קאָמפּליצירטע מאַשינען, קאָן מען בלויז מיט געמיינזאַמע באַמיִונגען עפּעס-וואָס דערגרייכן.

— דערציילט אונדז אינקורצן וועגן אײַער בריגאַדע, וועגן די אַנדערע מענטשן, וועלכע אַרבעטן אַף אָט דעם באַצירק.

— וועגן מײַנע כאַווירים קאָן איך ריידן שאָענווײַז. יעדערער פון זיי פאַרדינט אַ גוט וואָרט. און אויב אינקורצן, וואָלט איך זאָגן אַזוי: אונדזער בריגאַדע — דאָ איז אַ פרײַנטלעכע מישפּאָכע פון האָרעפּאַשניקעס מיט גאָלדענע הענט. איר וועט דאָ זען מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, און אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקײַט איז דער רוס וולאַדימיר באָסטראַקאָוו. ער איז אַ ספּעציאַליסט פון הויכן קלאַס, האָט באַהערשט עטלעכע פּראָפעסיעס. אויב מע דאַרף, איז ער אַ שלאָסער, און אויב מע דאַרף, — אַ מאָנטאַזשלער, אַ שווייסער. מיט איין וואָרט, פאַר וואָס ער זאָל זיך ניט נעמען, באַקומט זיך אַלץ בא אים. דערצו איז ער אַ גוטהאַרציקער, אַ ווילער יאַט, גרייט טאָן נאָר נוצלעכס פאַר די מענטשן. דאָס זעלבע קאָן איך זאָגן וועגן דעם מאָרדווינער וולאַדימיר פּעטראָוו, וועגן דעם קאָרייער לי סעג גיון, וועגן די ייִדן אַווראָם מײַזעל, מיכ׳אל קושניר, זעליק שפּילקאָ. אַלע האָבן זיי אַ קלאָרע און פעסטע בירגערלעכע פּאָזיציע, זיי זײַנען איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן אונדזערע אידעאַלן, און וואָס פאָדערט זיך נאָך פון אַזעלכע האָרעפּאַשנע מענטשן, גוואַרדייער אין פולן זין פון וואָרט?

איך האַלט, אַז די בעסטע מענטשלעכע מײַלעס אַנטפּלעקן זיך אין אַ בריגאַדע-קאָלעקטיוו. די בריגאַדע איז ניט בלויז אַ פּראָדוציר-קעמערל, נאָר פריִער פאַר אַלץ אַ שול פון זיטלעכער דערציִונג. אונדזער קאָלעקטיוו איז אויפגעקומען אין 1980 יאָר אַלס איינע פון די ערשטע אַף דער אונטערנעמונג קאָמפּלעקס-בריגאַדעס, וווּ דער אַרבעטלוין ווערט פאַנאַנדערגעטיילט לויטן קאָעפיציִענט פון יעדנס אַרבעטס-אָנטייל.

אין אונדזער בריגאַדע איז טעטיק אַ פאַרטיי-גרופּע בעראָש מיט זעליק שפּילקאָ, אַ פּראָפאַריין-גרופּע. דאָס העלפט אונדז אַקטיוו זיך באַטייליקן אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פונעם צעך, פון דעם גאַנצן זאַוואָד, פאַרנעמען זיך מיט פיזקולטור און ספּאָרט, באַזוכן רעגולער לעקציעס און פּאָרטראָגן, דורכפירן שמועסן אַף אַקטועלע טעמעס. אויב עס איז נייטיק, זײַנען אונדזערע בריגאַדע-מיטגלידער אין די פאָדערשטע רייען אַף די שאַבעסניקעס, וועלכע מיר פירן דורך צוליב וויל-אײַנאָרדענען די טעריטאָריע פונעם זאַוואָד, אָדער בייסן ברענגען אין אָרדענונג דעם זאַוואָדישן סטאַדיאָן.

— און איצט אַ ביסל וועגן זיך.

— אייגנטלעך, האָב איך וועגן זיך שוין קימאַט אַלץ דערציילט. צוגעבן קאָן מען בלויז דאָס, וואָס לויט די סאַכאַקלען פון דער אַרבעט פאַרן צענטן פינפיאָר בין איך באַערט

געוואָרן מיט אַן אָרדען פון ארבעטס-רום פון דער דריטער מאדרייגע. איך פיר אַן מיט דער פּראָפּאריין-גרופּע אין דער בריגאדע. ב׳דארף זיך מודע זייַן, אַז איך ווארט ניט, מע זאָל מיך אייַנלאדן אָנטיילצונעמען אין אַ וועלכן-ניט-איז מאַסמיטל. שטענדיק בין איך גרייט אַלייַן קומען און פאָרלייגן מייַן אָנטייל. די געזעלשאפטלעכע ארבעט האָב איך ליב און בין שטענדיק גרייט אָפּגעבן איר יעדע פרייַע שאָ.

— זאָגט, ביטע, וויִאַזוי רעאגירט אף דעם אייַער מישפּאָכע?

— זי רעאגירט גוט, מיט פארשטאנד. איך בין גליקלעך מיט מייַן געזינד. די פרוי ליודמילע איז אַן עקאָנאָמיסט. ס׳וואקסן בא אונדז צוויי טעכטערלעך. דער עלטערער, מארינען, איז שוין 12 יאָר. זי איז אַ גוטע שילערן. די קלענערע, אירינע, איז נאָך אַ זויג-קינד. ווי איר פארשטייט, דארף איך אויספּילן אַלס טאַטע אַלמעגלעכע פליכטן, און איך סטארע זיך אַלץ טאָן, העלפן דער פרוי צו פירן די שטובווירטשאפט. אַ פלייַסיקער „ארויסהעלפער” איז דער אווטאָמאָביל, וועלכן מיר האָבן, דערצו נאָך איז בא אונדז פאראן אַ באקוועמע דאַטשע, און זומער באקומען מיר פון דעם גאָרטן קארטאָפל, גרינס, גאָרטנווארג, בלומען.

— כאַווער מאַלאַצקי, איר זייַט אַ בירָאָבידזשאַנער געבוירענער?

— מייַן זיידע און די באָבע זייַנען געקומען אף די בירער ברעגן פון אוקראַיִנע אין 1928 יאָר. דאָ, אין בירָאָבידזשאַן, זייַנען געבוירן געוואָרן מייַנע עלטערן. אַזויאַרום, האָט די מישפּאָכע מאַלאַצקי געלאָזט אף דער ווייַטמיזרעכדיקער ערד טיפע וואָרצלען. דאָ איז אונדזער היים, און אף גאָרנישט וועלן מיר זי קיינמאָל ניט פארבייַטן. מייַן טאטע איז אַ לערער, די מאמע — אַ נייטערן. פון קינדווייַז אָן האָבן זיי פארפלאנצט אין אונדז דאָס געפיל פון ליבע צו אונדזער פרעכטיקן קאנט.

איך וויל ספּעציִעל אונטערשטרייַכן, אַז אונדזער גרויסע מישפּאָכע מיט די קליינע אָפּצווייַגלעך לעבן פארמעגלעך, בא יעדערן איז פאראן אַ געראמע דירע מיט אַלע באקוועמלעכקייַטן. מיר האָבן אַלץ, אין וואָס אַן ארבעטנדיקער מענטש נייטיקט זיך. מיט איין וואָרט, מיר ארבעטן גוט, לערנען זיך און לייענען ביכער — יִדישע און רוסישע, פארברענגען די פרייַע צייַט, און ווען עס קומט דער כוידעש פון אורלויב, רוען מיר זיך אָפּ אף פארשיידענע קוראָרטן און אין סאנאטאָריעס, מאכן דורך טוריסטישע רייַזעס איבער די שטעט פונעם סאָוועטנפארבאנד.

— צום סאָף — אַ טראדיציִאָנעלע פראגע: דערציילט אונדז וועגן אייַערע פלענער.

— מייַנע פלענער זייַנען קלאָרע און פארשטענדלעכע. מיר האָבן געמאכט אַ גוטן אָנהייב פונעם סטארט-יאָר פון דעם צוועלפטן פינפיאָר. צום טאָג פון דער עפענונג פונעם פארטיי-צוזאמענפאָר האָבן מיר אויסגעפילט די פּראָדוציר-פארגעבונגען פון די ערשטע צוויי כאָדאָשים פון דעם יאָר. אויך אף ווייַטער, וועלן מיר ארבעטן אַזוי, ווי מע דארף. מיר פארשטייען גוט, אַז די פלענער פון דער פארטיי זייַנען אונדזערע פלענער.



# לעוו בערינסקי

ל. בערינסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1939. די לידער זײַנע ווערן אײַנגעשלאָסן אינעם יוגנט־נומער, ווײַל אין דער יידישער דיכטונג האָט ער דעביוטירט אין 1982 בעשאס ער האָט זיך געלערנט אין דער יידישער גרופּע פון די העכסטע ליטעראַרישע קורסן באַם גאָרקי־אינסטיטוט. ביז דעמלט — אַן איבערזעצער אַף רוסיש פון רומענישער, יידישער, מאָלדאַווישער, דײַטשישער דיכטונג. וווינט אין מאָסקווע.

## לויטן ווערטל

זייער שטאַרקײַט איז צו זיצן שטיל.
יעשויע

מיר זײַנען שטאַרק, כאַוויירים, שטאַרק ווי שטיין.
א שטיין קאָן אָבער ליגן אָדער שטיין,
נאָר זיצן זיצט א פויגל אַפן פלויט.
און אויך ניט שטיל. ווײַל שטיל איז נאָר דער טויט.

זײַנען מיר שטאַרקער, גלייבט מיר, פונעם טויט
און פון דער קראָ, וואָס קראַקעט אַפן פלויט,
און פונעם שטיין, וואָס פליט אין אונדזער זײַט
און פון דער אַלטער עסריקער צײַט.

## א טפילע

מענטש, וואָס טויגן דיר צוויי דײַנע הענט, אויב דו פליסט ניט אין הימל?
וואָס טויג דיר דײַן האַרץ, אויב דו ווילסט ניט צעטיילן מיט מיר דאָס ברעקעלע ברויט?
וואָס טויג דיר סײַ דאָס און סײַ יענץ — אַלץ, וואָס דיר האָט געגעבן דײַן לעבן?
ריבוינעשעלוילעם, וואָס טויג איך דיר דאָ, אַף דער ערד, ווו איך זע זיך אין שלאָף —
זיך אליין?

## פּאָעזיע

מײַן טעלעפאָן שטייט בא מיר אַפן פענצטער, דער דראָט
גייט אַרויס דורך א פאָרטקע און ציט זיך העט ווײַט ביזן באַרג,
ווו עס שטייט (שוין אָן בלעטער) א בוים, — און ער הענגט דאָרט אַראָפּ
פון א צווײַגל,
זיך איבערגעריסן.

כ'נעם דאָס טרײַבל, דערהער, ווי מע אָטעמט אַף יענער זײַט וועלט
און מע שווײַגט, און מע וואַרט נאָר, כ'זאָל עפּעס־וואָס זאָגן...

## קאָלומב

דאָ פלעג איך זיך אָפשטעלן אין די זאמדן, אף דער בלוטיקער סטעזשקע קיין באָוול,
דאָ האָב איך זיך אָפגעשטעלט אין אָקעאַן, אפן בריקל פון „סאַנטאַ מאַריִאַ",
דאָ שטעל איך זיך אָפּ מיטן אעראָפּלאַן, פארן בלאָוון ווירזאוש אף צוריק —
דאָ, נאָך אַלץ אף דער ערד, אין פאַרבײַגאַנג...

## אייראָפּעיִשע פעלדער

א געפערלעכע אייגנשאַפט האָט דאָס היי: ס'צינדט זיך אָן פון זיך אַליין.

איך קוק אף דער מאַפּע אייראָפּעס, פאַרשפּרייטער מיט סנאָפּעס —
מיט די זאָרגפעליק איבערגעבונדענע, שטײַפע ראַקעטעס...

שטילער אווגוסט. זוניקע טעג.

## אַן אָפענער בריוו צום רעדאַקטאָר

באַשעווער כאַווער רעדאַקטאָר,
איך מעלד זיך צו אײַך און איך רעד, ווי צו עפּעס א גאָט.
סע גייט שוין אַפּרעל. און ס'איז פרילינג נאָך ניט. מײַן רעדאַקטאָר
אַרבעט אומרעגולער. ס'איז פאַר קיינעם דאָך אָבער קיין סאָד,
אַז לִיריק מאָנט קאַשע. און אויסער די אעראָפּלאַנען
לאָזט זיך קיינער אין הימל ניט הערן. און קיין סאָלאָוויי
דערהאַרגעט נאָך אַלץ ניט באַם טײַך זײַן ריוואַל. און סוועטלאַנע
האָט מיך אַלץ נאָך ניט ליב, ווינד און וויי!
כאַווער רעדאַקטאָר! איך רעד שוין איצט ניט וועגן רויזן —
א פּראָסטע ראַמאַשקע, א גרעזל זאָל שטעקן! א בין
זאָל געבן א זשוזשע! א פליג זאָל אין שטוב, צי פון דרויסן
זיך קלאַפּן אין גלאָז מיטן קאָפּ! ס'איז א גזיירע א מין
געפאַלן אף מיר — גאַנצע נעכט שלאָף איך טרוימלאָז און רויִק,
און באַטאָג שרײַב איך סקיצן, אַפּעלן צום זשעק[1] —
ווײַל אים געבן רעכטצײַטיק צו וויסן: זעט אויס, צו מײַן לִיריק
האָט גענומען א סאָף און אַן עק.
אָך, דער קוילער אָט דער סאָלאָוויי! וועלכע הימנען פאַר אים האָט
מײַן נעשאָמע געזונגען! און וואָס איז זײַן אָפּדאַנק? ער פליט,
ער שפּאַרט, זאָגט מען, אַן אָזש באַם דניעפּער. קאָן זײַן... נאָר דער קלימאַט
האָט דערווײַל זיך אָן אים דאָ געביטן, איר פילט?
איז ביזוואַנען אין אײַער זשורנאַל וועלן זומער די ייִדן
מיט א שמייכל א לייִען טאָן דעם בריוו און אַראָפּצײַן די בריל —
וועל איך שרײַבן שוין סטאַם א צאַוואָע, האַגאַם גאַנץ צופרידן,
וואָס דער זשעק האָט באַגלאָזט מײַן באַלקאָן, כ'זאָל ניט הערן קיין טריל.

פּאָסטסקריפּטום: מ'האָט הײַנט דאָ א פעניקס געזען, באַ דער מיל.

---

[1] זשעק (רוס). жилищно-эксплуатационная контора — די פאַרוואַלטונג פון א הויז אָדער פון הײַזער אין א שטאָט.



## ‖ ליטעראַטור-קריטיק ‖ ביבליאָגראַפיע ‖ פּראָגן פון קונסט



### פ א ַי נ ע   ג ר י מ ב ע ר ג

געבוירן געוואָרן אין 1951 אין טאַשקענט. פאַרענדיקט דעם פילאָ-לאָגישן פאַקולטעט פונעם טאַשקענטער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אַרבעט אין געביט פון איבערזעצן אויף רוסיש קינסטלערישע ליטעראַטור פון בולגאַריש און פון אַנדערע אויסלענדישע שפּראַכן. דעביוטירט אין „סאָוועטיש היימלאַנד” אין 1984. וווינט אין טאַש-קענט.

# ליטעראַטור פון אַ שפּראַך-עקספּערימענט?

(וועגן דער שאַפונג פון באָריס סאַנדלער)

אין מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל” גייט איצט אַרויס דער ערשטער בוך פונעם קעשענעווער יונגן פּראָזאַיִקער באָריס סאַנדלער. מיט די שאַפונגען פון אָט דעם אַוו-טאָר זײַנען די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד” באַקאַנט אויפן סמך פון זײַנע פּובליקאַציעס אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע יאָר. מיט וואָס זײַנען זיי מערקבאַר? מיט דעם, וואָס ב. סאַנדלער, אַ מענטש פונעם נאָכמילכאָמעדיקן דור, האָט שוין געפונען זײַן אָרט צווישן די שרײַבער פון דער עלטערער גענעראַציע, וואָס אייניקע פון זיי האָבן נאָך פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער יִדישער ליטעראַטור, און זיי זעצן פאָר צו אַרבעטן אין מאָדערנעם פעריִאָד פון איר עקזיסטענץ, אויפן ראַנד פונעם 20-טן און 21-טן יאָרהונדערטער.

די יִדישע ליטעראַטור (און קודעםקאָל די פּראָזע) איז אַנטשטאַנען ווי אַ ליטעראַטור, וואָס איז אויסגערעכנט אויף אַ מאַסן-לייענער, אַ פאָלקס-ליטעראַטור, וואָס באַזירט זיך אויפן אומגאַנג-לשון. פונדאַנען האָט געזעצמעסיק געשטאַמט דאָס ברייטע אַרײַנברענגען און אויסנוצן די מיטלען פונעם מאָנאָלאָג און פון דעם דיִאַלאָג. דער אויסקלײַב פון העלדן איז פאָרגעקומען צווישן יענע מענטשן, וואָס זאָפּן אין זיך אײַן אומיטלבאַר די אײַנדרוקן פונעם אַרומיקן לעבן און זײַנען אַלעמאָל גרייט אַנטפּלעקן די אייגענע נשמה מיט אַן אופריכטי-קער פרײַער דערציילונג וועגן דעם, וואָס עס האָט געטראָפן. די בעסטע פאָרשטייער פון דער פאַר-רעוואָליוציאָנערער יִדישער פּראָזע האָבן געשאַפן אַ גאַנצלעך געשטאַלט פון אַ יִדישן פאָלקס-מענטש, וואָס איז געטריבן און גערודעפט געוואָרן, אָבער טראָץ דעם האָט ער פאַרהיט דעם פרײַהײַטליבנדיקן און קעמפערישן קויעך פון דער נשמה. די סאָוועטישע

ייִדישע שרײַבער האָבן ווירדיק פֿאַרגעזעצט די דאָזיקע טראַדיציע, שילדערנדיק נײַע פּערסאָנאַזשן — ייִדן רעוואָלוציאָנערן, רויטאַרמייער, אַרבעטער, קאָלווירטניקעס. עס האָט פֿאַרגעזעצט זיך פֿאַרמירן די עצם דערציילערישע מאַניר פֿון דער ייִדישער פּראָזע. די דירעקטע רייד זײַנען געוואָרן שטרענגער, ציל־געווענדטער. עס האָט זיך באַרײַכערט דער לעקסישער פֿאָנד, די העלדן באַהערשן איצט ניט בלויז ייִדיש, נאָר אויך רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש, ליטוויש, מאָלדאַוויש.

אין דער האַנדלונג, וואָס ווערט באַלויכטן אין די ווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, באַטייליקן זיך הײַנט פֿאַרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. אָבער סײַווי זײַנען אין די דערציילונגען, נאָוועלעס, ראָמאַנען פֿון די שרײַבער פֿונעם עלטערן דאָר אין דער ערשטער ריי פֿאַרגעשטעלט אומיטלבאַרע טרעגער פֿון דער ייִדישער שפּראַך, מענטשן, פֿאַר וועלכע דאָס מאַמע־לשון איז ערשט ניט לאַנג געווען אין אַלע פֿראַטים אַ מינדלעכע שפּראַך, אַ שפּראַך פֿונעם שטייגערישן פֿאַרקער.

עס האָט זיך באַוויזן אויך אַ יונגער אויטאָר, פֿאַר וועלכן די רוסישע שפּראַך אין פּאַקטיש די גרונט־שפּראַך פֿון קינדווײַז אָן, אַן אויטאָר, וואָס האָט באַקומען אויף דער דאָזיקער שפּראַך שול־ און אוניווערסיטעט־בילדונג. און עס קאָן אופֿשטיין אַ געזעצמעסיקע פֿראַגע: וואָס זשע האָט געבראַכט אָט דעם יונגנמאַן צום שרײַבן אויף ייִדיש? איינעם פֿון די וואַריאַנטן פֿונעם ענטפֿער אויף דער דאָזיקער פֿראַגע באַקומען מיר, ווײַזט אויס, אין די ערשטע שורעס פֿון ב. סאַנדלערס גרעסערער דערציילונג (פּאָוועסט) „טרעפּלעך אַרויף צו אַ גנעס"[1]: „דער לייטער שטייט בײַ דער וואַנט. די לייטער־טרעפּלעך פֿירן אַרויף, צום בוידעם, און איך דאַרף נאָר אַרויפֿקריכן, אַ שפּאַר טאָן דאָס טירל, וועט זיך עס באַלד מיט אַ קרעכצנדיקן סקריפּ אופֿמאַכן, ווי איינער רעדט: „ווער ביסטו, און וואָס האָסטו דאָ פֿאַרגעסן?". איך בין אַ טאַטנס אַ קינד, געבוירן געוואָרן אין 1950, אין בעלץ, און פֿאַרגעסן האָב איך דאָ, אויפֿן בוידעם, מײַן קינדהייט..."

אַזױ־אַרום, אַ טאַטנס אַ קינד, אַ זיידנס אַן אייניקל — דאָס געפֿיל פֿון ירושהדיקייט, דער כיישעק אָפּצוהיטן דאָס בעסטע פֿון דער אָוועס־ירושה, אָפּצוהיטן אייגענע וואָרצלען. ב. סאַנדלערס העלד איז יונג: אַ ייִנגל אַ דערוואַקסלינג, אַ יונגער בירגער פֿונעם לאַנד. ער לעבט אין אַ פּעריאָד, ווען די רוסישע שפּראַך פֿאַרנעמט אַלץ ברייטער און ברייטער נאַטירלעכע פּאָזיציעס פֿונעם מיטל פֿון דעם צווישן־נאַציאָנאַלן פֿאַרקער, און ס'איז נאַטירלעך, וואָס די יונגע מענטשן זײַנען אין דער ערשטער ריי די טרעגער פֿון דער דאָזיקער שפּראַך. אָבער אין דער זעלבער צײַט איז דאָס אַ פּעריאָד, ווען דער אַנטוויקלטער סאָציאַליזם גיט ברייטע מעגלעכקייטן פֿאַר אַנטוויקלונג און אויפֿבלי פֿון די ליטעראַטורן פֿון אַלע פֿעלקער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

די פּערסאָנאַזשן פֿון דער גרעסערער דערציילונג „טרעפּלעך אַרויף צו אַ גנעס", דאָס זײַנען מענטשן פֿון אַ גאַנצער וואָך, וואָס וווינען ווײַט פֿונעם צענטער, אין דער „גלאָבינקע". די האַנדלונג אַנטוויקלט זיך אין סוף פֿון די 50־ער — אָנהייב 60־ער יאָרן. און דאָ שטויסן מיר זיך צונויף מיט דער פּראָבלעם פֿון שפּראַך־סטרוקטור. בעסער פֿון אַלץ גיבן זיך דעם אויטאָר אײַן די געשטאַלטן פֿון זקנים, פֿאַר וועלכע ייִדיש אַלס אומגאַנג־לשון איז אָרגאַניש. די שפּראַך פֿון דער דערציילונג איז פּראָסט, דער הויפּט־העלד — אַ ייִנגל, וואָס דערציילט וועגן זיך און וועגן דער וועלט, וועלכע רינגלט אים אַרום. און זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, עס קומט גלײַך אויפֿן געדאַנק דאָס אומשטערבלעכע ייִנגל מאָטל פּייסי דעם חזנס. צום באַדויערן אָבער, זײַנען ניט אויסגעשטעלט די עטנאָגראַפֿישע פּראַטים פֿונעם לעבן און שטייגער פֿון דעם קליינעם מאָלדאַווישן שטעטל אין אַ קלאָרן פּאָקוס; אַ ביסל פֿלאַכלעך, ניט בולט איז אויך דער הויפּט־העלד: זײַנע איבערלעבונגען זעען אויס עטוואָס סטאַנדאַרט, אָפּטמאָל איז עס „אַ ייִנגל בכלל".

אַלס איינער פֿון די אַמבעסטן געלונגענע עפּיזאָדן פֿון דער דערציילונג ווײַזט זיך אַרויס די טרעפֿונג פֿונעם הויפּט־העלד מיטן גײַסטיק־אָפּגעשטאַנענעם ליאָוקע. דאָס ייִנגל, וואָס קוקט מיט קינדערשער פֿאַראַכטונג אויפֿן „נאַרל", פֿאַרשטייט טײַקעף, אַז פֿאַר אים שטייט אַ לעבעדיקער נפֿש, וואָס בייטיקט זיך אין מענטשלעכער וואַרעמקײַט און אין מיטלײַד. אָבער די זעלבע סיטואַציע מיט אַן אינוואַליד, ווען זי ווערט דובלירט אינעם עפּיזאָד מיט דעם

[1] דאָ און ווײַטער לאָזן מיר דורך די אָנווײַזונגען אויף די נומערן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", ווו דאָס אָדער יענץ ווערק איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, ווײַל דער פֿאָרינטערעסירטער לייענער וועט באַלד שוין האַלטן אין דער האַנט אַ בוך, וואָס פֿאַרייניקט ב. סאַנדלערס ווערק פֿון זײַן שרײַבערישן אָנפֿאַנג־פּעריאָד.

בלינדן מיידעלע זאָיקע, מאכט שוין אַן אײַנדרוק פֿון אַן איבעריקער סענטימענטאַלקייט, וועלכע איז ניט אינגאנצן צום אָרט אין אַלגעמיינעם קאָנטעקסט פֿון דער דערציילונג.

דאָס מיסברויכן מיט קאַלאַריטפֿולע, נאָר שוין סטאַנדאַרטיזירטע אין דער פּראָזע אויסדרוקן פֿון דירעקטע רייד אויף ייִדיש, מיט כאַראַקטעריסטישע „אומריכטיקייטן" אַאַוו. דינט צומאָל שלעכט דעם יונגן מעכאַבער: זײַנע פּערסאָנאַזשן פֿאַרלירן די אויסדרוקפֿולע אינדיווידועלקייט.

דער אויטאָר פּרוּווט ערלעך שטעלן קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען און... גלײַך זיי לייזן, דאָס, וואָס הייסט „פֿאַרגרינגערן" אַ סיטואַציע. דער זיידע פֿונעם הויפּט-העלד איז, לעמאָשל, אַ קאַס אויף זײַן זון יויסעף, וועלכער אַרבעט אויפֿן אוראַל און רעדט שוין קוים ניט אויף ייִדיש, האָט אַן אוקראַיִנישע פֿרוי מיטן נאָמען אָקסאַנע. פּונדעסטוועגן, ווען די שנור קומט צו פֿאָרן, באַצווײַבערט זי גלײַך אַלעמען מיט איר גוטהאַרציקער שיינקייט און מיטן טאַקט. און די פּראָבלעם איז געלייזט...

די גרעסערע דערציילונג „טרעפֿלער אַרויף צו אַ נעס" איז אָבער, ניט געקוקט אויף די אַנגערופֿענע בלויזן, אַ ליטעראַריש ווערק מיט אַ פֿרישן קאָלאַריט, מיט פֿיל אײַנפֿאַלן, אַ ווערק, וואָס קומט פֿאַרצוזעצן אַ טראַדיציע אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור.

לאָמיר אַ קוק טאָן, וויאַזוי עס גייט די אַנטוויקלונג פֿונעם יונגן פּראָזאַיִקער אין אַנדערע זײַנע ווערק.

די צעטיילטע אויף קליינע קאַפּיטלעך גרעסערע דערציילונג „ווען עס קומט דער טאָג" שטעלט מיט זיך פֿאָר אויך אַ מאָנאָלאָג — אַ דערציילונג פֿונעם הויפּט-העלד וועגן זײַן לעבן, וועגן זײַנע נאָענטע און פֿרײַנט, וועגן דער ערשטער ליבע. מישע באַנאַר איז אַ זון פֿון אַ געמישטן לויט דער נאַציאָנאַליטעט פּאָרפּאָלק. אַ בעיערושעדיקער מוזיקער. מע דאַרף אָפּמערקן דעם פּאָזיטיוון פֿאַקט, וואָס דער אויטאָר האָט דאָ דערפֿילט די נויטווענדיקייט פֿון אַ מאָטיווירטקייט אינעם נוצן ייִדיש אין אַ דערציילונג וועגן אונדזער הײַנטצײַטיקייט, ביפֿראַט נאָך, ווען די דאָזיקע דערציילונג גייט פֿון דער ערשטער פּערזאָן. פּונקט ווי אין „טרעפֿלעך אַרויף צו אַ נעס", טרעט דאָ אַרויס אַלס איקערדיקער טרעגער און היטער פֿון די פֿאָלקס-טראַדיציעס אין פּראַט פֿון דער שפּראַך די באָבע — אַן אַלטער מענטש. „מיט מיר רעדט זי נאָר ייִדיש. פֿאַרשטיין פֿאַרשטיי איך אַלץ, נאָר רעדן רעד איך שוואַך".

עס זעט אויס גאַנץ נאַטירלעך, ווען די באָבע שמועסט מיט דעם אייניקל אויף ייִדיש, רופֿט אים אָן „מוישע". ער האָט דאָך באַקומען זײַן נאָמען לעקאָוועד איר מאַן. זי דערציילט דעם אייניקל געשיכטעס וועגן מוישע ראַבייני, זינגט פֿאָלקסלידער און טאַנצט אַ שער. דער הײַנטצײַטיקער יונגערמאַן, וועלכער האָט ליב סינקאָפּ-ריטמען און טראָגט לאַנגע האָר, לעבט שוין אָבער אין אַן אַנדער סוויווע. מיט זײַן באַליבטן אונטעריכטער פֿון מוזיק אַלעקסיי פּעטראָוויטשן און מיט זײַן בעסטן פֿרײַנט טאָליק מאַקאַראָוון רעדט מישע אויף רוסיש. דאָס הייסט, אַז עס פֿאַלט אים אויס, דערציילנדיק וועגן זיך אויף ייִדיש, איבערצוזעצן אויף מאַמעלאָשן די רייד פֿון אַנדערע מענטשן. אָבער ער אַליין רעדט דאָך „שוואַך"! ווו איז דער אויסוועג פֿון אַזאַ מין לאַגע? עפּשער איז דער אויסוועג — מיט מער דרייסטקייט אַרײַנפֿירן אינעם ייִדישן שפּראַך-געוועב נעאָלאָגיזמען, עלעמענטן פֿון הײַנטצײַטיקן יוגנטלעכן סטיל?...

מע דאַרף אָפּמערקן, אַז וואָס-וואָס, נאָר אין אַ געוויסער דרייסטקייט, אין אַן אַנטשלאָסנקייט צו „פֿאַרכאַפּן דורך אַ שטורעם" די ווירקלעכקייט און צו דערציילן וועגן איר דעם הײַנטצײַטיקן ייִדישן לייענער, יאָ — דאַפֿקע אין ייִדיש, קאָן מען דעם יונגן פּראָזאַיִקער ניט אָפּזאָגן.

אַליק ווײַנשטאָק פֿון דער גרעסערער דערציילונג „אין דער קורצער רעגע צווישן הײַנט און מאָרגן", וועלכע דרוקט זיך אין הײַנטיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד", איז אַ געבילדעטער הײַנטצײַטיקער אסימילירטער ייִד. ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, אָבער לעצטנס איז ער אינײנעם מיט זײַנע קרויווים אַוועקגעפֿאָרן קיין ייִסראָעל. דאָרט איז ניט אַלץ געווען אַזוי פּראָסט מיטן אײַנאָרדענען זיך אויף אַן אַרבעט, עס איז אויפֿגעשטאַנען די מאַטעריעלע שטייגער-פּראָבלעם און, דעריקער, ס'פֿאַרפֿינצטערט דאָס גאַנצע לעבן דער שאָטן פֿון אַ נײַער מילכאָמע. ווײַנשטאָק שאַצט אָפּ נײַ אויף אַלע ווערטן: די קינדהייט און די יוגנט דערוואָרבן אין זײַן דימיען נײַע פֿאַרבן. דער אָפּרו באַם שוואַרצן יאַם. די פֿרײַנט, די באַליבטע סאָוועטישע אַקטיאָרן... זײַן אייגענע גיטאַרע, די דיסקאָטעקעס... ווײַנשטאָק פֿאַרשטייט, אַז ער האָט זיך צעשיידט מיטן היימלאַנד, ער לעבט איבער אַ שווערע נאָסטאַלגיע, לייענט נאָכאַמאָל לידער פֿון נאַדסאָנען, פּאַסטערנאַקן, מאַנדעלשטאַמען, עס ציט אים אַליין שוין צו שרײַבן לידער. אַליק בלײַבט פֿאַר זיך אַ מענטש מיט סאָוועטישן וועלטבאַנעם, טרוימט וועגן דעם שאָלעם אויף דער וועלט.

דער אוטאָר מאַכט אַ פּרוּוו אָנצומאָלן דאָס געשטאַלט פֿון זײַן העלד ניט אין איין פֿאַרב. עס שפּירט זיך דער ווילן אָפּצושפּיגלען די אינערלעכע וועלט און דעם געפֿילן־ניוואָ פֿון אַן אינטעלעקטועלן מענטשן דורך אויסנוצן די אַנטשפּרעכיקע לעקסיק — „האַרמאָניש", „קאָמיש", „גענ‫י‬אַלער", „אינטימע געדאַנקען", „אַ סינטעטישע יאַלקע", „ניט רעאַל" אאַז״וו.

אין דער דערציילונג „דעם זיידנס שפּיל" קערט זיך סאַנדלער ווידער אום צו זײַנע באַליבטע פּערסאָנאַזשן — טרעגער פֿון שפּראַכלעכע און פֿאָלקס־פּאָעטישע טראַדיציעס. אַזאַ איז דער זיידע — דער אַלטער שנײַדער מאָטל ראַבינאָוויטש. און ווידער אַנטוויקלט זיך פֿאַרן לייענער קלוימערשט אַ „קאָנפֿליקט": וואָסערע פֿון די פֿאָלקס־מינהגים און זיטן איז קעדײַ אָפּצוהיטן און וואָסערע איז ניט קיין שאָד צו פֿאַרגעסן.

אַלזאָ, מאָטל ראַבינאָוויטש האָט דערלעבט ביז אַ גליקלעכן טאָג: זײַן אייניקל יוסף האָט כאַסענע. עס שטייט פֿאַר אַ פֿריילעכע ייִדישע כאַסענע. דער אַלטער שנײַדער האָט אָבער געוואָלט זען די טראַדיציאָנעלע כופּע. דאָס אייניקל יוסף און מאָטלס אַ פֿרײַנט, דער דאָקטער רוּוון פּראַדיס, פּרוּוון אָפּרעדן דעם זאָקן פֿונעם אַנאַכראָניזם צו שטעלן אַ כופּע. דערבײַ שטרײַכט דער שרײַבער אונטער, אַז דער יונגער יוסף קלײַבט זיך קלאָר ניט צו נעגירן די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס. ער שאַפֿט זיך אײַן קאַסעטעס מיט פֿאַרשרײַבונגען פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־מוזיק, שטרײַכט אונטער זײַן אָפּשײַ צו די נאַציאָנאַלע באַדערפֿענישן פֿון באָבע־זיידע. אין סאַמע פֿײַערלעכן מאָמענט, ווען אַלע קלײַבן זיך שוין פֿאָרן אין זאַגס צו רעגיסטרירן אַף אַ בירגערלעכן אופֿן דעם בונד צווישן כאָסן־קאַלע, מאַכט זיך דער אַלטער מאָטל קראַנק, שטערבנדיק זיך דערשלאָגן, אַז עס זאָל זײַן אַ כופּע. אָבער פּראַדיס קלערט אים אויף מיט טאַקט און געדולד: די כופּע האָט זיך אויסגעלעבט. מאָטל גיט סאָפֿקאָלסאָף זײַן האַסקאָמע. אַ כאַסענע איז געווען אַן אַנטיק!

די דערציילונג מאַכט אַ גוטן אײַנדרוק. בישכיינעס מיט טראַדיציאָנעלע ייִדישע אויסדרוקן: „באַרעכהאַשעם", „אַז מע ליבט, דערליבט מען" — קלינגט אָרגאַניש די הײַנטצײַטיקע לעקסיק: „עמאָציע", „אינפֿאָרמאַציע" אאַז״וו.

מער פֿון אַלץ גיבן זיך אײַן דעם יונגן מעכאַבער נאָוועלעס. אין אָט דעם זשאַנער פֿילט זיך אין סאַנדלערס סטיל אַ באַזונדערס פֿרײַער גאַנג. אַזאַ איז, לעמאָשל, די אָן פּרעטענזיעס אָנגעשריבענע געשיכטע פֿונעם דאָקטער אַרקאַדי לעווינזאָן, וועלכער האָט געשריבן לידער און פּלוצעם פֿאַרשטאַנען, אַז דער בעסטער שעדעווער זײַנער איז זײַן אייגן קינד; פֿונעם רעטושער עדיק, בײַ וועלכן ס'האָט זיך, פֿאַרקערט, אַנטפּלעקט אַ טאַלאַנט פֿון אַ זינגער. בעמעס רירנדיקע זײַנען די נאָוועלעס וועגן דעם מיידל מאַרטע, וועגן אַ שפּאַציר אין אַ זומערדיקן זונטיק פֿון אַ טאַטן מיט זײַן קליינעם זון אַרקאַשע. עטוואָס פּרעטענציעז און גראַדליניק זעען אויס אַף דעם דאָזיקן פֿאָן די נאָוועלעס „אַ בילד" און „אַ טעלעסקאָפּ און אַ פֿאַרצעלײַענער אימפּעראַטאָר".

אַמבוילעטסטנס ווײַזן זיך אַרויס די בעסטע שטריכן פֿון באַריס סאַנדלערס שאַפֿונג אין דער נאָוועלע „אוראָם דער צווייטער". אַרטור איז אַכט טעג אַלט, ער שרײַט. אַלע סטאַרען זיך אים צו באַרויִקן, נאָר — אומזיסט. די מוטער וויל אָנפּאָיען אים מיט וואַלעריאַנקע, נאָר די באָבע, די „באַבושקע" נעמט דאָס קינד אַף די הענט און טראָגט עס אָפּ צו דער אורבאָבע. יענע בלײַבט איינע אַליין מיטן אוראייניקל, וועלכער איז אָנגערופֿן לעקאָוועד איר פֿאַרשטאָרבענעם מאַן — אוראָמען. זי זינגט דעם זויגלינג אַן אַלט לידעלע און זאָגט אים, אַרטורן, אַז ער איז אויך אוראָם, אַזוי ווי דער אורזיידע זײַנער, און אַז ס'איז ניט שיין צו וויינען... אוראָם דער צווייטער ווערט אַנשלאָפֿן. אַלע זײַנען פֿאַרכידעשט דערפֿון, וואָס ער האָט זיך אַזוי גיך באַרויִקט. אָט אַזאַ איז דער גאַנצער סיפּער־האַמײַסע, און שוין. אָבער אינעם זשאַנער פֿון דער נאָוועלע האָט זיך דעם יונגן שרײַבער אײַנגעגעבן דאָס, וואָס עס גיט זיך אים צומאָל ניט אײַנגאַנצן אײַן אינעם זשאַנער פֿון גרעסערער דערציילונג — באַווײַזן די וואָרצלען־פֿאַרבינדונג פֿון דוירעס, די לעבנספֿעיִקײַט פֿון די בעסטע פֿאָלקס־טראַדיציעס און ניט ברענגען דערבײַ צופֿיל איבעריקע דעטאַלן, ניט „פֿאַרציִען" די סיטואַציע...

„צוועלף כאָדאָשים פֿון אַ גאַנץ יאָר" איז אַ מין ציקל פֿילאָסאָפֿישע לידער אין פּראָזע — אַ זשאַנער, וואָס האַלט זיך פֿעסט אין דער ייִדישער ליטעראַטור און האָט געוווּסט אַזאַ גרויסן מײַסטער, ווי יִצכאָק־לייבוש פּערעץ. דער דאָזיקער זשאַנער גיט אַ ייִדישן שרײַבער די געלעגנהײַט צו פֿאַרפֿולקומען זיך ניט אינעם איבערגעבן דירעקטע רייד, נאָר אין דער עצעם דערציילערישער לעקסיק. האַגאַם, אויב ריידן אופּריכטיק, איז צומאָל שווער אָנצונעמען סאַנדלערס סיטואַציעס פֿאַר איבערצײַגעוודיקע. לעמאָשל, אַזאַ סיטואַציע: אין אַ טראָלייבוס האָט אַ באָכער דערזען אַ פֿאַרטרויערט מיידל. ער האָט איר געשענקט זײַן „גליקלעכן בי-

לעט, איז אַרויס פונעם טראָלייבוס, און באַם מיידל האָט זיך באַוויזן אַ האָפענונג: מע דאַרף, מע מוז האָפן! צי איז דאָס ניט ליכטוואָגיק?

די פאַנטאַסטישע דערציילונג „אַ העלינק טעלערל פון הימל“ איז קוידעמקאָל אינטערעסאַנט מיטן דרייסטן פרוּוו אַקטיוו אַריינצוברענגען אינעם לעקסישן פאָנד פון דעם היינטצייטיקן יידיש אַזעלכע העברעיזמען, וואָס זיינען ניט פאַרשפּרייט אינעם אומגאַנג-לשון. ס׳וואָלט געווען אַ טאָעס צו מיינען, אַז אין דער דערציילונג ווערן פאָרגעשטעלט עפּעס טאַנאַך-אָוועס. ניין, די העלדן זיינען אונדזערע צייט-כאַווייריִם: דער געלערנטער גריגאָרי מאַרקאָוויטש, זיין זון מישקע, מישקעס שוועסטערקינד מאַריק. פאַראַן אויך אַנדערע פּערסאָנאַזשן: צוויי איינוווינער פון אַ פרעמדער פּלאַנעטע — ראַלין און ראַטאָס. עמעצער קאָן בעלי סאָפעק האַלטן אַזאַ מין פאַנטאַסטיק, וווּ עס איז אויסגענוצט שוין אַ פאַרעלטערטער גאַנג פון אַריינפירן אין דער האַנדלונג אַנטראָפּאָמאָרפישע[1] וועזנס, פאַר אַ צו נאַיִווער. אין דער יידישער ליטעראַטור איז דאָס אָבער אַן אָנהייב פון דער פאַנטאַסטישער פּראָזע אינעם היינטצייטיקן זין פון אָט דעם וואָרט. גריגאָרי מאַרקאָוויטש און זיין פריינט, דער פּראָפעסאָר סאַבאַליעוו, פאַרנעמען זיך מיט פּראָבלעמען פונעם קאָסמאָס. און די יינגלעך, מישקע און מאַריק, טרוימען צו געפינען אַ „ען-לע-אָ“ — אַ „טעלערל“ פון אַן אַנדער פּלאַנעטע. אינעם ווייטן קאָסמישן רוים האָפן ראַלין און ראַטאָס אַנטדעקן די „בלויע פּלאַנעטע“—אונדזער ערד...

אַ געוויינלעכע שטייגער-סצענע: גריגאָרי מאַרקאָוויטש מיט זיין פרוי קלייבן איבער אַף דער דאַטשע יאַגעדעס. פּלוצעם דאַכט זיך אויס מישקען, אַז הינטער אַ בערגל האָט אַראָפּגעלאַנדעט אַ קאָסמישע שיף פון אַ פרעמדער פּלאַנעטע. וואָס איז דאָס? אַ פאַנטאַזיע פון אַ קינד? אָדער ראַלין און ראַטאָס האָבן סאָפּקאָלסאָף געפונען די בלויע פּלאַנעטע?

גאַנץ געוויינלעך זיינען שוין פון לאַנג געוואָרן אין דער יידישער שפּראַך אַזעלכע העברעיזמען, ווי „נעפעש“, „מיזרעך“, „מייַרעוו“, „טוישעוו“, „וויקועך“, „שייוועט“. באַ סאַנדלערן אָבער דערוועקן זיי אַ נייעם „באַטייַט“, אונטערשטרייכנדיק די וויסנשאַפטלעכע פאַנטאַסטישקייט פון דער דערציילונג. דער אַוטאָר שטרעבט צוגעבן די העברעיזמען אַ נייע פונקציע אין דער ליטעראַרישער יידישע שפּראַך. ער סטאַרעט זיך ניט פאַרבייטן די „וויקוכים“ און די „טוישווים“ אַף מער היינטצייטיק קלינגענדיקע „דיסקוסיעס“ און „אָבאָריגענען“.

די טעמע פון אַ יערושעדיקער פאַרבינדונג פון דוירעס איז געלונגען אַנטפּלעקט אין דער נאָוועלע „שאָלעם-אַלייכעמס שטראַלן“. דער הויפּט-העלד איז גוט באַקאַנט מיט דעם קלאַסיקערס שאַפונג, פון קינדוויַיז נעמט ער אַף זיינע פּערסאָנאַזשן אַלס לעבעדיקע מענטשן, לערנט באַ אים דאָס פאָלקס-לאָשן. „שאָלעם-אַלייכעם“ איז פאַר אים ניט בלויז דער פענאָמען פונעם גאָדל פון דער יידישער פּראָזע, נאָר אויך דער טאָגטעגלעכער גרוס פונעם געליבטן זיידן...

די היינטצייטיקע יוגנטלעכע פּראָזע אַף יידיש קאָן מען אָנרופן „ליטעראַטור פון אַ שפּראַך-עקספּערימענט“. ס׳איז ניט שווער דורכצופירן פּאַראַלעלן מיט דער ליטעראַטור אַף פאַרשיידענע דיאַלעקטן פון דער שוועדישער שפּראַך, מיט דער מאַקעדאָנישער ליטעראַטור אין יוגאָסלאַוויע און, לעסאָף, מיט דער עספּעראַנטאָ-ליטעראַטור. צי האָט אין דעם געגעבענעם פאַל אַ באַדייַטונג דער פאַקט, אַז די שפּראַך איז אין אַזאַ אייכעס טעטיק אויך אין אייגנטלעך מינדלעכן פאַרקער? ווי עס שטעלט זיך מיר פאָר, איז עס ניט דאָס באַשטימענדיקע, די שפּראַך עקזיסטירט, עס ווערט געשאַפן אַ גרויסע ליטעראַטור אַף איר, און גאָרנישט שטעלט ניט אָפּ איר ווייַטערדיקע אַנטוויקלונג און עקזיסטענץ. אין אָט דעם צוזאַמענהאַנג ווילט זיך זען יונגע פּראָזע-שרייבער, וואָס עקספּערימענטירן מער דרייסט.

צום בייַשפּיל, ווי אינטערעסאַנט וואָלט עס געווען — אַנטוויקלען אין דער היינטצייַטיקער נאָוועליסטיק דעם אייגנאַרטיקן גאַנג, וועלכן שאָלעם-אַלייכעם האָט אויסגענוצט אין זיינע מאָנאָלאָגן „דאָס טעפּל“, „יויסעף“, „פונעם יאַריד“, ווען אַ טראַדיציאָנעלער טרעגער פון דער פאָלקס-שפּראַך דערציילט וועגן אַ פּערסאָנאַזש פון אַן אַנדערן פּלאַן — יענטע דערציילט וועגן איר זון — אַ יונגן אינטעלעקטואַל, וועלכער שטאַרבט פון טובערקוליאָז („דאָס טעפּל“), וועגן דעם רעוואָליוציאָנער יויסעף טייַנעט אַ מאַזלדיקער קאָמערסאַנט („יויסעף“), די עלטערן פון אַ טראַגיש אומגעקומענער גימנאַזיסטקע רײדן וועגן איר און אירע פריינט („פונעם יאַריד“). אין ב. סאַנדלערס גרעסערע דערציילונגען וואָלטן געקאָנט דערציילן ניט די אייניקלעך וועגן די באָבעס, נאָר פאַרקערט — די זיידע-באָבעס וועגן די אייניקלעך. דאָס וואָלט דערלויבט דעם אַוטאָר באַרייכערן אייגנאַרטיק און נאַטירלעך זיין יידיש מיט אַ נייַער לעקסיק, דרייסט און אומדערוואַרט וואַריִירן די סיטואַציעס אַאַוו.

[1] ענלעכע אַף מענטשן.

ס׳איז קעדײַ, בעלי סאָפעק, באַרירן אויך די פּראַגע מיקויעך מער דרייסט, מער אַקטיוו אַרײַנברענגען און אויסנוצן דעם גאַנג פֿון אַ צווייִשפּראַכיקער דערציילונג. ביפֿראַט, וואָס נאָך בײַשפּילן דאַרף מען ווײַט ניט גיין. לאָמיר זיך דערמאָנען כאַטשבי די קלאַסישע צוויי-שפּראַכיקײַט פֿון לעוו טאָלסטאָיס „מילכאָמע און שאָלעם״. די הײַנטצײַטיקע פּראָגרעסיווע שרײַבערן פֿון עסטרײַך אײַנגעבאָרג באַכמאַן האָט אין איר ווערק אויסגענוצט דעם גאַנג ניט בלויז פֿון דער צווייִשפּראַכיקײַט. נאָר אַפֿילע פֿון אַ מין פֿילשפּראַכיקײַט. אין איר דערציילונגען האָבן געקלונגען אײַנצײַטיק ענגליש, פֿראַנצויזיש, איטאַליעניש, דײַטש. די ווערק פֿון אײַנגעבאָרג באַכמאַן זײַנען ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט געוואָרן אין רוסיש מיטן אָפּהיטן די אָריגינעלע פֿילשפּראַכיקע קאָנסטרוקציעס. פֿאַרוואָס קאָנען ניט אויסנוצן אַזאַ גאַנג אויך די יונגע אויטאָרן, וואָס שרײַבן אויף יידיש?..

ס׳איז קעדײַ זיך אָפּצושטעלן אויך אויף מאָראַל-עטישע, פּסיכאָלאָגישע אַספּעקטן אין באַצוג צו ב. סאַנדלערס ווערק. בלעטערנדיק די זשורנאַלן „יונאַסט״, „נאָווי מיר״, „זנאַמיאַ״, טרעפֿן מיר גענוג קאָמפּליצירטע פּסיכאָלאָגיע, אַ גענוג קאָמפּליצירט אינערלעך לעבן פֿון די העלדן. אויך צו דער יוגנטלעכער יידישער פּראָזע דאַרף מען ניט, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, צוגיין מיט פֿאַרגינדעריקטע קריטעריען. עס וואָלט זיך געוואָלט זען אין די ווערק פֿון דעם זעלבן באַריס סאַנדלערן פּערסאָנאַזשן מיט אַ מער קאָמפּליצירטער אינערלעכער וועלט, מיט אַ מער אינטענסיוו גײַסטיק לעבן.

ווען די לייענער וועלן באַקומען אָט דעם נומער „סאָוועטיש היימלאַנד״, וועלן זיי, וואַר-שײַנלעך, שוין בלעטערן אויך דעם ערשטן בוך פֿונעם יונגן פּראָזע-שרײַבער. איז לאָמיר ווינטשן סײַ אים, סײַ זײַנע קאָלעגן, די יונגע אויטאָרן, וואָס שרײַבן און שאַפֿן אויף דער אַלטער, נאָר ניט פֿאַרעלטערטער שפּראַך יידיש, ווײַטערדיקע דערפֿאָלגן און שעפֿערישע אַנט-דעקונגען.

# קורצע רעצענזיעס

## מיכאַיל קרוטיקאָוו



געבוירן געוואָרן אין 1957 אין מאָסקווע. פארענדיקט דעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. ארבעט אלס איבערזעצער פון טעכנישער ליטעראטור. וווינט אין מאָסקווע.

# א דענקמאָל פון דער דײַטש־ייִדישער מעמואריסטיק




אין 1984 זײַנען צום ערשטן מאָל אין א פולן פארנעם דערשינען די דערינערונגען פון הענריעטע הערץ[1]. אין דער אויסגאבע איז אײַנגעשלאָסן אויך א טײל פון איר קאָרעספּאָנדענץ און אייניקע זיכרוינעס פון מיטצײַטלער וועגן איר. דער אײַנפלוס פון דער דאָזיקער פרוי אף דער קולטור־אטמאָספער פון דײַטשלאנד אין סאָף 18־טן — אָנהייב 19־טן יה. איז געווען א גאנץ באדײַטנדיקער.

הענריעטע הערץ איז געבוירן געוואָרן אין בערלין אין 1764. איר פּאָטער בינאָמין דע לעמאָס איז, ווי זי שרײַבט אליין, „געווען א פּאָרטוגעזישער ייִד, וועמענס זיידע האָט מיט פיל מיטגלויביקע געמוזט אנטלויפן פון פּאָרטוגאל, קעדיי ניט ארײַנפאלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע”. איר מוטער איז געווען אן אשקענאזישע ייִדישקע. די עלטערן האָבן געהערט צום פארמעגלעכן שיכט פון דער בערלינער ייִדישער געמיינדע. דער פּאָטער איז געווען א דאָקטער. הענריעטע האָט, טראָץ דעם, ניט באקומען קיין סיסטעמאטישע בילדונג, לויטן שטייגער פון יענער צײַט. זי האָט אָבער אויסגעלערנט עטלעכע שפּראכן, אריפמעטיק, געאָגראפיע. אין עלטער פון פופצן יאָר האָט מען זי כאסענע געמאכט פארן דאָקטאָר מארקוס הערץ, וועלכער איז געווען עלטער פון איר אף זיבעצן יאָר.

מארקוס הערץ האָט שטודירט פילאָסאָפיע אין קעניגסבערג און איז געווען איינער פון די באליבטע טאלמידים פון עמאנועל קאנט. נאָכן פארענדיקן דעם אוניווערסיטעט האָט ער זיך באזעצט אין בערלין, ווו ער האָט זיך פארנומען מיט מעדיצין־פּראקטיק. בא זיך אינדערהיים פלעגט ער לייענען לעקציעס איבער מעדיצין, פילאָסאָפיע, עקספּערימענטאלער פיזיק. צווישן די באזוכער פון די לעקציעס זײַנען געווען מיטגלידער פון דער קיניגלעכער מישפּאָכע, אריסטאָקראטן, געלערנטע.

אדאנק די קאָנטאקטן מיט דער אויסגעווײלטער סוויווע, האָט הענריעטע הערץ, א קלוגע און וויסנגיריקע פון דער נאטור, דערוואָרבן גרינטלעכע קענטענישן און איז געווען איינע פון די סאמע געבילדעטע פרויען פון איר צײַט. זי האָט פרײַ באהערשט, כוץ העברעיִש און דײַטש, אויך פראנצויזיש, שפּאניש, איטאליעניש, איבערגעזעצט צוויי ביכער פון ענגליש, זיך גרינטלעך פארנומען מיט לאטײַן, גריכיש און אפילע סאנסקריט, אויך א ביסל געקענט

[1] Henriette Herz in Erinnerungen, Briefen. Zeugnissen, Gustaw Kippenheuer-Verlag, Leipzig und Weimar, 1984.

שוועדיש, טערקיש, מאלײַיש. דער הויפּט-אינטערעס אירער איז אָבער געווען ליטעראטור. מארקוס הערץ האָט געהערט לויט זײַנע אינטערעסן צו דער טקופע פון דער האסקאָלע. אין ליטעראטור האָט ער קוידעמקאָל געשעצט דעם סייכל און די קלאָרקײַט. זײַן באליבטער שרײַבער איז געווען לעסינג. דער קרײַז פון מארקוס הערצן איז באשטאנען פון מענטשן פונעם עלטערן דאָר, ליבהאָבער פון פילאָסאָפיע און נאטורוויסנשאפטן. די יוגנט פלעגט זיך זאמלען ארום הענריעטן. אין משך פון א סאך יאָרן איז הערצס הויז געווען דער צענטער פונעם קולטור-לעבן אין בערלין. עס האָט עקזיסטירט א ווערטל: „ווער מאדאם הערץ ניט געזען האט, דער בערלין ניט געזען האט". אליין הענריעטע הערץ דערמאָנט: „כ'וועל ניט איבערטרײַבן, אויב איך וועל זאָגן, אז ס'איז דעמלט ניט געווען קיין איין מענטש, וועלכער איז שפּעטער בארימט געוואָרן און ניט געהערט אף א קורצער אָדער לענגערער צײַט צו די דאָזיקע קרײַזן... א סאך יאָרן האָב איך געלעבט אין א פרײַנטלעכן פארקער מיט אלע אינטערעסאנטע מענטשן פון בערלין".

אין אירע דערינערונגען, וועלכע זײַנען אָנגעהויבן געוואָרן אין רוים אין 1817, שילדערט הענריעטע הערץ דאָס לעבן און די טעטיקײַט פון איר קרײַז מענטשן. באזונדערע ארטיקלען זײַנען געווידמעט בארימטע פערזענלעכקײַטן, פון וועלכע אייניקע זײַנען איצט שוין פארגעסן, אנדערע זײַנען ברייט באוווּסט: אָנארע דע מיראבאָ, פרידריך שלײַערמאכער, זשאַן-פּאָל ריכטער, ליודוויג בערנע, פרידריך שילער, יאָהאן-וואָלפגאנג געטע, אלעקסאנדער און ווילהעלם פאָן הומבאָלדטס, פרידריך און אווגוסט שלעגעלס און פיל אנדערע. אין אירע בריוו פלעגט הענריעטע הערץ פאָרזעצן די באהאנדלונג פון די טעמעס, וואָס זײַנען בארירט געוואָרן בעשאס פערזענלעכע באגעגענישן: מאָראל, רעליגיע, ליטעראטור. די פרײַנט פלעגן איר מיטיילן זייער שטאנדפונקט, ווי אויך שרײַבן וועגן אייסאָקים, פלענער, זיך אײַנצעגנען מיט איר, באהאנדלען נײַע ביכער.

נאָכן טויט פון איר מאן (אין 1803) האָט הענריעטע הערץ דורכגעמאכט עטלעכע לאנגע רײַזעס. צווישן אנדערס, האָט זי באקומען אן אײַנלאדונג צו קומען קיין רוסלאנד איניינעם מיט דער פרײַסישער פרינצעסע שארלאָטע (שפּעטער — די אימפּעראטריצע אלעקסאנדרע פיאָדאָראָוונא, דאָס ווײַב פון ניקאָלײַ I), נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט, ווײַל צוליב דעם האָט זי געדארפט זיך שמאדן, און דאָס וואָלט געווען א שווערער קלאַפּ פאר איר מוטער. אָבער נאָך דעם, ווי די מוטער איז געשטאָרבן, האָט הענריעטע הערץ זיך טאקע געשמאדט. אין 1817 האָט זי זיך באזעצט אין רוים, ווו זי איז געוואָרן די נעשאָמע פון א קרײַז קינסטלער און ליטעראטן. אין צוויי יאָר ארום האָט זי זיך אומגעקערט קיין דײַטשלאנד, אָבער פארנעמען איר פריערדיקע לאגע אין דער געזעלשאפט האָט זי שוין ניט געקאָנט. עס איז געקומען דער נײַער דאָר, פאר וועלכן זי איז געווען א סימבאָל פונעם אָוואר. הענריעטע הערץ האָט איבערגעלעבט קימאט אלע פרײַנט אירע און איז געשטאָרבן אין בערלין אין 1847.

די יונגע יאָרן פון הענריעטע הערץ זײַנען צונויפגעפאלן מיט דער צײַט פון דער ברייטער אסימיליאציע פון די דײַטשישע ייִדן, וועלכע האָבן נאָך ניט געהאט קיין בירגערלעכע גלײַכבארעכטיקונג, נאָר אין קולטורעלן פראט האָבן זיי זיך געפילט אלס גלײַכע אין דער דײַטשישער געזעלשאפט. ס'איז ניט צופעליק, וואָס הענריעטע הערץ און צוויי אנדערע בארימטע ייִדישע פרויען פון יענער צײַט — ראָכל לעווין און דאָראָטייע פייט, די טאָכטער פון מוישע מענדעלסאָנען און דאָס ווײַב פון אן אָנגעזעענעם דײַטשישן ראָמאנטיקער פרידריך שלעגעל — האָבן זיך געפונען אין צענטער פונעם קולטור-לעבן. דעם אָנהייב פון דעם דאָזיקן אסימיליאציע-פּראָצעס האָט געמאכט מוישע מענדעלסאָן. ווי באוווּסט, האָט ער איבערגעזעצט די ביבל אף דײַטש, געלייענט פאר זײַנע קינדער שטוב-לעקציעס איבער פילאָסאָפיע, אף וועלכע עס זײַנען בײַגעווען אויך דײַטשישע יונגעלײַט, צווישן זיי די ברידער פאָן הומבאָלדטס, וועלכע זײַנען שפּעטער געווען נאָענט באפרײַנדעט מיט הענריעטע הערץ.

אף מענדעלסאָנס וועג זײַנען געגאנגען די סאמע געבילדעטע מיטגלידער פון דער קעהילע, סײַ מאנצבלען, סײַ פרויען. דעם דאָזיקן וועגן זײַנען דורכגעגאן היינריך היינע און ליודוויג בערנע. די פארבינדונג מיט דער ייִדישער טראדיציע, וועלכע האָט מער אָדער ווייניקער נאָך געלעבט אין די היימען פון די עלטערן, איז בעהאדראָגעדיק געוואָרן אלץ שוואכער און שוואכער, און די ווירקונג פון דער דײַטשישער געזעלשאפט, צו וועלכער די דאָזיקע מענטשן האָבן געשטרעבט, האָט זיך געשטארקט.

די דערינערונגען און די בריוו פון הענריעטע הערץ זאָגן אונדז איידעס וועגן דעם שטורמישן אָנהייב פון אָט דער נײַער טקופע אין דער געשיכטע פון די דײַטשישע ייִדן, פון דער טקופע, וואָס האָט זיך אזוי שוידערלעך פארענדיקט גאָר ניט לאנג צוריק, אין די היטלער-צײַטן.

# אלעקסיי מילער



געבוירן געוואָרן אין 1959 אין מאָסקווע. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן. וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פונעם אינסטיטוט פאַר סלאַווישע קענטענישן און באַלקאַניסטיק בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר. וווינט אין מאָסקווע.

## א ייִדישער נומער פון א פּוילישן זשורנאַל




דער וואַרשעווער זשורנאַל „ליטעראַטורא נא סוויעטשע" („ליטעראַטור אין דער וועלט") האָט געווידמעט א גאַנצן באַנד (400 זײַטן) דער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס איז ניט קיין איזאָלירטע דערשײַנונג אין דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַרישער פּעריִאָדיק פונעם לאַנד. אין די לעצטע יאָרן באַקומט דער פּוילישער לייענער א היפּשע צאָל פּובליקאַציעס, וועלכע האָבן א דירעקטע שײַכעס צו דער געשיכטע און צו דער קולטור פון די ייִדן.

די געשיכטע פון פּוילן איז אין מעשעך פון עטלעכע יאָרהונדערטער געווען א געמיינזאַמע פון די פּאָליאַקן און די ייִדן, און מע דאַרף זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע „אינאיינעם" האָט אין זיך אײַנגעשלאָסן אויך די באַוווּסטזיניק קולטיווירטע אין די פאַרגאַנגענע צײַטן אָפּגעפרעמדטקײַט און קאָנפליקטן, נאָר, טראָץ דעם, די מיטאַרבעט און קעגנזײַטיקע סימפּאַטיעס. ס'איז קעדײַ אָפּצומערקן, אַז ביז דער צווייטער וועלט-מילכאָמע האָט קיין איין ווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור ניט פאַרגעשטעלט דעם אַנטיסעמיטיזם אלס טיפּישן שטריך פון דעם פּאָליאַק. מיר וועלן ניט איבערציילן דאָ די נעמען פון די ייִדן, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער פּוילישער קולטור און האָבן געהאַט אין איר א בײַטראָג, אָן וועלכן מע קאָן זי איצטער זיך ניט פאָרשטעלן, א צושטײַער, א באַרײַכערטן מיט ייִדישע וואָרצלען און טראַדיציעס. און אָט איז איינער פון די סאַמע טראַגישע בײַשפּילן פון דעם, וויאַזוי עס זײַנען זיך צונויפגעוואַקסן צווישן זיך די דאָזיקע צוויי וועלטן: דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט אין דער וואַרשעווער געטאָ אַדאַם טשערניאַקאָוו האָט, פאַרשטייענדיק ביזן סאָף זײַן מאַכטלאָזיקײַט, אַרײַנפאַלנדיק אין ייִעש, געפירט ביז צו זײַן זעלבסטמאָרד דעם געהיימען טאָגבוך זײַנעם אויף פּויליש. אין 1983 איז די דאָזיקע כראָניק פון דער געטאָ, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער העברעיִשער איבערזעצונג מיצאַד דעם מעמאָריִאַלן אינסטיטוט „יאַד-וואַשעם" (אין 1968), אַרויס אין פּוילן אינעם אָריגינאַל.

געטאָ... מיר זײַנען צוגעגאַנגען צו אָן אַמערסטן עמאָציִאָנעלן מאָטיוו פון דער אויפמערקזאַמקײַט צו דער ייִדישער טעמע אין פּוילן. גראַדע אויף דער טעריטאָריע פון פּוילן האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט די הויפּט-האַנדלונג פון דער טראַגעדיע פונעם ייִדישן פאָלק בעשאַס דער צווייטער וועלט-מילכאָמע. יעדער צווייטער פון די אומגעקומענע דאָרט איז געווען א ייִד. די באַציִונג צום אומקום פון א גאַנצער וועלט, וועלכע איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיטן פּוילישן לעבן, ווערט באַגלייט מיט מאָראַלע פּראָבלעמען פון אַן עקסטרעמאַלן כאַראַקטער.

דאָס באַהאַנדלען די דאָזיקע פּראָבלעמען האָט צוגעצויגן צו דער ייִדישער קולטור די אויפמערקזאַמקײַט פון א גרויסער צאָל פּראַקטיש אומבאַקאַנטע מיט איר פּוילישע לייענער. צו זיי איז אַדרעסירט דער דערמאָנטער נומער פון „ליטעראַטורא נא סוויעטשע", וועלכער איז דערשינען אין א טיראַזש פון 30.000 עק-

---

"Literatura na świecie", 1984, t. 12.

זעמפּליאַרן. זײַן צונױפֿשטעלער און דער אַװטאָר פֿון געלונגענע איבערזעצונגען מיכאל פֿרידמאַן האָט אײַנגעשלאָסן אין אים אױסצוגן פֿון מענדעלע מוכער־ספֿרימס „מאַסאָעס בִּניאָמין האַשלישי“, פֿון שאָלעם־אַלײכעמס „קאַסרילעװקע“ און „פֿונעם יאַריד“, דערצײלונגען פֿון יִצחאָק־לײבוש פּרץ. די דרײַ פּאַטערס־גרונטלײגער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור שטעלן פֿאָר, לױט אַ באַשײַמפּערלעכן צונױפֿאַל, די דרײַ הױפּט־געביטן פֿון איר פֿאַרמירונג — פֿונעם פּױלישן ייִדישן ייִשעװ (י.־ל. פּרץ), פֿונעם װײַסרוסיש־ליטװישן (מענדעלע), פֿונעם אוקראַיִנישן (שאָלעם־אַלײכעם). אינעם נומער זײַנען אױך פֿאַרגעשטעלט פֿיר ייִדישע שרײַבער פֿון די שפּעטערדיקע דורעס: שאָלעם אַש (אַן אױסצוג פֿון „דער קישעפֿמאַכערן פֿון קאַסטיליע“), איציק מאַנגער (אַן אױסצוג פֿון דעם „גאַנײדן־בוך“), אַלטער קאַציזנע (די דערצײלונג „קראַנקע פּערל“), יִצחאָק באַשעװיס־זינגער (די דערצײלונג „אַנדרױגענעס“).

מ. פֿרידמאַנען האָט זיך אײַנגעגעבן לײזן די סאַמע שװערע אױפֿגאַבע, װאָס שטײט פֿאַרן צונױפֿשטעלער פֿון אַזאַ זאַמלבוך, נעמלעך — זיך דערשלאָגן אַן אײנקלאַנג פֿון די אײַנגעשלאָסענע װערק. בײַ דעם דאָזיקן זשורנאַל־נומער איז פֿאַראַן זײַן אײגענע אַטמאָספֿער, און דאָס איז די אַטמאָספֿער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. דער לײענער קאָן אָפּשאַצן די רײַכקײַט פֿון שאַטירונגען פֿון דער ייִדישער איראָניע (איר עמעסער יאָמטעװ זײַנען די זײַטן פֿון שאָלעם־אַלײכעמען און מאַנגערן) און פֿון אירע קעסײדערדיקע באַגלײטער — דעם ביטאָכן און דעם שטילן טרױער. און פֿאַר דעם אַלעמען װעט זיך אַנטפּלעקן דעם אױפֿמערקזאַמען לײענער דער אױסבאַהאַלטענער יעסאָד פֿון דער ייִדישער האָפֿענונג — דער גלױבן אין דעם מוט און אין די קױכעס פֿונעם פֿאָלק.

די זאַמלונג װערט באַגלײט מיט אַן אַרטיקל פֿון שלוימע בײליסן „עסקיז צום אױטאָפּאָרטרעט“. אַ באַפּרײַטער פֿון דער נױטװענדיקײַט איבערדערצײלן די ביִאָגראַפֿיעס פֿון די שרײַבער — אינעם נומער זײַנען אײַנגעשלאָסן גענױיע אָנגאַבן װעגן אַלע מעכאַברים, — שרײַבט ער װעגן דעם גױרל פֿון דער ייִדישער שפּראַך, װעגן די כסידים און מאַסקילים, װעגן די אַסימיליאַטאָרן און מעקובאָלים, ד. ה. װעגן יענע דערשײַנונגען פֿונעם ייִדישן לעבן, אָן װעלכע מע קאָן ניט פֿאַרשטײן די ייִדישע ליטעראַטור פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט. װעגן פּרעצן האָט ש. בײליס אָנגעשריבן: „ער איז געװען אַ מאַסקיל, און האָט געקעמפּט מיט מאַסקילים; בײַ אים זײַנען געװען פֿרײַנט צװישן די אַסימיליאַטאָרן, און ער האָט געקעמפּט קעגן דער אַסימיליאַציע; ער פֿלעג פֿאַרטײדיקן ייִדיש און האָט געשריבן אױך אױף העברעיִש; ער האָט געשטאַמט פֿון אַ מישפּאָכע מיסנאַגדים, װעלכע האָבן געקעמפּט קעגן די כסידים, און איז געװאָרן דער זינגער פֿונעם פּריִען כאַסידיזם; ער איז געװען אַן אײראָפּעיִער, אַן אױפֿמערקזאַמער צו אַלע אידײען פֿון דער קולטור, און אײנצײַטיק האָט ער דערגרײכט צו די שפּיצן פֿון דער מיסטיק...“

בײליס רײַסט איבער זײַן דערצײלונג װעגן דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, קעדײ אַרױסזאָגן די ביטערע װערטער: „דער פֿונדאַמענט איז רויִנירט. דער דױרעסגאַנג, אַט דער ביִאָלאָגישער געזעץ, איז טעטיק אױך װײַטער, נאָר ניט פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. אירע האַרבסטיקע פֿאַרבן זײַנען װוּנדערשײן. אָבער װאָס איז דערפֿון, אױב דער אורטײל האָט שױן דורכגעקלונגען...“

אין פּױלן, װאָס איז אַמאָל געװען אײנער פֿון די צענטערס פֿון דער ייִדישער קולטור, איז הײַנט ניטאָ קײן אײן ייִדישער דיכטער, קײן אײן פּראָזאַיִקער. װאַרשײַנלעך, אַז אין די שורעס פֿון אַזעלכע איבערגעזעצטע זאַמלונגען פֿון עכטער ייִדישער ליטעראַטור, װי דער נומער פֿון „ליטעראַטוראַ נאַ סװיעטשע“, קוקן שױן אַרײַן, צװישן אַנדערע, די קומענדיקע יונגע ייִדישע שרײַבער פֿון פֿאָלקס־פּױלן.



## שלוימע קאָליאַקאָוו

געבוירן געוואָרן אין 1947 אין קיעוו. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. ארבעט אין אינסטיטוט פאַר עטנאָגראַפיע בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּססר. ספּעציאַליזירט זיך אין אַרכעאָלאָגיע פון מיטל־אַזיע און דאָרעם־רוסלאַנד. וווינט אין מאָסקווע.

# א נייַער בוך וועגן העברעיִשע אינקונאבולן




די רעשימע פון ווערק פון די סאָוועטישע העברעיִסטן איז דערגאנצט געוואָרן מיט א נייַער ארבעט — דעם בוך פונעם לענינגראדער אַריִענטאַליסט שימען יאקערסאָן „קאַטאלאָג פון העברעיִשע אינקונאבולן אין דער ביבליִאָטעק פון דער לענינגראדער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פאר מיזרעכקענטעניש".

די אינקונאבול-זאמלונג באשטייט פון העכער 63 עקזעמפּליארן (38 אויסגאבעס). דאָס איז די פינפטע לויט איר גרייס קאָלעקציע פון אָט דעם מין אין דער וועלט. אנדערע גרעסערע זאמלונגען פון העברעיִשע אינקונאבולן געפינען זיך אין דער ביבליִאָטעק פונעם ניו־יאָרקער ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאר (143 אינקונאבולן), אין דער ירושאָלאַיִמער העברעיִשער אוניווערסיטעט-ביבליִאָטעק (65 אויסגאבעס), אין דער דענעמארקער קיניגלעכער ביבליִאָטעק אין קאָפּענהאגען (50 אויסגאבעס), אין דער קעמברידזשער אוניווערסיטעט-ביבליִאָטעק (29 אויסגאבעס). 27 אויסגאבעס (34 עקזעמפּליארן) געפינען זיך אין דער מעלוכע-ביבליִאָטעק פון פסטר אָף וו. אי. לענינס נאָמען אין מאָסקווע. אף אזא אויפן, פירט דער בוך פון ש. יאקערסאָנען אריַין אין וויסנשאפטלעכן געברויך איינע פון די רייַכסטע זאמלונגען.

אינטערעסאנט איז די געשיכטע פון דער לענינגראדער זאמלונג. איר גרעסטער טייל שטאמט פון דער קאָלעקציע פון מוישע-אריע-לייב פרידלאנד (1826—1899), א רייַכן סויכער, א באלצדאָקע, מעצענאט און ליבהאָבער פון אלטע ספּאָרים. אין 1892 האָט ער געשענקט דער ייִדישער אָפּטיילונג פונעם אזיִאַטישן מוזיי זייַן באוווּסטע קאָלעקציע פון העברעיִשע ביכער און קסאוויאדן. דער צווייטער טייל פון דער זאמלונג שטאמט פון דער היימישער ביבליִאָטעק פונעם בארימטן אָריִענטאַליסט, מיטגליד-קאָרעספּאָנדענט פון דער רוסלענדישער וויסנשאפט-אקאדעמיע דאניִעל כוואָלסאָן (1819—1911). אין 1910 האָט דער אזיִאטישער מוזיי דערוואָרבן די דאָזיקע ביבליִאָטעק, אייַנשליסנדיק די אינקונאבולן.

די באדייַטונג פון די אינקונאבולן פארן דערלערנען די געשיכטע פון די ייִדן אין דער רענעסאנס-טקופע איז זייער א גרויסע. זיי גיבן אונדז א פאָרשטעלונג וועגן דער קולטור פון יענער צייַט, וועגן דעם זע-קרייַז פונעם דורכשניטלעכן לייענער, זייַן באהאוונטקייַט און קענטעניש אין דער ייִדישער מעסוירע און אין דער וויסנשאפט. כוץ דעם, טראָגן די אינקונאבולן אוניקאלע אינפאָרמאציע וועגן דער געשיכטע פונעם ביכער-דרוק, וועגן דער געאָגראפיע פון די ייִדישע דרוקערייַען אאוו.

די ייִדן זייַנען געווען איינע פון די ערשטע, וועלכע האָבן אָפּגעשאצט די באדייַטונג פון דער דרוק-דערפינדונג. צווישן די ערשטע דרוקערס אין דייַטשלאנד געפינען מיר עטלעכע ייִדישע נעמען. אין 1473 הייבן אָן ארבעטן צוויי ערשטע ייִדישע דרוקערייַען אין איטאליע. אין 1475 איז דערשינען דער ערשטער העברעיִשער געדרוקטער בוך. דאָס איז געווען „ראשים פירוש האטוירע" („פירוש התורה"). ייִדישע דרוקערייַען באווייַזן זיך אין שפאניע און פאָרטוגאליע. אין די אָנהייב-יאָרן פונעם XV יאָרהונדערט פארנעמט דאָס צענטראלע אָרט אינעם העברעיִשן בוכדרוק די דרוקער-מישפּאָכע סאָנצינאָ, וועלכע עפנט עטלעכע דרוקערייַען אין די שטעט פון איטאליע. צווישן די דרוקערס זייַנען געווען ניט

Каталог инкунабулов на древнееврейском языке Библиотеки Ленинградского отделения Института Востоковедения АН СССР. Составитель С. М. Якерсон, Л., 1985.

נאָר איטאַליענישע ייִדן, צווישן זיי פּליטים פֿון שפּאַניע און פּאָרטוגאַליע, נאָר אויך עטלעכע אשקענאַזישע ייִדן — פֿון דײַטשלאַנד (לעמאַשל, דער באַרימטער יוסף בען יאַנקעוו אשקענאַזי גאַנצענהאַוזער אין נעאַפּאָל).

די קונסט פֿון די ייִדישע דרוקערס איז געווען זייער א הויכע. די ספֿאָרים פֿלעגן געדרוקט ווערן מיט הויך קינסטלערישע שריפֿטן און ס'פֿלעגן זיי באַשײַנען זעלטענע דעקאָראַטיווע צייכענונגען און ויניעטקעס. א סאַך ביכער האָבן געהאַט קאָלאָפאָנען. די קאָלאָפאָנען זײַנען אייגנטימלעך פֿאַר די העברעיִשע ספֿאָרים. דאָס זײַנען טעקסטן (אָפֿט — אין פֿערזן) אַף דעם לעצטן זײַטל פֿונעם בוך, וועלכע אנטהאַלטן ידיעות וועגן דעם מעכאַבער, דעם אָרט פֿון דער דרוקערײַ, די דרוקערס, קאָרעקטאָרן. ס'טרעפֿט, אז דער קאָלאָפאָן שטעלט מיט זיך פֿאַר אַן אקראָסטיך, אין וועלכן מע לייענט דעם נאָמען פֿונעם קאָרעקטאָר אָדער דרוקער. אָפֿט געפֿינען זיך אין די קאָלאָפאָנען ווערטפֿולע ידיעות וועגן די ייִדישע קעהילעס.

אין דער קאָלעקציע, וועלכע איז באַשריבן אין ש. יאַקערסאָנס בוך, איז פֿאָרגעשטעלט די פּראָדוקציע פֿון די העברעיִשע דרוקערײַען אין איטאַליע און פּאָרטוגאַליע (1475—1492).

נאַטירלעך, אין דער פּראָדוקציע פֿון די ייִדישע דרוקערײַען האָבן א גרויס אָרט פֿאַרנומען די טראַדיציאָנעלע דענקמעלער פֿון דער ייִדישער רעליגיִעזער ליטעראַטור: דער טאַנאַך, די מישנע, דער טאַלמוד. אין דער לענינגראַדער קאָלעקציע געפֿינט זיך אַן עקזעמפּליאַר פֿון דער טוירע מיט פּיירושים פֿון ראַשי (ר' שלוימע בען יִיצכאָק) און מוישע בען נאַכמען געראָנדי, און מיט דעם אראַמעיִשן „טאַרגום אָנקעלאָס". דער בוך איז אָפּגעדרוקט אַף פּאַרמעט אין ליסאַבאָן אין דעם יאָר 1491, באַם דרוקער עליִעזער טאָלעדאַנאָ. ס'זײַנען פֿאַראַן עטלעכע אויסגאַבעס פֿון נעוויִים מיט פּיירושים פֿון דאָוויד קימכי און מיט זײַן אַראַמעיִשער איבערזעצונג. מע דאַרף אויך אָפּמערקן צוויי אויסגאַבעס פֿון טהילים מיט קימכיס פּיירעש. איינע פֿון זיי איז געדרוקט אין באָלאָניע אין 1477, און די צווייטע — אין נעאַפּאָל בא גאַנצענהאַוזערן. דעם „סייפֿער מישליי" האָט א פּיירעש פֿונעם באַוווּסטן קאָמענטאַטאָר און פּאָעט אימאַנועל האַרוימי און א צווייטן פּיירעש פֿון דאָוויד בען יאַכיא.

די מישנע איז פֿאָרגעשטעלט אין דער זאַמלונג מיט מאַסעכעס „אָוועס", קאָמענטירטע פֿונעם ראַמבאַם (ר' מוישע בען מײַמאָן). זײַן אַראַבישער פּיירעש האָט איבערגעזעצט אַף העברעיִש יעהודע אלכאַריזי.

פֿונעם טאַלמוד זײַנען אין דער קאָלעקציע פֿאַראַן צוויי טראַקטאַטן: „כולין" און „נידע" מיט ראַשיס פּיירושים.

עטלעכע פּיירושים זײַנען געווען אַרויסגעגעבן באַזונדער פֿונעם טעקסט פֿון דעם אורקוואַל. אין דער לענינגראַדער זאַמלונג זײַנען פֿאַראַן ווערק פֿון די באַרימטע געלערנטע פֿון דער „גאָלדענער טקופֿע" אין שפּאַניע אווראָם בען מייער איבן עזראַ (1092—1167), מוישע בען נאַכמען געראָנדי (1194—1270), לייווי בען גערשאָם (1288—1344). די איבערזעצונגען פֿון ווערק, וועלכע זײַנען געווען אָנגעשריבן אַף אַראַביש, ווערן פֿאָרגעשטעלט מיט דעם ראַמבאַמס „מוירע נעוווכים" — איינער פֿון די קאַפּיטאַלע שאַפֿונגען פֿון דער מיטלאַלטערלעכער פֿילאָסאָפֿיע, — און מיט א דידאַקטיש ווערק פֿון באַכיע איבן פּאַקודע „חובות הלבבות" („פֿליכטן פֿון די הערצער").

אין דער זאַמלונג געפֿינען מיר ניט נאָר ווערק פֿון ייִדישע מעכאַברים. ביז גאָר אינטערעסאַנט איז די אויסגאַבע פֿון א העברעיִשער איבערזעצונג פֿון דער מעדיצינישער ענציקלאָפּעדיע „קאַנאָן" פֿונעם גרויסן מוסולמענישן געלערנטן איבן-סינא.

דער סאַמע פֿריִער לויט דער צײַט בוך אין דער זאַמלונג איז „תשובות שאלות" פֿון שלוימע בען אווראָם אדרעט (1245—1310), וועלכער איז אַרויסגעגאַן אין רוים אין 1475.

די וועלטלעכע ליטעראַטור איז פֿאָרגעשטעלט מיט א זאַמלונג ווערק איבער פּראַגן פֿון ריטאָריק „נפת צופים" („שויבן-האָניק"). זײַן מעכאַבער — יעהודע בען יעכיִעל מעסיר דע לעאָן — האָט געוווינט אין איטאַליע אין דער צווייטער העלפֿט פֿונעם XV יאָרהונדערט.

דער צונויפֿשטעלער פֿונעם קאַטאַלאָג האָט דורכגעפֿירט אַן אַרבעט אַף צו פֿאַנאַנדערלייגן און קאָמענטירן די מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען צונויפֿגעשטעלט לויטן סיידער פֿונעם רוסישן אַלפֿעבייס. די באַשרײַבונג פֿון די ווערק פֿון יעדן אווטאָר ווערט באַגלייט מיט א ביאָגראַפֿישער אינפֿאָרמאַציע וועגן אים.

די ביבליאָגראַפֿישע באַשרײַבונגען אַנטהאַלטן אין זיך דעם נאָמען פֿונעם אווטאָר, דעם טיטל, דעם נאָמען פֿונעם איבערזעצער אָדער פֿון דעם קאָמענטאַטאָר, דאָס אָרט, ווו די אויסגאַבע איז דערשינען, ווי אויך אַנדערע פּאַליגראַפֿישע דעטאַלן. אינטערעסאַנט זײַנען די נאָטיצן און באַמערקונגען פֿון די פֿריִערדיקע באַזיצערס פֿון די אינקונאַבולן.

ס'איז קיין סאָפֿעק ניט, אז דאָס דערשײַנען פֿונעם קאַטאַלאָג איז א נײַע דערגרייכונג פֿון דער הײַנטיקער סאָוועטישער העברעיִסטיק.

# אַלעקסאַנדער לאָקשין



געבוירן געוואָרן אין 1950 אין זאַגאָרסק, הינטער מאָסקווע. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן. אַרבעט אַלס לעקטאָר פון געשיכטע אין דער אַבראַמצעוווער קינסטלעריש־אינדוסטריעלער שול. וווינט אין מאָסקווע.

## די היסטאָריקער פון דער באַפרייַונגס-באַוועגונג אין רוסלאַנד

ס'איז אַרויס פון דרוק דער פּראָיעקט פון אַ סלאָווניק (אַן אָנאַטירטע רעשימע פון אַרטיקלען, פאַרפּלאַנירטע פאַר אַן ענציקלאָפּעדיע) פאַרן ביבליאָגראַפישן ווערטערבוך „די היסטאָריקער פון דער באַפרייַונגס-באַוועגונג אין רוסלאַנד“. ס'האָט אים צוגעגרייט די לענינגראַדער עפנטלעכע מעלוכע-ביבליאָטעק אויף מ. אי. סאַלטיקאָוו-שטשעדרינס נאָמען בעשוטפעס מיטן אינסטיטוט פאַר געשיכטע פון פססר בײַ דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פון פססר, מיט דער אַרכעאָגראַפישער קאָמיסיע פון דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פון פססר און מיטן צענטראַלן מעלוכע-אַרכיוו פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע. דער ציל פון דער אויסגאַבע באַשטייט אין אײַנעם אויפזאַמלען און אָנרופן די נעמען פון אַלע היסטאָריקער, ליטעראַטורקענער, ביבליאָגראַפן, אַרכעאָגראַפן, אַרכיוויסטן, פּובליציסטן — פאָרשטייער פון פאַרשיידענע ריכטונגען פון דער פאָטערלענדישער היסטאָריאָגראַפיע, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען ביזן 1941 יאָר מיטן שטודירן דעם אַדעליקן עטאַפּ (1825—1861) און דעם פאַרשיידנשטאַנדיקן עטאַפּ (1861—1895) פון דער באַפרייַונגס-באַוועגונג פון די רוסלענדישע פעלקער קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג.

דער צונויפשטעלער פונעם סלאָווניק (הויפּט-רעדאַקטאָר — אַקאַדעמיקער וו. פּ. קים) איז אַלעקסאַנדער ראַטנער, וועלכער איז באַקאַנט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ אַלס אוטאָר פון אַן אַרטיקל, געווידמעט שאָלעם-אַליכעמען.[1]

דער סלאָווניק וועט דינען אַלס גרונט פאַרן ווערטערבוך, וואָס וועט אַרויסגעגעבן ווערן אין פאַרלאַג „נאַוקאַ“. אין דער סאָוועטישער היסטאָריאָגראַפיע זײַנען נאָך ניט גענוג פאַנאַנדערגעאַרבעט די ביאָגראַפיעס פון פאָטערלענדישע היסטאָריקער. דער ווערטערבוך דאַרף אָפּשפּיגלען די גאַנצע פילאַרטיקייט פון די שטרעמונגען פון דעם היסטאָריאָגראַפישן געדאַנק אין געביט פון דער באַפרייַונגס-באַוועגונג אין זייער אומצערײַסבאַרער פאַרבינדונג מיטן אידייִש-פּאָליטישן קאַמף און מיט אַנדערע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט. איינע פון די ערשטראַנגיקע אויפגאַבן פונעם ווערטערבוך באַשטייט אין באַווײַזן די דעמאָקראַטישע, פּראָגרעסיווע ריכטונג אין דער פאַררעוואָליוציאָנערער היסטאָרישער וויסנשאַפט. „דאָס, וואָס עס וועט רעליעפאַרטיק פאָרגעשטעלט ווערן דער גאַנצער ערשטער דאָר פון די היסטאָריקער-מאַרקסיסטן, וועלכע האָבן פאַרלייגט דעם יעסאָד פון דער עכט וויסנשאַפטלעכער דערלערנונג פון דער באַפרייַונגס-באַוועגונג אין אונדזער לאַנד, איז אַ וויכטיקער אידעאָלאָגישער אַספּעקט פון דער פאָרגעלייגטער אויסגאַבע“, — ווערט אָפּגעמערקט אינעם פּראָיעקט פונעם סלאָווניק.

דער ווערטערבוך וועט דערציילן אויך וועגן דעם לעבן און שאַפונג פון די היסטאָריקער, וואָס האָבן דערלערנט די געשיכטע פון דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער און אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד, צווישן זיי — די היסטאָריקער פון דער עלטערער גענעראַציע, וועלכע האָבן געאַרבעט נאָך אין פאַר-רעוואָליוציאָנערן פּעריאָד און אַ סאַך אויפגעטאָן צוליב דערלערנען פאַרשיידענע שטרעמונגען אין דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג.

Историки освободительного движения в России: биобиблиографический словарь. Проект словника. Л., 1985.

[1] „סאָוועטיש היימלאַנד“, 1984, נומ. 3.

גונג: יולי געסען (1871—1939) און יסראַעל צינבערג (1873—1938).

די ווערק פֿון די דאָזיקע היסטאָריקער זײַנען אָנגעשריבן פֿון דעמאָקראַטישע, פּראָגרעסיווע פּאָזיציעס. יו. געסען איז באַוווּסט ווי דער אויטאָר פֿון א רײ ארטיקלען וועגן דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿונעם רוסלענדישן ייִדנטום. ער איז אויך געווען איינער פֿון די איניציאַטאָרן פֿונעם ארויסגעבן די „יעווריייסקאיא ענציקלאָפּעדיאַ". אין סאָוועטישן פּעריאָד האָט ער אָנגעשריבן א צוויי-בענדיקע פֿאָרשונג „די געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין רוסלאַנד" (לענינגראַד, 1925—1927), וועלכע באַזירט זיך אויף א ברייטן ארכיוו-מאַטעריאַל. אין א גאַנצער רײ ארבעטן באַטראַכט געסען גענוי אויך די פֿראַגן, וואָס האָבן א שײַכות צו דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, צו דעם קלאַסנקאַמף פֿונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין לאַנד.

אַן אַנדער היסטאָריקער פֿון דער זעלבער גענעראַציע — י. צינבערג האָט אָפּגעגעבן פֿיל צײַט אויף דערלערנען די ייִדישע ליטעראַטור, די פּראָגרעסיווע ייִדישע זשורנאַליסטיק. ער איז געווען אַן אויטאָר פֿון ארטיקלען וועגן די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע פּרעסע-אָרגאַנען, פֿון א סאָלידער מאָנאָגראַפֿיע „די געשיכטע פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד" (פּעטראָגראַד, 1915). אין דעם לענינגראַדער אָפּטייל פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר מיזרעכקענטעניש בא דער וויסנשאַפֿט-אַקאַדעמיע פֿון פּססר ווערט אָפּגעהיט צינבערגס ארכיוו-פֿאָנד, וועלכער וועט אַן סאָפֿעק ארויסגענוצט ווערן באַם צוגרייטן דאָס ארטיקל וועגן צינבערגן אינעם ווערטערבוך.

ס'וועט אויך פֿאַרגעשטעלט ווערן לעוו דייטש (1855—1941) — א וועטעראַן פֿון דער רוסלענדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, מיטגליד פֿון די רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס „זעמליאַ אי וואָליאַ" („ערד און פֿרײַהײַט") און „טשאָרני פּערעדיעל" („שוואַרצע איבערפּאַרטיילונג"), איינער פֿון די גרינדער פֿון דער ערשטער מאַרקסיסטישער גרופּע אין רוסלאַנד „די באַפֿרײַונג פֿון דער מי". נאָך דער גרויסער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע איז ער געוואָרן א היסטאָריקער פֿון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, אַגעוו — דער אויטאָר פֿון דער אינטערעסאַנטער פֿאָרשונג „די ראָל פֿון די ייִדן אין דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג", וועלכע האָט ארויסגערופֿן אין איר צײַט א סאַך אָפּקלאַנגען און ארויסגעהאַלטן צוויי אויפֿלאַגעס (די לעצטע — מאָסקווע, 1926).

אין ווערטערבוך וועלן אײַנגעשלאָסן ווערן אויך די נעמען פֿון די ייִדישע פֿאָרשער — פֿאָרשטייער פֿונעם ערשטן דור היסטאָריקער-מאַרקסיסטן: נאַכעם בוכבינדער (1895—1938), אווראָם קירזשניץ (1887—1940), מוישע ראַפּעס (1883—1942), דאָוויד זאַסלאַווסקי (1880—1965).

נ. בוכבינדער האָט א סאַך און פּרוכטבאַר געאַרבעט אין די ארכיוון, וועלכע זײַנען נאָך דער רעוואָליוציע ברייט געעפֿנט געוואָרן פֿאַר די געלערנטע. צווישן אַנדערס, האָט ער ארײַנגעבראַכט אינעם וויסנשאַפֿטלעכן געברויך ארכיוו-מאַטעריאַלן וועגן דעם רוסיש-ייִדישן שרײַבער לעוו לעוואַנדע. א באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט פֿאַרדינט בוכבינדערס „געשיכטע פֿון דער ייִדישער ארבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד. לויט ניט-ארויסגעגעבענע ארכיוו-מאַטעריאַלן" (לענינגראַד, 1925). אייגנאַרטיק רופֿט זיך איבער מיט דער דאָזיקער פֿאָרשונג און באַדײַטנדיק פֿאַרפֿולקומט זי מ. ראַפּעסעס בוך „פֿאַרצייכענונגען פֿון דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ארבעטער-באַוועגונג" (מאָסקווע—לענינגראַד, 1929). ס'איז נייטיק אָפּצומערקן, אַז די אָנגערופֿענע ווערק פֿלעגן, אַלפּי קלאַל, ארויסגיין טכּילעס אויף ייִדיש, און אינגיכן נאָך דעם — אין דער רוסישער איבערזעצונג. דאָס האָט דערלויבט צו באַקאַנען מיט די אויספֿירן און מיט די מאַטעריאַלן פֿון די דאָזיקע ביכער די ברייטע וויסנשאַפֿטלעכע געזעלשאַפֿטלעכקייט.

באַנאַנד מיט די נעמען פֿון די באַוווּסטע היסטאָריקער ווערט פּלאַנירט אײַנצושליסן אינעם ווערטערבוך אויך די נעמען פֿון ווייניקער באַוווּסטע אויטאָרן, אַזעלכע ווי דאָוויד מאַכלין, ס. מסטיסלאַווסקאַיאַ, ב. ראַזענשטאַדט, יאַ. שאַצקי.

אינעם ווערטערבוך „די היסטאָריקער פֿון דער באַפֿרײַונגס-באַוועגונג אין רוסלאַנד" וועלן אָפּגעשפּיגלט ווערן די איקערדיקע ביאָגראַפֿישע אָנגאַבן, די טעמאַטיק פֿון די ארבעטן, דער קרײַז פֿון וויסנשאַפֿטלעכע אינטערעסן, די גרונט-שטאַנדפּונקטן און קאָנצעפּציעס פֿון פֿאַרשיידענע היסטאָריקער, ס'וועט געבראַכט ווערן די רעשימע פֿון ווערק פֿון יעדן פֿאָרשער און פֿון דער ליטעראַטור וועגן אים.

דאָס ארויסגעבן דעם ביאָביבליאָגראַפֿישן ווערטערבוך „די היסטאָריקער פֿון דער באַפֿרײַונגס-באַוועגונג אין רוסלאַנד" וועט ווערן א באַדײַטנדיקע דערשײַנונג אינעם דערלערנען די געשיכטע פֿון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פֿון די פֿעלקער און אונדזער לאַנד אין פֿאַריקן יאָרהונדערט.



## אלעקסאנדער בראָדסקי

### פון רעדאקציע

אלעקסאנדער בראָדסקי איז שוין אַף א פּאָר יאָר עלטער פון די אווטאָרן פון אָט דעם נומער פון „סאָוועטיש היימלאנד”. ער איז אָבער אין טאָך א יונגער, כאָטשבי דערפאר, ווײַל ער איז איינער פון די דערצויגלינגען פונעם ערשטן לערן־ציקל אין דער גרופּע יידיש אַף די העכסטע ליטעראַרישע קורסן פונעם ליט־אינסטיטוט אַף מ. גאָרקיס נאָמען, און אָנגעהויבן זיך דרוקן אין „סאָוועטיש היימלאנד” האָט ער אין 1982.

# דרײַ יונגע קינסטלער

איך האָב בעדייע ארויסצוזאָגן עטלעכע געדאנקען וועגן דער שאפונג פון דרײַ יונגע מאָסקווער קינסטלער (דער דורכשניטלעכער עלטער זייערער אין 34 יאָר). דערבײַ וויל איך וואָרענען, אז זײַענדיק בלויז א ליבהאָבער פון מאָלערײַ, אָפּעריר איך ניט מיט קיין קונסט-פאָרשערישן לעקסיקאָן און סטארע זיך ניט כאָטשבי אימיטירן פּראָפעסיאָנעלע קאָמפּעטענט-קײַט. מיט יעדן פון די דרײַ קינסטלער האָב איך זיך באקאנט באזונדער: צוערשט מיט זאכאר שערמאנען, דערנאָך מיט איגאָר גאניקאָווסקין און מיט יעווגעני דיבסקין. אין דער זעלבער אָרדענונג וועל איך פּרוּוון אויך דערציילן וועגן זיי.

שערמאן האָט מיך אײַנגעלאַדן צו זיך אהיים, ניט ווײַט פון דער מעטראָ-סטאנציע „שטשאָלקאָווסקאיא”. ווען ער האָט מיר באוויזן זײַנע לײַוונטן, האָב איך זיך דערפילט ניט פּאָשעט ווי א גאסט, נאָר אויך אלס זשורנאליסט, וועלכער פילט אויס א פארגעבונג פון „סאָוועטיש היימלאנד”. ער, זײַנע פרײַנט, זייער שאפונג זײַנען געווען אונדזער טעמע. דאָס איז אזוינס, וועגן וואָס עס שרײַבט געוויינלעך דער זשורנאל און וואָס איך פיל אליין, איינער פון זײַנע אווטאָרן: די הײַנטצײַטיקע יידישע סאָוועטישע קולטור — דאָס איז שוין פון לאנג ניט די פּאָעזיע פון די שטעטלעך, נאָר פון דער הײַנטצײַטיקער דינאמישער וועלט-עמפינדונג, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיטן נאציאָנאלן קאָלאָריט און איז פארבונדן מיטן נײַעם שטייגער, מיט דער קאָסמישער ערע אינעם לעבן פון די פעלקער. דער נײַער קאָלאָריט פילט אָן דעם שטייגער מיט ערדישקײַט, מיט קאָסמישקײַט. סימפּטאָמען פון אזא קולטור זעען זיך, לעמאָשל, אין דער פעסטער פרײַנטשאפט פונעם זשורנאל מיט די קאָסמאָנאווטן, אין די דאָקומענטאלע מאטעריאלן פונעם זשורנאל, אין זײַן פּאָעזיע, און איך בין צופרידן, וואָס כ'האָב געפונען א באשטעטיקונג פאר מײַנע מאכשאָוועס אין די ארבעטן פון די דרײַ יונגע קינסטלער, מיט וועלכע כ'האָב שוין באוויזן זיך באקאנען.

— איר פילט זיך מיט די צוויי אנדערע יונגע מײַסטערס ווי עפּעס אייגנהײַטלעכס, — האָב איך באמערקט אינעם שמועס מיט זאכארן. — העלפט מיר פאָרמולירן יענץ געמיינזאמס, וואָס פאראייניקט אײַך, לויט אײַער מיינונג.

און ווי אָנגענעם איז געווען צו הערן די רייד וועגן עכטער קינסטלערישקײַט:

— רוים... דאָס זוכן נײַע רוימען. דאָס אויג פונעם צושויער איז צוגעוווינט געוואָרן אין מעשעך פון יאָרהונדערטער צו אויפנעמען די פערספּעקטיוו. דער לײַוונט האָט אדאנק איר באקומען טיפקײַט און פארנעם. מיר (ניט די ערשטע, אגעוו) שטעלן פאר זיך די אויפ-

גאבע ניט אַרײַנרײַסן זיך אין דער טיף, נאָר שאַפן רוים אַפן פלאַך פונעם געשילדערטן, פאַרמירן געשטאַלטן אין אַ פאַרשלאָסענער ספער, דערבײַ ווידערשפּרעכט ניט לאַכלוטן די דאָזיקע פאַרשלאָסנקײַט דער אומענדלעכקײַט פון דער ספער גופא — פונקט אַזוי, לויט די הײַנטצײַטיקע פיזישע באַגריפן, ווי דער וועלטאַל איז אומענדלעך, אָבער ער איז אַ געשלאָסענע מיט דער אייגענער קרומקײַט.

— איצט וועגן דעם קאָלאָריט. ביז דער לעצטער צײַט האָט מאַרק שאַגאַלס מעכטיקע ווירקונג פּרעוואַלירט בײַ הײַנטצײַטיקע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך געווענדט צו דער ייִדישער טעמע, איבערהויפּט סיוזשעטיש. אַפן לײַוונט פלעגן זיך אַלעמאָל באַווײַזן שטעטלדיקע שטיבלעך, קלעזמער מיט פידעלעך, שוואַכע, אומשולדיקע באַלעבאַים. דאָס איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון דער נאָסטאַלגיע נאָך דער פּאָעזיע פונעם אָוואַר. דער דאָזיקער שטייגער איז ניט אַזוי ווײַט פון אונדז לויט דער צײַט, ווי עס קאָן זיך דוכטן אַ מאָסקווער צי אַ לענינגראַדער טוישעוו. איך אַליין בין אויסגעוואַקסן אין דעם שטילן שטעטל אָוורוטש אַף דער אוקראַיִנע, און אַטריבוטן פונעם טכום זײַנען מיר באַקאַנט ניט פון עמעצנס זיכרוינעס. פונדעסטוועגן זע איך אײַן אין דעם איבערכאַזערן די אַלטע סיוזשעטן אַ געוויסע ספּעקוליאַציע אַף דער עקזאָטיק פונעם נאַציאָנאַלן געפיל. זי באַשטייט כאָטשבי אין דעם, וואָס דער קינסטלער, פאַרקערפּערנדיק דאָס שטעטל הײַנט, האָט שוין אַליין פון לאַנג פאַרלאָזט די דאָזיקע סוויווע, און ער שטעלט אויף, אַזויאַרום, גיכער די עקזאָטיק, איידער די רעאַלקײַט פון זײַנע איצטיקע איבערלעבונגען.

מיך און מײַנע כאַווײרים באַפרידיקט שוין ניט אָט די סכעמע, און מיר זוכן אַ מעגלעכקײַט אויסצודריקן דעם נאַציאָנאַלן גײַסט אין דער האַרמאָניע און דיסהאַרמאָניע פון פאַרביקע פלעקן, אין זייערע צוזאַמענשטויסן, וועלכע געבירן דעם סימבאָל, אין דער שטומער, נאָר באַדײַטונגספולער שפּראַך פון זייערע קאָמבינאַציעס אָדער פון זייער איינציקײַט.

די דאָזיקע שפּראַך (גיב איך צו, איבערײַסנדיק שערמאַנס דערקלערונגען) קאָן זיך אויסווײַזן פאַר אַ באַזונדער קאַמער-לאָשן, וואָס איז צוגעפּאַסט בלויז פאַר לירישע אַרויסזאָגונגען. אָבער אַזאַ געפיל איז אַ פעלערהאַפטער, ווײַל דער קינסטלער לייגט דורך אַ זיכערן וועג פון אַזעלכע אינטים-יאַמטעוודיקע ווערק, ווי „רײַפקײַט" אָדער „דאָס ייִנגל מיטן בלימל", דורכן „פּאָרטרעט פונעם פאָטער", וועגן וועלכן עס ווילט זיך זאָגן באַזונדער, צום מעכטיקן „נויעך", וואָס איבעראַשט גראָד מיט דער עפּישער קראַפט. און ניט-ווילנדיק פרעגסטו זיך אַליין: וויאַזוי ווערט עס געטאָן? פונוואַנען קומט אינעם איידעלן פּאָעטישן אָרגאַניזם פון דעם קינסטלער די פעיִקײַט צו פאַרקערפּערן דעם עפּאָס קימאַט ווענטלעכמאַטעריעל?

אַף דער ערשטער פראַגע האָב איך באַקומען אַ פּראָפעסיִאָנעלן ענטפער:

— דורך פאַנאַנדעראַרבעטן „געננג", וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן רוים.

אַף דער צווייטער פראַגע — אַן עמאָציִאָנעל-פיזיִאָלאָגישן ענטפער:

— מע דאַרף אונטערהאַלטן אַן אַנטשפּרעכיקן צושטאַנד פונעם גײַסט און פון דעם גוף. אַרבעטנדיק איבער „נויעכן", האָב איך די גאַנצע צײַט זיך פאַרנומען מיט אויסמאַטערנדיקע פיזישע איבונגען, אַנגעגורט, ווי מע זאָגט, די לענדן...

מע קאָן זאָגן, אַז דער רעזולטאַט האָט באַרעכטיקט די האַרעוואַניע. „נויעך" איז זייער וואָגיק. אין אים פילט זיך יענע פלאַנעטאַרע קראַפט, וועלכע ער האָט געדאַרפט האָבן צוליב אויספילן די ראָליע פון אַ רעטער פונעם לעבן — די דאָזיקע ראָליע איז אים פאַרגרייט געוואָרן מיצאַד דעם קאָסמישן דרייף זײַנעם. קוקנדיק אַף נויעכס געשטאַלט, וועלכן שערמאַן האָט צונויפגעשטעלט ווי פון געאָלאָגישע שניטן, און עס האַלט אים אויף ווי אַ מאָנאָליט בלויז די אינערלעכע קראַפט, דער קויעך פון גײַסט, — האָב איך נאָכאַמאָל זיך דערמאָנט, וויאַזוי עס האָט געשילדערט דאָס דאָזיקע ביבל-געשטאַלט איינער פון די הײַנטצײַטיקע רעליגיעזע אויסטײַטשער פונעם טאַנאַך. קעגנשטעלנדיק נויעכן אַווראָמען, שרײַבט ער: „נויעך האָט זיך באַפרידיקט בלויז מיט דעם, וואָס ער האָט אויסגעפילט זײַן כויוו... ער האָט אויסגעבויט די טייווע, אין וועלכער ער האָט געקאָנט זיך אײַנאָרדענען אַליין און אײַנאָרדענען אין איר זײַנע קרויווים... אַווראָם, „דער פאָטער פון אַ סאַך פעלקער", האָט געדינט ניט בלויז איין נאַציאָנאַלער סוויווע, ניט בלויז איין פאָלק, נאָר אַלע מענטשן, אָן אונטערשייד, ווײַל זײַן לעבנס-קאָנצעפּציע האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע מענטשהײַט". די טענדענציעזקײַט פון אַזאַ קעגנשטעלונג איז קלאָר: דער אידיי פון ראַטעווען דאָס לעבעדיקע לעבן, דאָס לעבן אַלס גרעסטן פענאָמען פון דער אַלוועלט, ווערט קעגנגעשטעלט די אידיי פון „דינען" און פון „כויוו".

שערמאַנס „נויער" איז אַ געשטאַלט פונעם ערדישן לעבן, פון דעם מענטשנס ערדישן גײַסט, האַגאַם אַן ארויסגעטראָגענעם פון די ווײַטסטע ווײַטן.

נאָך איין וויכטיקער מאָמענט פון דער עסטעטיק פון אונדזערע פרײַנט איז די טראַנספאָרמירונג פון פאָרמען און פארבן. דאָס האָט, ווײַזט אויס, געגעבן אַ גרונט דערצו, אַז די ערשטע קריטיקער האָבן אָנגערופן שערמאַנס, גאַניקאָווסקיס און דיבסקיס אַרבעטן — נעאָעקספּרעסיאָניסטישע. ניט פאַרטיפערנדיק זיך אין טעאָרעטישע כקירעס, קאָן מען בלויז דערמאָנען געטעס אַן ארויסזאָגונג, וועלכע קלינגט אַן ערעך אַזוי: אויב דער מאָלער וועט זייער ענלעך אָנמאָלן אַ הינטל (אַ פודעל), וועט אַף דער וועלט צוקומען ניט נאָך איין בילד, נאָר סאַכאַקל נאָך איין הינטל. דאָס טראַנספאָרמירן די קינסטלערישע זעונג אין פאַרגלײַך מיט דער פאָטאָגראַפישער זעונג גיט צו דעם געשטאַלט אַ צוגאָבלעכע אויסדריקלעכקײַט און פאָרמירט סאָפקאָלסאָף דעם סטיל פונעם קינסטלער, די אייגנטימלעכע פאַר אים שפּראַך. עס גייט, אייגנטלעך, אַ רייד וועגן דער פאַרשיידנאַרטיקײַט פון יענע פאָרמען, וועלכע עס פילט באַזונדערס שאַרף און שטרעבט אויסצודריקן דער געגעבענער קינסטלער.

בײַ שערמאַנען איז אונטערגעאָרדנט די זעלבע ציל אין אַ רײ פאַלן די פראָטימדיקײַט פון פאַרביקע פלעקן, וועלכע שטעלן צונויף די אָפּבילדונג. דערבײַ קאָן יעדער באַזונדערער שמיר אָפּגענומען ווערן ווי אַ צופעליקײַט, אָבער צוזאַמענגענומען שאַפן זיי אַ פאָרשטעלונג פון אַ פעסטער קינסטלערישער נויטווענדיקײַט. זאַכן ווערן צעלייגט אַף עלעמענטן — און ווערן אָפּסנײַ קאָנסטרויִרט. אַזוי ווערט געשאַפן די אַלוועלט פונעם קינסטלער, וועלכע איז פאַראַלעל צו דער ווירקלעכער וועלט און איז קימאַט רעאַל, ווי די וועלט גופע.

די אָנהענגער פון פאָטאָגראַפישער פינקטלעכקײַט, וועלכע האָט געפונען איר אידעאַל, לעמאַשל, אין אַלעקסאַנדער שילאָווס פאָרטרעטן (זיי פאַרמאָגן, אַגעוו, אויך אַ געוויסן כיין), איגנאָרירן די איבערגעשטאַלטיקנדיקע קראַפט פון באַדינגלעכקײַט. אָבער — „אויב אין אַ קינסטלעריש ווערק איז ניטאָ עפּעס אירעאַלס, — האָט זיך אויסגעדריקט מאַרק שאַגאַל, — איז דאָס ווערק ניט קיין רעאַלס. כ'האָב דאָס געזאָגט נאָך זײַענדיק אַ יינגל, אין צוואַנציקיאָריקן עלטער, ווען מע האָט מיך געפרעגט: „אָבער ווי קאָן מען עס פאַרשטיין? פאַרוואָס ליגן בײַ אײַך מייסים אַף דער גאַס און אַפן דאַך זיצט בײַ אײַך אַ מוזיקאַנט?"[1]

קונסט, ווילט זיך טראַכטן, דינט די באַדערפענישן ניט אַזוי פון די פינף באַוווסטע געפיל-אָרגאַנען, ווי פון די געפילן, וועלכע ווערן ניט רעגיסטרירט אין די לערנביכער פאַר דער מיטלשול: דעם געפיל פון שיינקײַט, דעם געפיל פון ליבע (דאָס הייסט, דעם קעגנזײַטיקן געפיל), דעם געפיל פון נײַגעריקײַט און, געוויינלעך, דעם געפיל פון הומאָר, פונעם שטאַנדפונקט פון דעם לעצטן געפיל אימפּאָנירט מיר זייער דאָס, וואָס שערמאַן און זײַנע פרײַנט אַרבעטן פריילעך (און דער „טראַגישער" גאַניקאָווסקי איז ניט קיין אויסנאַם). זיי שטעלן זיך ניט אַף די שפּיץ פינגער פאַרן „פּיִיטיזם" אָדער אַף שטאָלצן פון נעווייִשקײַט. זיי זײַנען אין בעסטן זין פון וואָרט פאַשעטע כײַוועקאיעמס.

לעסאָף, וועגן זאַכאַר שערמאַנס „פאָרטרעט פונעם פאָטער". דאָס איז אַ זאַקן, וועלכער האָט אָפּגעלעבט אַן אויסערסט שווער לעבן און איז געקומען צו אַ נאָך מער שווערן סאָף. ער שטייט אָנגעשפאַרט אַפן שטעקן, פאַר דער אָפענער טיר אין כאַשכעס. פיזיש איז ער דאָ נאָך אַנוועזנד, נאָר די נעשאָמע האָט איבערגעיאָגט דעם גוף און אים פאַרלאָזט. פון דעם בילד ווייעט מיט ליבשאַפט, מיט פּײַן און מיט מוט.

זאָל מען מיר מויכל זײַן די צופיל, קאָן זײַן, אינטימע אָנערקענונג, אַז, קוקנדיק אַף שערמאַנס בילד, האָב איך זיך דערמאָנט די לעצטע טעג פון מײַן אייגענעם טאַטן, וועלכער האָט אָפּגעלעבט אַף דער וועלט מער פון נײַנציק יאָר. ניט לאַנג פאַרן טויט האָט ער בוילעט געהערט אַרום זיך אַ געזאַנג, וועלכן איך, זײַן זון, האָב הערן ניט געקאָנט. די מעדיקער רופן אַזעלכס אַן — געהער-פאַרבלענדעניש, אַ רעזולטאַט פון געהעכערטן דרוק. און וואָס מער איך לעב, הייב איך אָן אַלץ מער צו גלייבן, אַז ער האָט ווירקלעך געהערט קלאַנגען: פאַר אים, אַ מענטשן, וועלכער האָט פיל אויסגעפּרוווט און אין אַ סאַך זאַכן זיך אַנטוישט, האָט זיך געעפנט אַ צושטאַנד, וואָס איז נאַטירלעך פאַר אַ קינד, פאַר אַ דיכטער, פאַר אַ קינסטלער. ער האָט שוין ניט געדאַרפט זײַן פּראַקטיש, און ער האָט געהערט שטימען פון זײַן נעשאָמע און פון אַנדערע נעשאָמעס. דער אַלטער איז געשטאָרבן אין איין אויגנבליק.

מײַן צווייטער באַזוך איז געווען בײַ איגאָר גאַניקאָווסקין. זײַן גרויסע האַלב-פּוסטע דירע אין ראַיאָן פונעם קיִעווער וואָקזאַל דינט אים אײַנצײַטיק אויך פאַר אַן אַטעליע. אין

[1] זע „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" פאַרן 16 אָקטיאַבער 1985.

אונטערשייד פֿונעם צוגעלאָזטן שערמאַן, זעט איגאָר אויס מער אײַנגעשלאָסן אין זיך. די שפּראַך פֿון זײַנע בילדער אַן און פֿאַר זיך איז אָבער אַ קאָמפּענסאַציע פֿאַר זײַן מענטשלעכן כאַראַקטער. איגאָרס אַרבעטן זײַנען פֿאַר מיר פּערזענלעך נעענטער, איידער אַנדערע.

פֿאַראיאָרן האָט די מאָסקווער אָפּטיילונג פֿונעם קינסטלער-פֿאַרבאַנד פֿון פֿססר אָרגאַניזירט (גלײַך נאָך שערמאַנס ווערניסאַזש) גאַניקאָווסקיס פּערזענלעכע אויסשטעלונג, אויף וועלכער דער יונגער קינסטלער איז, אַגעוו, אַרויסגעטראָטן מיט אַן אײַנדרוקספֿולן ציקל אַנטימילכאָמע-בילדער. דאָס איז אַ דערפֿאָלג, און אַן ערנסטער דערפֿאָלג — ער האָט באַשטעטיקט איגאָר גאַניקאָווסקיס געטרײַשאַפֿט זײַן טעמע. אויב שערמאַן און דיבסקי זײַנען פֿון סאַמע אָנהייב געווען אָנגעצילט אויף זייער פּאַך (דער ערשטער האָט זיך געלערנט אויף דער גראַפֿישער אָפּטיילונג פֿונעם מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, דער צווייטער — אינעם אינסטיטוט אויף סוריקאָווס נאָמען), איז גאַניקאָווסקי לויט דער בילדונג אַן אינזשעניר-מעטאַלורג. ער האָט פֿאַרענדיקט דעם מאָסקווער אינסטיטוט פֿון שטאָל און געשמעלצן. איך האָב ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו פֿרעגן וועגן די סיבעס פֿון אַזאַ קאַרדינאַלן בײַט פֿון די פּראָפֿעסיעס, נאָר איך בין בעפֿיירעש איבערצײַגט אין דער ריכטיקייט און באַרופֿנקייט פֿון דעם דאָזיקן קער.

אומגערן פֿאַרגלײַכנדיק זײַנע לײַוונטן מיט זאַכאַר שערמאַנס, האָב איך אײַנגעזען אין זיי די זעלבע פֿאַרשלאָסענע ספֿער, וועלכע שנײַדט זיך אַנטשיידן איבער אינעווייניק מיט דער ווערטיקאַלער און האָריזאָנטאַלער. זײַנע לײַוונטן זײַנען מער סיוזשעטיש און מעטאַפֿאָריש. מיר איז געפֿעלן געוואָרן קימאַט אַלץ, וואָס עס האָט באַוויזן איגאָר, באַזונדערס אָבער „דאָס מיידעלע מיט דער ליכט", „דאָס יינגל אין גרינעם קאַשקעט", ווײַטער — די פּרעכטיק אײַנגעפּאַסטע אין גראָדווינקלדיקן רוים בילדער: דער בונט-רויטער „לויפֿנדיקער מענטש", די רירנדיקע „נאַדיעזשדאַ", דער גאָלדענער אויף בלויען „פֿיש", די בילדער „איין-סאָף — דער פֿאַרגעסונגס-טײַך", „עס גייט דער מענטש". זיי אַלע שאַפֿן אַ מערקווירדיקע שטימונג, און אָט די שטימונג איז אַלס קלאָל אַ טראַגישע. אין די אַרבעטן פֿאַר דער לעצטער צײַט נעמט באַ גאַניקאָווסקין די אויבערהאַנט די שוואַרצע פֿאַרב מיט שוואַרצע — אויף אַ שוואַרצן פֿאָן — פֿיגורן. דער עפֿעקט איז אַ דערשיטערנדיקער. גאַניקאָווסקי באַווײַזט איבערצײַגעוודיק, אַז, ניט אויסדריקנדיק אַפֿילע די פּענעמער פֿון זײַנע פּערסאָנאַזשן, איז ער פֿעיִק מיט דער הילף בלויז פֿון פּלאַסטיק און פֿאַרב אויסדריקן אַלץ, וואָס ער האַלט פֿאַר נייטיק.

ניט זעלטן דערלויבט מען זיך, שמועסנדיק וועגן מאָלערײַ-קונסט, צו אויסוואַרפֿן דעם קינסטלער פֿאַר דעם, וואָס ער האָט ניט איבערגעגעבן אין זײַן בילד — וואָס ער האָט דורכגעלאָזט, דאָס הייסט, ניט געשילדערט. אָבער גראָד אין דעם איז די קראַפֿט פֿון קינסטלעריש אופֿנעמען די וואָר: דער שעפֿער נוצט אויס די קלאָלים פֿון אויסקלײַב, וועלכע ער אַרבעט אויס אינעווייניק אין זיך. ער איז ניט קיין ווידער-פּראָדוצירער פֿון אַלץ, וואָס ער זעט. מיט וועלכע געשטאַלטן אָפּערירט דער קינסטלער? דאָ האָט ער די פֿולע רעכט אַליין אויסצוקלײַבן. אורטיילן דאַרף מען וועגן גאָר עפּעס אַנדערס: וועלכע געדאַנקען, וואָס פֿאַר אַן אינהאַלט דריקט ער אויס מיט די אָפּגעקליבענע מיטלען. דער טאָך פֿון דער געשילדערטער אידיי און די קוואַליטעט פֿון דער שילדערונג — אָט וועגן וואָס מע דאַרף ריידן, שטייענדיק פֿאַרן געשאַפֿענעם לײַוונט. און אויב די אידיי רעדט אַליין וועגן זיך, דאַרף מען ניט שטערן דעם שעפֿער: ער האָט געשילדערט דאָס, וואָס ער האָט געזען. ער האָט געוווּסט, וואָס מע האָט ניט געדאַרפֿט באַווײַזן. דער קינסטלער וואַרפֿט אָפּ אַלץ, וואָס שטערט אים אויסצוקריסטאַליזירן די אידיי, און שפּיגלט אָפּ בלויז דאָס, וואָס ער קלײַבט אָפּ אין דער מינוט, ווען עס נעמט זיך אַן דאָס פּראַכטפֿולע בלימל פֿון דער פֿאַנטאַזיע...

גאַניקאָווסקיס מעטאַפֿאָרן זײַנען פּאָשעטע אין, ווי עס דוכט זיך מיר, זעלבסטבאַשײַמפּערלעכע. אָט איז אינעם בילד „עס גייט דער מענטש" געשילדערט אַ מענטשלעכע פֿיגור, אַן איבערגעהאַקטע פֿון אויבן אַראָפּ, און זי באַוועגט זיך גלײַך אָפּן צושויער. דאָס איז טאַקע אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון דעם, וואָס מיר האָבן אין זינען, ווען, פֿאַרגעסנדיק וועגן דער אַנשוילעכקײַט פֿונעם וואָרט, געברויכן מיר אַזעלכע פֿראַזעאָלאָגיזמען, ווי „אַ צעבראָכן האַרץ", „אַ פֿאַרלוירן לעבן" אאַז. באַ איגאָר גאַניקאָווסקין אָבער איז די פּראָסטקייט פֿון די מעטאַפֿאָרן אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס גורעם די קראַפֿט פֿונעם אײַנדרוק, וועלכן זיי מאַכן. איך, אַשטייגער, האָב גלײַך זיך דערמאָנט ברייגעלס „פֿלאַמאַנדישע ווערטלעך", ווו דער קינסטלער מאַטעריאַליזירט ווערטלעכע אומגעלומפּערטקײַטן: זײַנע פּערסאָנאַזשן „שטעלן שטעקלעך אין די רעדער", „בינדן אײַן דעם רוער אין אַ טיכל". די אַסאָציאַציע איז אופֿגעקומען ניט צופֿעליק — גאַניקאָווסקיס בילד „דער וועג" רופֿט זיך אויך אָן „אַ וואַריאַציע אויף דער טעמע פֿון ברייגעלס „בלינדע".

דער קינסטלער האָט ניט ליב אויספּאַרמירן דעטאַלן, און דעריבער ווײַזן זיך אויס ווי אומדערוואַרטע זײַנע אויסערסט שטאַרקע פּאָרטרעטן, און צווישן זיי — „די מאַמע שטריקט", „דער פּעדאַנט" און דער „פּאָרטרעט פונעם קאָמפּאָזיטאָר גובײַדולינא". דאָ וויל איך זאָגן וועגן דעם אינטערעס פון אַלע דרײַ כאַווירים — שערמאַנס, גאַניקאָווסקיס און דיבסקיס אינטערעס צו די שכיינעסדיקע קונסטן, דאָס הייסט, צו מוזיק און פּאָעזיע. כ׳וועל זיך באַגרענעצן דערווײַל מיט אַ באַשטעטיקונג, אַז דער דאָזיקער אינטערעס פילט זיך בולעט אין זייערע אַרבעטן.

דער „פּאָרטרעט פונעם קאָמפּאָזיטאָר גובײַדולינא" איבעראַשט מיטן קינסטלערס טעמפּעראַמענט, אָבער מע דאַרף זאָגן, אַז אויך דער „מאַטעריאַל" איז געווען אַ דאַנקבאַרער. דער פּאָרטרעט איז בעצמעס אַן עקספּרעסיאָנעלער. גאַניקאָווסקי האָט דערציילט, וויאַזוי ער האָט זיך מיט איר געמאַטערט, וויאַזוי, באַקאַנענדיק זיך מיט גובײַדולינא און שוין פון לאַנג ליב האָבנדיק איר מוזיק, האָט ער באַשלאָסן אָנמאָלן דאָס ווונדערלעכע, לויט זײַנע ווערטער, געזיכט. אין מעשעך פון עטלעכע סעאַנסן נאָכאַנאַנד האָט ער אַ דערשיטערטער געשפּירט, אַז די האַנט פאָלגט אים לאַכלוטן ניט — זי מאָלט אַליין און ברענגט שאָדן דעם בילד, פאַרשמירנדיק שטריכן, וועלכע האָבן זיך אים שוין אײַנגעגעבן. פונקט ווי אין אַ ראָמאַנטישער נאָוועלע, האָט ער מיט דעם דאָזיקן געזיכט געפיבערט, און ענדלעך, ווען ס׳איז געקומען די צײַט, אָנגעמאָלט דעם פּאָרטרעט אויסערגעוויינלעך שנעל און פּינקטלעך.

אין דעם זעלבן טאָג בין איך געווען אויף דער סרעטענקע-גאַס אין יעוועגני דיבסקיס אַטעליע. דער יונגער קינסטלער איז אַ פרײַלעכער, העפלעכער, צוגלאָזטער מענטש, און גראָד וועגן זײַנע אַרבעטן איז מיר שווערער צו דערציילן, איידער וועגן די אַרבעטן פון די ערשטע צוויי קינסטלער. קעדיי צו אַנאַליזירן זיי, דאַרף מען האָבן ספּעציעלע קענטענישן, און איך, כאָטש איך איבער, קאָן רעדן בלויז וועגן אײַנדרוקן.

דיבסקי האָט מיך באַקאַנט מיט עטלעכע סעריעס פון זײַנע בילדער. צוריק מיט אַ יאָר דרײַ-פיר האָט ער געמאָלט פּאָרטרעטן, דערנאָך, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, איז געקומען דער ציקל „דריאַדע" (כ׳האָב, ניט דערהערנדיק דײַטלעך, איבערגעפלאָנטערט דעם דאָזיקן נאָמען מיט „טריאַדעס" און לאַנג, אַ צעמישטער, זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס ניט אויף אַלע בילדער פון דעם דאָזיקן ציקל זײַנען די וואַלד-נימפעס אָנוועזנד אומבאַדינגט אינדרײַען). די לעצטע און, לויט דער מיינונג פונעם אויטאָר גופע, די סאַמע ערנסטע זײַנע אַרבעטן זײַנען די קרימער פּייזאַזשן, געמאָלט אין דער אומגעגנט פון קאָקטעבעל. קאָמענטירנדיק זיי, האָט דער קינסטלער באַמערקט, אַז ער שטרעבט צו פאַרקערפּערן אַפן לײַוונט די גרויסאַרטיקע מיסטעריע פון דער נאַטור, איר דערקאַראַטיווקײַט, איר קישעף, וואָס דויערט אין דער צײַט.

דיבסקיס פּייזאַזשן זײַנען זייער בונטע, זיי פאַרמאָגן ניט קיין האַלב-טענער. די פאַרב דעקלאַרירט זיך אָפּנהאַרציק, אַרויספּליעסקענדיק זיך מיט מאַטעריעלע הרודקעלער אויף דער ראַם און אויסער דער ראַם פונעם בילד. אייגנטלעך גערעדט, איז די ראַם אַליין ניטאָ — דאָס בילד ווערט פאַרגעזעצט אין רוים. מע זעט מערסטנטייל געלע, רויטע און שוואַרצע קאָלירן, און דער קינסטלער וואַרײַרט אומדערמידלעך זייערע קאָמבינאַציעס, דערשלאָגט זיך די גרעסטע אויסדריקלעכקײַט.

אַ פאַרכידעשטער פון דער שעפע פּייזאַזשן, האָב איך געשטעלט, ווי ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַ געזעצמעסיקע פראַגע:

— בײַ שערמאַנען איז דער מענטש גענוג קאָנקרעט, בײַ גאַניקאָווסקין פאַרמאָגט ער שוין ניט קיין קאָנקרעטע שטריכן, דערפאַר אָבער איז ער באַטיילט מיט גרויסער עקספּרעסיע, און בײַ אײַך איז דער מענטש ביכלאַל ניטאָ. צי איז דאָ פאַראַן עפּעס אַ געזעצמעסיקײַט, וועלכע פאַלט צונויף מיטן פאַרלאַנג צו פאַרשטאַרקן די אַבסטראַקציע פון דער שילדערונג?

— מעגלעך, — האָט געענטפערט דיבסקי, — איך וואָלט אָבער זיך ניט אונטערגעיילט מיט אויספירן. איך מאָל ניט איצטער קיין מענטשן, ווײַל איך בין פאַרכאַפּט פון דער אַרבעט מיט פאַרב, און דער פּייזאַזש אַנטשפּרעכט מײַנע איצטיקע פּראַפּעסיאָנעלע באַדערפענישן. דערבײַ פאַרבלײַבט פאַר מיר דער מענטש אַזוי אָדער אַנדערש, ווי אַן אָביעקט און סוביעקט פון דער קונסט: די דאָזיקע פּייזאַזשן זײַנען דאָך אופגענומען מיצאַד מענטשלעכע אויגן אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון מענטשלעכער שטימונג. זיי זײַנען פאַרמענטשלעכט שוין דערמיט, וואָס זיי זײַנען אויסגעטיילט אַלס באַזונדערע פון דער נאַטור.

— צי שפּירט איר ניט, אַז דאָס, צו וואָס איר שטרעבט, צו וואָס איר קומט דורך שווערער מי, האָט דער אוואַנגאַרד פונעם מאָלערײַ-צעך שוין פון לאַנג באַהערשט?

— כ'האָב פאַרשטאַנען די פראַגע. נאָר, ערשטנס, זײַן באַווירקט הייסט נאָך ניט נאָכ־מאַכן. צווייטנס, בין איך איבערצײַגט אין דער זעלבשטענדיקייט פון מײַן מעטאָד.

די דריטע פראַגע, וואָס כ'האָב געשטעלט דיבסקין, האָט געהאַט אַ שײַכעס צו די באַציונגען צווישן די דרײַ יונגע קינסטלער:

— צי אַנטשטייען ניט צווישן אײַך מיינונגספאַרשידנהײַטן פון פּרינציפּיעלן כאַראַקטער? צי געפעלט אײַך אַלץ אין די אַרבעטן פון די כאַווײרים?

— אין פּרינציפּ געפעלט אַלץ, — האָט ער געזאָגט, — האָגאַם עס טרעפט, אַז מע דאַרף זיך באַקלערן, לעמאַשל, אָט איבער וואָס: אַמאָל קומט אויף אין מיר אַ געפיל, אַז איגאָר גאַניקאָווסקי איז צופיל פאַרכאַפּט מיט טונקעלע מאָטיוון פונעם גורל, מיטן טראַגיזם פון מענטשלעכער עקזיסטענץ (ווירקלעך, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, שאָלעם־אַליכעם האָט באַמערקט, אַז אַלע ייִדישע געשיכטעס פאַרענדיקן זיך אומעטיק, אָבער די ייִדישע ליטעראַטור ווייסט ניט, דאַקעגן, אַ גרעסערן אָפּטימיסט, ווי שאָלעם־אַליכעם). וויפל איך זאָל ניט פאַרשטיין איגאָרס טראַגישע קינסטלערישע וועלט, וואָלט איך געוואָלט זײַן אַן איידעס פון כאָטשבי זײַנע פּרוון זיך דורכרײַסן פון דער כאַשכעס־ספער צו שײַן, צי שמייכל. איר האָט געזען זײַן „פיש"? לויט מײַן מיינונג, גיט דאָס דאַזיקע בילד אַ גרונט פאַר אַזעלכע האָפענונגען.

— איב לויט מײַן מיינונג, — בין איך מאַסקים געווען. — אָבער דערלויבט מיר באַמערקן, אַז די וועגן, וועלכע קרייצן איבער אַלע אײַערע זוניקע פּייזאַזשן, פאַרענדיקן זיך אומבאַדינגט מיט טופּיקן.

דער קינסטלער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— איר געדענקט בא מאַיאַקאָווסקין: „דער וועג אַף יאַלטע איז ווי אַ ראָמאַן: די גאַנצע צײַט דאַרף מען פאַרקערעווען..." לויט מײַן מיינונג, זײַנען דאָס ניט קיין טופּיקן, נאָר פאַרבייגונגען פון דעם וועג — אַ לאַנגן, ניט קיין לײַכטן, נאָר אַזאַ, וואָס פירט אַרויס אַף דער ראַכוועס.

— איר ווייסט גוט פּאָעזיע?

— גיכער פאַר אַלץ, האָב איך זי ליב.

— און מוזיק?

— אָ, יאָ! ס'איז אַ סאָפעק, צי איך און מײַנע כאַווײרים וואָלטן אָן איר געקאָנט ווערן אַזעלכע, ווי מיר זײַנען, אָדער ווי מיר וועלן נאָך זײַן.

אַ סאַך יאָרן רעגט מיך דער געדאַנק: ווערנדיק אַזעלכע, ווי מיר זײַנען, פאַרהאַרטעווען מיר זיך, ווי אַ ווייצענער קערן. ווײַטער קומען די מילשטיינער. און צי שטעלן מיר זיך אַליין ניט אָפּ, ווען, דעראָבערנדיק די פאָרם, הערן מיר אויף צו זוכן נײַע מעגלעכקײַטן פון זעלבסטבאַשטימונג? עפּשער צו אונדז זעלבסט דאַרפן מיר ווענדן דעם פאָרוואורף אין קאָנסערוואַטיזם, אין בעהאַדראָגעדיקן פאַרשמעלערן די פעבערס פון אונדזערע קינסטלערישע שטרעבונגען? און צי ניט דערפאַר פרייען אונדז די אַנטדעקונגען פון דער יוגנט, וואָס ניט שטענדיק וואַגן מיר צו גלייבן אין אונדזערע אייגענע פעיִקײַטן — מיר, וועלכע האָבן איבערגעשפּאַנט איר שוועל?

יוגנט — סאַראַ יאַמטעוו דאָס איז!



## וולאַדימיר ביטקין



געבוירן געוואָרן אין 1947. פאַרענדיקט די מאָסקווער קאָנסערוואַ־טאָריע לויטן קלאַס פון קאָמפּאָזיציע. אַוטאָר פון מוזיקאַלע ווערק אין פאַרשיידענע זשאַנרען, אַרײַנגערעכנט באַאַרבעטונגען פון ייִדי־שע פאָלקסלידער און מוזיק צו די ווערטער פון סאָוועטישע ייִדישע דיכטער. אייניקע זײַנע ווערק זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד". וווינט אין קעשענעוו.


# דער מאַרשרוט-די גאַנצע רעפּובליק

## ס'איז קעדײַ אָנהייבן זוכן אפּסנײַ

ווען אין 1982 האָבן דער איצט שוין פאַר־שטאָרבענער סאָליסט פונעם מאָלדאַווישן אָפּערע-טעאַטער באָריס ראַיסאָוו און דער פּיאַניסט סערגאָ בענגעלסדאָרף אָנגעהויבן גרייטן זייער קאָנצערט-פּראָגראַם פון ייִדישער וואָקאַל-מוזיק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי פאַרמאָגן קימאַט ניט קיין פאָלקסלידער. דאָס הייסט, לידער זײַנען געווען, נאָר די אויספּי־לער האָבן געוואָלט צוציִען צום קאָנצערט אַנ־דערע, ווייניקער געזונגענע. זינט מײַנע סטו־דענטישע יאָרן באַאַרבעט איך אין מײַן שאַ־פונג ייִדישע ניגונים, און מיסטאָמע דערפאַר האָט ס. בענגעלסדאָרף דאַפקע מיר פאָרגע־לייגט צו מאַכן עטלעכע באַאַרבעטונגען פון ייִדישע פאָלקסלידער. פינף מעלאָדיעס האָב איך אָפּגעזוכט אין דער זאַמלונג פון מוישע בערעגאָווסקין און נאָך דרײַ פאַרשריבן אַליין בײַ באַקאַנטע.

און דאָ האָב איך אַ טראַכט געטאָן: פאַר־וואָס נאָר דרײַ, פאַרוואָס ניט דרײַ הונדערט? פאַרוואָס ניט שאַפן אַ גאַנצע זאַמלונג פונעם ייִדישן מעלאָס, וועלכער איז אין מאָלדאַוויע אין אומגאַנג אַדהײַנט — סײַ פאָלקסלידער, סײַ כאַזאַנישע „שטיקלעך"?

פאַרשטייט זיך, דאָסראָוו מוסטערן פונעם ייִדישן פאָלקלאָר זײַנען שוין פון לאַנג צו־נויפגעזאַמלט און פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיי־דענע יאָרן, אין קאָלערליי מעקוימעס. אָבער ס'איז געווען אַזאַ מילכאָמע, און צוזאַמען מיט מיליאָנען מענטשן האָבן זייערע „לעבנס" פאַרלוירן אויך מיליאָנען ספאָרים און ניגונים. איצט איז יעדע געבליבענע נאָטן-זאַמלונג אַ יעקאָר-האַמציִעס. איז דען ניט קעדײַ אָנהייבן זוכן אפּסנײַ, אפילע אויב ס'זײַנען בלויז פאַר־בליבן געציילטע לידער און מעלאָדיעס!

פון וואָס אָנהייבן? אין קעשענעוו זײַנען ייִדן, באַרעכהאַשעם, פאַראַן. און כ'האָב אָנגע־הויבן פאַנאַנדערפרעגן אַלע באַקאַנטע, אַלט און יונג, צי זיי געדענקען ייִדישע פאָלקסלי־דער. ס'זײַנען געווען סקעפּטיקער, די מער־הײַט האָט אָבער אויפגענומען מײַן איניציאַטיוו מיט היסלײַוועס. מע פלעגט זיך דערמאָנען פון לאַנג ניט-געזונגענע לידער (ווער זינגט איצינד? — אַ מאַגניטאָפאָן זינגט!), אַרויסבאַ־קומען פון די אַלמערס גאַנצע אַלבאָמען מיט פּערזן, אַלפּי נעס פאַרהיטע גראָבע קרישלדי־קע פאַרמילכאָמע-פּלאַטן און הײַנטצײַטיקע דיסקן. מע האָט גענומען זיך אָנפרעגן דורכן טעלעפאָן, שרײַבן בריוו צו קרויווים און באַ־קאַנטע אין די שטעט און שטעטלעך פון דער רעפּובליק, קלאָר מאַכן... בעקיצער, ס'איז דורכגעפירט געוואָרן אַ בעעמעס געזעלשאַפט־לעכע קאַמפּאַניע, ווי געוויינלעך אין די טעג פון דער אַבאָנירונג אויף „סאָוועטיש היימלאַנד".

אַזוי בעהאַדראָגעדיק פאַרברייטערט זיך די צאָל פון מײַנע אינפאָרמאַטאָרס, און עס פאַר־פינקטלעכט זיך דער מאַרשרוט פון דער קינפ־טיקער עקספּעדיציע, און ביז וואָס-ווען, האָב איך אָנגעהויבן מיט דעם מאַגניטאָפאָן אַרומ־גיין איבער קעשענעוו. באַווײַזנדיק זיך צווישן אומבאַקאַנטע, קימאַט יעדעס מאָל אַנדערע מענטשן, בין איך געוואָרן ניט-ווילנדיק אַן איידעס פון טאָגטעגלעכע דײַגעס און פריידן בײַ אַמכאָ-לײַט: בײַ אַ בוכבינדער, אַ בריוונ־טרעגער, אַ לערער, אַ שאָפער, און מיט וויפל נאָך האָב איך זיך באַקאַנט! — יעדערער פון זיי האָט הינטער זיך גאָר ניט קיין גרינג, צו־

מאָל אַפֿילע אַ שווער לעבן. און יעדער פֿלעגט אָפּנהאַרציק שטערבן כאַטש מיט עפּעס-וואָס צו העלפֿן מײַן האָסכאָלע. אָט אַזוי, טראָפּנ-ווײַז, האָב איך צונויפֿגעזאַמלט די ערשטע פֿינף און פֿערציק פֿאָלקסלידער און כאַזאָנישע ניגונים.

און אָט, אין איין שיינעם פֿרימאָרגן האָב איך זיך אַרײַנגעזעצט אין אַן אויטאָבוס און בין אַוועק אין בעלץ. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן מײַן אוילע-רעגל צו די שטעטלעך — צו די קוואַלן פֿון אונדזער קולטור.

## „מײַן שטעטעלע בעלץ...״

אַצינד קאָן מען זיך שוין ניט פֿאָנאַנדער-קלײַבן, וואָס פֿאַר אַ געאָגראַפֿישן פּונקט איז געווידמעט די ליד — דעם בעסאַראַבער שטעטל בעלץ, צי דעם פּוילישן בעלדז. יעדער וועט אייך אַקשאָנעסדיק דערווײַזן זײַנס... אונדזער האַרץ וועט אין יעדן פֿאַל אַ ציטער טאָן פֿונעם וואָרט „בעלץ״ — עס איז דאָס היים-אָרט פֿון דעם אומפֿאַרגעסלעכן זעליק בערדיטשעווער, דאָס אָרט, וואָס האָט געשענקט דער וועלט עטלעכע ייִדישע ליטעראַרישע נעמען.

דאָס אַמאָליקע בעלץ איז געווען אַ באַלמעלאָכיש שטעטל. אַצינד איז דאָס אַ גרויסע אינדוסטריעלע שטאָט: זעקס זאַוואָדן, דרײַ פּראָפֿעסיאָנעלע שולן, צוויי אינסטיטוטן, דרײַ סטאַדיאָנען, זעכצן קלובן, אַ מוזיי, אַ דראַמאַטישער טעאַטער און, ווי פֿריִער, — ייִדישע אַרבעטס-לײַט. די טראַדיציעס פֿון די „קולטור-ליגע״-קרײַזלעך זײַנען לעבעדיק אַדהײַנט. אין די וווינונגען פֿון פֿיל מישפּאָכעס זײַנען פֿאַראַן ייִדישע ביבליאָטעקן מיט ביכער פֿון די קלאַסיקער און פֿון אונדזערע מיטצײַטלער. מע אַבאָנירט זיך אַף „סאָוועטיש היימלאַנד״. מע גייט מישפּאָכעווײַז איינער צום אַנדערן צוגאַסט, קעדיי איינייעם לייענען ליטעראַרישע ווערק.

אין ערשטן טאָג האָב איך אין בעלץ פֿאַרשריבן נײַן זייער טשיקאַווע לידער, קיין איינע פֿון זיי האָב איך שפּעטער אין ערגעץ ניט געהערט. ס'האָט זיי צוליב מיר געזונגען דער זיבעציקיאָריקער שנײַדער דאַוויד העגדלער. מע האָט געדאַרפֿט זען, מיט וואָס פֿאַר אַ האַרציקײַט ער האָט אויסגעזונגען די ניט-געקינצלטע, אָבער גאָר אָריגינעלע מעלאָדיעס.

אינגאַנצן גענומען האָב איך פֿאַרשריבן אין בעלץ 64 לידער און כאַזאָנישע ניגונים. מע דאַרף האָבן אין זינען, אַז אין דער זאַמל-קונסט איז ווערטפֿול בלויז אַן אָריגינאַל. צווישן מײַנע קאָלעגן אין אָט דער אַרבעט האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר „טשעמפּיאָנען״ דאָס זיבעציקיאָריקע פּאָרפֿאָלק בערל און עלקע ראָזענבערג. בא זיי האָב איך פֿאַרשריבן אַרום 26 לידער. זיי זײַנען ביידע שנײַדער פֿונעם שטעטל רישקאַן. אין דער יוגנט זײַנען זיי געווען אַקטיוויסטן פֿון דער „קולטור-ליגע״. די צוויי פּראַקטיקע מענטשן האָבן ביז אין די עלטערע יאָרן ניט פֿאַרלוירן זייער לעבנסלוסט. זיי באַציִען זיך מיט גרויס אָפּשײַ צו מאַמע-לאָשן (אַגעוו, זייער זון, דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פֿון דער היגער צײַטונג, רעדט און לייענט אַף ייִדיש).

## אַף די שפּורן פֿון מאָרדכע גאָלדענבערג

אין בעלץ האָט מען מיך צוגערעדט, כ'זאָל צופֿאָרן קיין אָטעק. דאָרט איז עפּעס פֿאַראַן. כ'פֿאָר דורך דראָקיִע, דאָנדושען — געוועזענע ייִדישע שטעטלעך, און אָט איז אָטעק — אונטן באַם ברעג, עטלעכע גאַסן, אויסגעצווייגענע לענגויס דעם דניעסטער. אַמאָל האָט זיך דאָ פֿאַרנומען מיט לערערײַ מאָרדכע גאָלדענבערג — אַ שעפֿער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין בעסאַראַביע.

מאָלע-כיין און צוקער-זיס,
שלאָף, מײַן קליין עטעלע.
די לעוואָנע שײַנט אַרײַן
גלײַך צו דיר אין בעטעלע.

די לעוואָנע רעדט צו דיר —
זע נאָר, זע, מײַן עטעלע,
ווי אַ קלאָר-ווײַס טײַבעלע
טראָגט אין מויל אַ בלעטעלע.

אַף דעם בלעטעלע אַ שריפֿט
שײַנט ווי אַ לעוואָנעלע:
„האָסט דײַן מאַמען הײַנט געפֿאָלגט,
קריגסטו אַ מאַטאָנעלע״.

(פֿאַרשריבן בא עלקע ראָזענבערג. ווערליק זי האָט געזאָגט, זײַנען די ווערטער מ. גאָלדענבערגס).

גיי איך זיך דורך איבער דעם פֿאַרצײַטיקן ייִדיש-ציגײַנערשן שטעטעלע, כאַפּ אַ קוק אַף די שטיבעלעך, פּרווו טרעפֿן, ווו ס'האָט דאָ ערגעץ געוווינט מאָרדכע גאָלדענבערג. כ'פֿרעג בא אַלטע ייִדן.

— ניין, מיר געדענקען ניט אַזעלכן.

— און די לידעלעך?

— פֿון לאַנג שוין אויפֿגעהערט זיי זינגען. די מילכאָמע האָט צו אַלץ געמאַכט אַ סאָף.

— אָבער דאָך זײַט איר און אײַערע קינדער לעבעדיקע!

— וועגן וואָס גייט די רייד?

כ'שלים איין דעם מאַגניטאָפֿאָן מיט די בעלציער פֿאַרשרײַבונגען. עס פֿאַרזאַמלט זיך א האַלבע גאַס. אויגן בלישטשען, ליפּן מורמלען...

## איבער שטעטלעך און שטעט

דורכפֿאָרנדיק דורך שאַלדאַנעשט, האָב איך זיך דערמאָנט די בריטשקע פֿון י. שרײַבמאַנס „דער כאַזן מיט זײַנע מעשוררים". וואָס איז דאָ פֿאַרהיט פֿון דעם אַמאָליקן פּייזאַזש? מיסטאָמע האָט שרײַבמאַן אין זײַנע ייִנגלשע יאָרן געזען אָט דעם מיניאַטיור-וואָקזאַל — אַזעלכע פּיצימאָנטשיקע ציגל זײַנען איצט שוין א זעלטנהײַט, אומעטום — סטאַנדאַרטיזירטע פּויערשע הויפֿן: צוויי שטאָקן פֿון ווײַסן שטיין, א ווײַנגאָרטן, א גאַראַזש (און גאָר נאָענט, צאָפֿנדיקער, אינגאַנצן 26 קילאָמעטער פֿונדאַנען ליגט וואַד-ראַשקעוו...).

אין ריבניצע האָט מיר א זאָקן געזונגען די לידער וועגן רעקרוטשינע פֿון די אַמאָליקע יאָרן. דערנאָך האָב איך געהערט האַרצרײַסנדיקע רומענישע ראָמאַנסן מיט ייִדישע ווערטער (שוין וויפֿל מאָל האָדעוועט מען מיך מיט אַזעלכע אַנטיקלעך!). „דערמאָנט זיך נאָך עפּעס-וואָס", — האָב איך געבעטן. — „ע-ע-ע, — איז געווען דער ענטפֿער, — אַמאָל האָב איך געקענט א סאַך לידער! בא אונדז פֿלעגט זינגען די גאַנצע מישפּאָכע"...

טעלענעשט איז דאָס היים-אָרט פֿון די ייִדישע שרײַבער זאַלמען ראָזענטאַל און מוישע פּינטשעווסקי. שאָלעם-מייער מוראַוווטשיק וואָלט וועגן טעלענעשט געזאָגט אַזוי: „א שטעטעלע — א נעגעלע". פֿונדעסטוועגן האָב איך אין מעשעך פֿון אָנדערהאַלבן טעג דאָרט פֿאַרשריבן 22 לידער. און וואָס פֿאַר א לידער! (צוויי פֿון זיי — אַפּילע טאַטישע). און ווי אין בעלץ, זײַנען דאָ אויך פֿאַראַן טראַדיציעס פֿון דער ייִדישע קולטור. ווען די רעדקאָלעגיע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָל געפֿינען צײַט זיך אַראָפּכאַפּן קיין טעלענעשט, וואָלט זיך באַקומען א פּרעכטיקע באַגעגעניש פֿון פֿאַרנאַכט ביז אין ווײַסן טאָג אַרײַן!

ניט ווײַט פֿונדאַנען — אָרגייעוו. ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זײַן, נאָר אין דעם דאָזיקן טראַדיציאָנעלן ייִדישן שטעטל האָב איך געפֿונען בלויז איין-און-איינציקן מענטשן, וואָס געדענקט ייִדישע לידער, דערבײַ אַן איבערוואַנדערער פֿון טעלענעשט.

קיין טיראַספּאָל בין איך געקומען צו פֿאָרן ערעוו פּורים. אַפֿן אַנדערן טאָג האָב איך דאָ פֿאַרשריבן 14 כאַזאָנישע ניגונים און פּורים-טיש-לידער. די דאָזיקע מוסטערן פֿון הויכער קוואַליטעט שטייען אין מײַן קאָלעקציע אַפֿן ערשטן אָרט.

די פּראָפֿעסיאָנעלע שאַפֿונגען פֿון כאַזאָנים זײַנען אומענדלעכע וואַריאַציעס אַף מוזיקאַלישע רעשטלעך פֿון דער אוראַלטער יעהודע. די סיסטעם פֿון אומגעוואַקלטע קלאָלים און סטיליסטישע באַגרענעצונגען האָט פֿאַרקאָנסערווירט די קלאַנג-בילדער פֿון ווײַטע יאָרהונדערטער אַזוי פֿעסט, אַז די פֿאַרהעלטניסמעסיקע אַנטאָלאָגיע פֿון אַזאַ קונסט עקזיסטירט בלויז אינעם פֿאָלקלאָר פֿון דעם מוסולמענישן מיזרעך (עמעס, ס'ווערט אַרויסגעזאָגט אויך אַן אַנדער מיינונג — אַז „די וויכטיקסטע עלעמענטן פֿונעם סינאַגאָגאַלן רעטשיטאַטיוו פֿון די מיזרעך-איראָפּעיִשע ייִדן האָבן זיך אויסגעפֿורעמט אַפֿן מײַרעוו"[1]. אָבער די לעבעדיקע פּראַקטיק לייקנט עס אָפּ).

קיין שום זשאַנער אין דער ייִדישער מוזיק קאָן זיך מיט אַזאַ עמאָציאָנעלן נוסעך ניט פֿאַרגלײַכן. אָט דער נוסעך האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די הויכע געפֿילן-גאַמע — פֿון אומענדלעכן צאַר ביז היספּײַלעסדיקער פֿרייד. די עקסטרעמאַלע געפֿיל-אויסדרוקן זײַנען ביכלאַל פֿאַר ייִדן אייגנטימלעך — איז ווו, אויב ניט אין מוזיק, קאָנען זיי זיך אַמערסטן בוילעט אַנטפּלעקן!

פֿון לאַנג שוין איז געקומען די צײַט ניכטער א קוק טאָן אַף דער ראָליע פֿון כאַזאָנישער (ד. ה. סינאַגאָגאַלער) נעגינע אינעם קאָנטעקסט פֿון דער ייִדישער מוזיקאַלער קולטור. די שאַפֿונג פֿון אונדזערע פּאָטערלענדישע ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן אַלעקסאַנדער קריין און מיכאַיל גנעסין איז א בײַשפּיל פֿון קונציקער באַלאַנסירונג צווישן פּאָשעטע שטייגערגעשטאַלטן און „הויכן נוסעך" פֿון סינאַגאָגאַלער רעטשיטאַציע. זייערע דערגרייכונגען זײַנען א נײַער צוגאַנג, וועלכער וואַרט נאָך אַף זײַנע פֿאָרזעצער.

בייס מײַנע רײַזעס האָב איך געהאַט די געלעגנהײַט צו דערקענען ניט בלויז דעם פֿאָלקלאָר, נאָר אויך זײַנע טרעגער און איבערגעבער. מערסטנטייל זײַנען דאָס שטאַרק באַיאָרטע, מאַמעש עפּעס „אייביקע" לײַט, וואָס פֿאַרדינען אָנציקונג פֿאַרן פֿעסטן לעבנס-ווילן און מאָראַלישן קויעך. מיט אייניקע פֿון זיי האָב איך זיך באַקאַנט אין דער שטאָט בענ-

---

[1] מ. גאָלדין. פֿאַרבינדונגען צווישן ייִדיש און דײַטש אין דער מוזיקאַלער פֿאָלקס-שאַפֿונג, „סאָוועטיש היימלאַנד", 1984, נומ. 1.

דער. דאָס פּאַרפאָלק יורי און נעסיע ווײַס-בורג, וועלוול קאַשאַנסקי, בעטיע קאַגאַן, אַנע דובאָסאַרסקאַיאַ זײַנען וועטעראַנען פון דער אַמאָליקער בעסאַראַבער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די דאָזיקע אַנגעהעריקײַט איז א מין אײדלקײַט-סימען, וואָס טײַלט זיי אויס אינעם קלאַל.

ווײַטער קומען די נײַע קעשענעווער אַדרעסן. אײנעם אַזאַ קעשענעווער אַדרעס האָב איך באַקומען אפילע פון בולגאַריע, פון איסאַק מאַסקאַנאַ, דעם אַנגעזעענעם פילאָלאָג-ספּאַרדיסט (די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" ווייסן וועגן אים פון די יערלעכע איבערזיכטן וועגן דעם בולגאַריש-יידישן אַלמאַנאַך „גאָדישניק"). אַזוי האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיילער גאַבינסקין — דעם דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן, מיטאַרבעטער פון דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פון מאָלדאַוויע, דעם אײנציקן אין אונדזער לאַנד ספּעציאַליסט-געלערנטן אין געביט פונעם באַלקאַניש-ספּאַרדישן לאַשן דזשודעזמאָ. כ'האָב בא אים פאַרשריבן זיבן מעלאָדיעס פון מאָלעכיינעוודיקע ספּאַרדישע לידער.

## בלאָנדזנדיקע ניגונים

ניגונים האָבן זיך זייער גורל און זייער גילגל.

צוריק מיט 25 יאָר איז אין דער שטאָט גאָרקי אַף אײנער פון אירע פלעצער געשטאַנען אַן ענג שוסטער-ביידל, א ייד אין די מיטעלע יאָרן, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, פלעגט קלאַפּן מיט זײַן העמערל און אונטערפײַפן זיך טרויעריקע מעלאָדיעס. עס פלעגן זיך דורכרײַסן אויסרופן אין אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך — עפּעס ווי א מין איטאַליעניש. נאָר פונוואַנען קומט איטאַליעניש אינמיטן די רוסלענדישע ראַכוועסן? און פאַרוואָס קאָן דער ייד ניט קיין יידיש? אײנמאָל האָב איך אים פונדעסטוועגן א פרעג געטאָן. און דערהערט אַן אומעטיק-שמייכלענדיקן ענטפער: „עס זײַנען דען ניט פאַראַן קיין אַנדערע יידישע לעשוינעס?"

ווען איך בין נאָך געווען א סטודענט, איז מיר אַרײַנגעפאַלן אין די הענט די זאַמלונג פון יידישע פאָלקסלידער, באַאַרבעטע פונעם פראַנצויזישן קאָמפּאָזיטאָר דאַריוס מילאָ[1]. כ'האָב באַלד דערקענט די ערשטע ליד "La Separation" („די צעשיידונג"), און דאָס איז געווען אײנע פון די מעלאָדיעס, וועלכע ס'האָט געזונגען דער שוסטער אין דער שטאָט גאָרקי אַף דער וואָלגע.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יידן-ספּאַרדים, פליטים פון שפּאַניע, זינגען די דאָזיקע ליד אַף זייער יידיש-שפּאַנישער שפּראַך דזשודעזמאָ. דאָס איז געווען פאַר מיר בלויז אַן עקזאָטישער פאַקט, וועלכן איך האָב אין מעשעך פון א סאַך יאָרן ניט גענומען אין

1. Ce lui qui dis_tingue le sa_cré du pro_fa_ne, nous par_don_ne
nos pé_chés. Il mul_ti_plie_ra com_me le sab_lect les as_ tres
notre ar_gent et nos en_fants. Bon_ne se_mai_ne, bon_ne se_mai_
_ ne, bon_ne se_mai_ne, bon_ne se_mai_ ne.

אַכט, און אַט אַצינד, זאַמלענדיק יידישן מוזיק-פאָלקלאָר, האָב איך אין עטלעכע מוסטערן דערזען פראַגמענטן פון דער זעלבער שאַבעס-ליד.

וואָס איז דאָס — צופעליקע געמײנזאַמקײַט, אָדער אײנער פון די פּראַט-פאַלן פון איבערגעמישטקײַט פון פעלקער און קולטורן? אויסער יעדן ספק איז אײנס: עס מיגרירט אײנע און די זעלבע מעלאָדישע מאָדעל.

[1] Darius Milhaud, « Chant Populares Hébraïques », Paris, Heugel, 1925, p. 1—3.

A gu- te vox, a gu- te vox, a gu-te. vox, a gu-te vox, a
gu- te vox, a gu- te vox, a gu- te vox. Max-mes vos knečt der
ta-te dem štern, max-mes vos vejnt di ma-me mit tre- rn, vajl kajn

(פארשריבן בא עלקע ראָזענבערג, בעלץ)

Jot fun Av- rom un fun Jic- xok un fun Jan- kojv,
šik undz un gib undz s'zol zajn a gu- te vox!

(פארשריבן בא כאַנע לאַקש, טעלענעשט)

Kin- der-lex klej-ne, kin-der-lex šej-ne, car- te, ba- vun-der-te
kin-der-lex rej- ne, kin-der- lex klej-ne, kin- der-lex šej- ne,
kumt in krajz a- rajn tan- cn i- nej- nem.

(פארשריבן בא יאנקעוו גרינבלאַט, קעשענעו)

far- nemt že majn bi- ter ge-vejn un lozt mix cu majn
fo- ter Jan- kojv, oj, a- hejm cu gejn. Es helft nit kejn ge-
-vejn, un es helft nit kejn ge- šen,

(פארשריבן בא העניע סאנדלער, בעלץ)




(פאַרשריבן בא העניע סאַנדלער, בעלץ)

## אינטערמעצאָ[1]

די צאָל פון מײַנע איבערגעבער פון פאָלקס־מוזיק און פאָלקסלידער זעצט פאָר צו וואַקסן. צום סאָף פונעם 1985 יאָר, ד. ה. פאַר די פיר יאָר פון מײַן פאָלקלאָריסטישער טעטיקײַט, האָב איך אָנגעזאַמלט מער פון 250 מוסטערן פון ייִדישע פאָלקסלידער און כאַזאַנישע ניגונים — 9 שאָ אָנגעפונען געזאַנג. 197 לידער פון דער אַלגעמײנער צאָל זײַנען שוין דעשיפרירט. באַם דעשיפרירן האָב איך געשטרעבט מאַקסימאַל פּינקטלעך פאַרפיקסירן מיט די נאָטן אַלע באַזונדערקײַטן פונעם נאַטירלעכן פאָלקס־געזאַנג: דעם פרײַען טעמפּ און מעטער, די מינדסטע מעליזמאַטישע באַפּוצונגען (די אַלע „דריבנע קנײטשעלעך", באַזונדערס אין דער כאַזאַנישער מוזיק), פאַרשײדענע גליסאַנדן, ברײטע וויבראַציעס, וואָס גײען איבער אין טרעל, אײגנאַרטיקע אויפכליפּענישן אאַו.

אין אונדזערע טעג, ווען לעבעדיקע טיכטיקע מוזיצירונג ווערט אַלץ אָפּטער פאַרביטן מיט אַ פּאַסיוו אויסהערן פאָנאָגראַפיעס, ווען עס איז אָפּגעשוואַכט די גײַסטיקע פאַרבינדונג צווישן דורותס און דער פאָלקס־זיקאָרן איז געוואָרן דאָס אשירעס פון זקײנים, — באַקומט אַזאַ ניוואָ פון דער נאָטן־פיקסירונג אַ באַזונדערן באַטײַט: אַ מענטש, וועלכער איז ניט באַקאַנט מיט פאָלקס־שאַפונג, אָדער מוזיקאַליש אַ געבילדעטער, קאָן פאַרהעלטניסמעסיק פּינקטלעך ווידער אויפשטעלן די פאָלקלאָר־מוסטערן און אפילו זיך „אײַנלעבן" אין אַזאַ באַזונדערן אויספילונג־נוסעך (דער מעטאָד דערמאָנט דאָס לערנען מאַמע־לאָשן מיט אַ זעלבסטלערער).

מײַן זאַמל־טעטיקײַט איז שוין אַרײַנגעטראָטן אין אַ נײַער פאַזע — איצט גיב איך אָפּ, אַלס קאָמפּאָזיטאָר, צוריק דעם פאָלק דאָס, וואָס איך האָב בא אים גענומען.

ס'איז נאָך פרי אונטערצופירן סאַכאַקלען פון דער גאַנצער אַרבעט. די לידער־קלאַסיפיקאַציע, זײער פראָטימדיקע און פילזײַטיקע דערלערנונג, פאַרשײדענע האַשאָרעס און אַנטדעקונגען — אַלץ איז פאָרויס. און דערווײַל וואַרט אַף מיר אַ נײַ אַרומפאָרעכץ — אַפן דאָרעם פון מאָלדאַוויע. דאָס אוילע־רעגל ווערט פאָרגעזעצט. מײַן מאַרשרוט איז די גאַנצע רעפּובליק.



[1] אַ פּאַוזע, אַן איבעררײַס (לאַט.).

# יונגע מאָסקווער קינסטלער

זע דאָס אַרטיקל פון א. בראָדסקי אויף דער זײַט 101

זאַכאַר שערמאַן



אין אָנדענק
פון די עלטערן. 1985



דער זעעוודיקער
און דער בלינדער. 1984

**איגאָר גאָניקאָווסקי**



ריטעס אָנדענק. 1985



די מאמע שטריקט. 1984

**יעווגעני דיבסקי.** אלייען אין קאָקטעבעל. 1985

**זאַכאַר שערמאַן.** נויעך. 1985





**יעווגעני דיבסקי.** ווײַנגערטנער. קאַקטעבעל. 1985



# וויקטאָר לענזאָן



געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע אין 1951. פֿאַרענדיקט די מאָסקווער מעלוכע־קאָנסערוואַטאָריע. געווען א וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער אין טשײַקאָווסקי־מוזיי. אונטעריכטעט אין מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אף וו. אי. לענינס נאָמען און אין מעלוכע־אינסטיטוט פֿאַר קולטור. קאַנדידאַט פֿון קונסטקענטעניש־וויסנשאַפֿטן. אַוטאָר פֿון אַרטיקלען וועגן מוזיק אין „סאָוועטיש היימלאַנד". וווינט אין מאָסקווע.

## פֿיר יונגע אַקטיאָרן פֿונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט דער מאָסקווער ייִדישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל געהאַט א רעגולערן צופֿלוס פֿון יונגע אַרטיסטן, וועמענס שעפֿערישער וועג האָט זיך אָנגעהויבן אין סאַמע סוף פֿון די 70־ער און אין די 80־ער יאָרן. כּמעט אַלע זײַנען זיי דערצויגלינגען פֿון מאָסקווער טעאַטראַלע שולן: אַנעטע טאַבאַטשניקאָווע, באָריס קינער, וואַלענטינע סמאָלניקאָווע, נאַטאַליע וואָלקאָווע און נאַדעזשדע פֿראָלענקאָ — פֿון דער טעאַטראַלער שול אף שטשוקינס נאָמען; אַלעקסאַנדרע גאַרעליק, גריגאָרי קאַהאַנאָוויטש, מעסטאַן סאַפֿאַראָוו און מאַרגאַריטע ווישניאַקאָווע — פֿון דער שול אף שטשעפּקינס נאָמען. אַלעקסאַנדער טשערנאָוו און גענאַדי אַבראַמאָוו האָבן פֿאַרענדיקט די שול פֿונעם מעלוכע־אינסטיטוט פֿון טעאַטראַלער קונסט (גיטיס[1]).

די אַקטיווע באַטייליקונג פֿון יונגע אַקטיאָרן אין די שטעלונגען פֿונעם ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל איז אין א גרויסער מאָס פֿאַרבונדן מיט דעם, וואָס א ריי ספּעקטאַקלען איז דירעקט אָריענטירט אף דער יוגנט, געווענדט צו איר. אַזאַ איז, למשל, „דער ייִדישער אַנעקדאָט" (שטעלונג פֿון יא. גובענקאָ לויט דער פּיעסע פֿון א. ווערגעליס) — א שאַרפֿער פּאָליטישער ספּעקטאַקל, אין וועלכן די יוגנט ווערט א פּאַראַלגעמיינערט געשטאַלט. אָן דער ווענדונג צו די יונגע זײַנען אומעגלעך אויך אַזעלכע ספּעקטאַקלען פֿונעם אַנסאַמבל ווי „קאָמעדיאַנטן", „דער דאַמען־שנײַדער" און „טעוויע דער מילכיקער".

נאַטירלעך, אַז די וויכטיקע ראָל, וואָס ווערט אָפּגעפּירט די יונגע אַרטיסטן אינעם הײַנטצײַטיקן ייִדישן דראַמאַטישן ספּעקטאַקל, פֿאָדערט, זיי זאָלן קענען טיף די ייִדישע פֿאָלקס־קולטור, אַרײַנדרינגען אינעם סאַמע טאָך פֿון דער נאַציאָנאַלער פּסיכאָלאָגיע. דאָס איז באַזונדערס וויכטיק אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס ניט אַלע אויסגערעכנטע יונגע אַרטיסטן האָבן ספּעציעל דערלערנט די ייִדישע קולטור פֿאַרן אָנקומען אין ייִדישן טעאַטער. די זאָרג פֿאַר העמשעכדיקײַט, ווען די דוירעסבײַטונג ווערט באַוואָרנט מיטן אָפּהיטן די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, איז אין סאָוועטישן טעאַטער א פּרינציפּיעלע און אומבאַדינגט נייטיקע. די יוגנט, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געקומען אין ייִדישן אַנסאַמבל, געדענקט נאָך די שפּיל פֿון אַזעלכע „טראַדיציאָנעלע" אַלטע אַקטיאָרן, ווי זינאָווי קאַמינסקי, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן אף דער בינע פֿונעם דראַמאַטישן אַנסאַמבל ביז צום אָנהייב פֿון די 80־ער יאָרן. אין די לעצטע ספּעקטאַקלען האָט ער איבערגעגעבן די יונגע שוישפּילער די עסטעטיק, וואָס גייט פֿון שלוימע מיכאָעלסן.

וועגן פֿיר יונגע אַקטיאָרן פֿונעם אַנסאַמבל ווילן מיר דאָ דערציילן, שטעלנדיק זיך א ציל צו וואַרפֿן א שײַן אף זייער וועג צום ייִדישן טעאַטער.

---

[1] גיטיס — מעלוכע־אינסטיטוט פֿון טעאַטראַלער קונסט.

אַלעקסאַנדרע גאַרעליק איז געקומען אין דער ייִדישער בינע-קונסט לויט אַ באַרוף. נאָכן פאַרענדיקן די שטשעפּקין-שול, וווּ זי האָט זיך געלערנט באַם פאָלקס-אַרטיסט פּראָפעסאָר נ. אַנענקאָוו, האָט זי געהאַט ברייטע מעגלעכקייטן פאַר דער אַרבעט אין פיל טעאַטערס פונעם לאַנד — זי האָט דאָך, זייַענדיק נאָך אַ סטודענטקע, מיט דערפאָלג געשפילט ראָליסען אין טשעכאָווס „מעכאַשייפע”, קיי קאָנוויי אין פּריסטליס „די צייַט און די מישפּאָכע קאָנוויי”, די אַלטע בערטע בעקערמאַן אין אַי. בייַרס פּיעסע „אינצידענט”, ווי אויך אַליסען אין אַרבוזאָווס „מייַן כּיעס”, — זי האָט אָבער געבעטן, מע זאָל זי שיקן אַרבעטן אין אַ ייִדישן טעאַטער-קאָלעקטיוו. דער כיישעק צו שפּילן ייִדיש טעאַטער איז געוואָרן אַ לאָגישע געזעצמעסיקייַט אין דער שעפערישער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער אַקטריסע.

אַ. גאַרעליק איז געבוירן געוואָרן אין אַ טעאַטראַלער מישפּאָכע און שטעלט מיט זיך פאָר איר דריטן דאָר. איר פאָטער — אַ. ז. גאַרעליק — אַ באַוווּסטער אָפּערעטע-אַרטיסט, פאָלקס-אַרטיסט פון דער רעפּובליק, האָט געזונגען אָף דער בינע מער פון הונדערט פּאַרטיעס אין די אָפּערעטעס פון סאָוועטישע און אויסלענדישע קאָמפּאָזיטאָרן. אין שטוב האָט שטענדיק געקלונגען מוזיק, און ניט בלויז אַריעס פון אָפּערעטעס. דער פאָטער האָט גוט געקענט און ליב געהאַט אויך ייִדישע פאָלקסלידער. אַן עלפיאָריק מיידעלע, האָט שורע גאַרעליק דאָס ערשטע מאָל געזונגען איינינעם מיט איר באָבען „אָפּן פּריפּעטשעק ברענט אַ פייַערל”, און די דאָזיקע ליד איז טאַקע געוואָרן די ערשטע אין איר קומענדיקן רעפּערטואַר אַלס זינגערן.

מיר האָבן פאַרפירט אַ רייד וועגן דעם וואָקאַלן רעפּערטואַר ניט צופעליק. מע קאָן ברענגען ניט ווייניק בייַשפּילן, ווען דראַמאַטישע אָדער קינאָ-אַרטיסטן נעמען אין אַ פרייַער פונעם טעאַטער שאָ די גיטאַרע און זינגען אייגענע אָדער עמעצנס לידער. נאָר אינעם פאַל מיט אַלעקסאַנדרע גאַרעליק איז דאָס גאָר אַן אַנדער מין זינגען.

לאָמיר זיך דערמאָנען שאָלעם-אַלייכעמס „בלאָנדזשנדע שטערן”: „דו מיט דייַן שפּילן, און דו מיט דייַן זינגען”... דער ייִדישער טעאַטער איז זינט גאָלדפאַדענס צייַטן געווען פאַרבונדן זייער ענג מיט געזאַנג, דאָס איז געווען אַ באַדייַטנדיקער באַשטאַנדטייל פונעם ספּעקטאַקל. רייזל האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייַט טאַקע מיט איר זינגען. די ספּעקטאַקלען פונעם ייִדישן טעאַטער אין פאַרלויף פון זייַן גאַנצער געשיכטע ווערן אָנגעפילט מיט פאָלקסלידער, אין וועלכע עס „זינגט” די נעשאָמע פונעם פאָלק, דערבייַ זייַנען אין ייִדישן טעאַטער קימאַט ניט געווען קיין ניט-זינגענדיקע אַקטיאָרן. פונעם שטאַנדפּונקט פון דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער איז אַן „אַקטריסע, וואָס זינגט”, אַ טראַדיציאָנעלע דערשייַנונג אינעם בעסטן זין פון וואָרט.

נאָר די טראַדיציע פון דער ייִדישער קולטור מיינט אויך אַ צוריק-פאַרבינדונג: אויב ס׳איז ניטאָ קיין טעאַטער אָן געזאַנג, איז אַליין דאָס אויספּילן ייִדישע לידער — אַ קליינער ספּעקטאַקל, וואָס פאָדערט עכטע דראַמאַטישע באַגאַבונג. דער טאַלאַנט פון אַ טעאַטראַלער אַקטריסע אַ זינגערן איז אין דער פולער מאָס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַרטיסטקע פונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל אַלעקסאַנדרע גאַרעליק.

די אינטערפּרעטאַציע פון אַ פאָלקסליד הענגט אָפּ אין אַ גרויסער מאָס פונעם אַרט אויספּילן. מע קאָן זינגען אָן אַן אַקאָמפּאַנעמענט און אין דער באַגלייטונג פון אַן אָרקעסטער אָדער פון באַזונדערע כאַראַקטעריסטישע אינסטרומענטן. אַ צופאַל איז געוואָרן די סיבע דערפון, וואָס גאַרעליק האָט אָנגעהויבן זינגען ייִדישע לידער אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פון אַ גיטאַרע (מע האָט זי וועגן דעם געבעטן אָף אַ סטודענטישן אָוונט), נאָר אין דער דאָזיקער צופעליקייַט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ געזעצמעסיקייַט פון דער צייַט. אין דער יוגנטלעכער סוויווע האָט זיך פאַרשפּרייט די טענדענץ פון אַ קאַמער-מוזיצירונג, ווען דער אויספּילער, ניט זעלטן איז ער אויך דער אווטאָר, דערציילט זייַנע פרייַנט מיט די מיטלען פון אַ ליד וועגן געפילן און פּראָבלעמען, וואָס רירן אים אָן. אַזאַ מין דערציילן איז געוואָרן כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר טוריסטישע לידער (פון וועלכע דאָס אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן), נאָר אויך פאַר סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע לויטן זשאַנער וואָקאַלע מיניאַטיורן, דערונטער אויך פאָלקסלידער. דערבייַ האָט די פאָלקסליד ניט בלויז נישט פאַרלאָרן איר ספּעציפיק, נאָר, פאַרקערט, זי האָט אַנטפּלעקט נייַע אייגנשאַפטן אינעם קאָנטעקסט פון דעם הייַנטצייַטיקן וועלט-באַנעם.

דאָס געזאָגטע האָט פולקום אַ שייַכעס אויך צו דער ייִדישער פאָלקסליד. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, קאָן דער סטיל פונעם אויספּילן אונטער אַ גיטאַרע פאַראייניקן לידער פון פאַרשיידענע טקופעס און זשאַנרען. גאַרעליקס רעפּערטואַר שליסט איצט איין באַ פופציק פאָלקסלידער. זייַן היסטאָרישער און זשאַנרען-דיאַפּאַזאָן איז גאַנץ ברייט — אָנגעהויבן פון אַלטע פאָלקסלידער און ביז הייַנטצייַטיקע לידער און ראָמאַנסן, אָנגעהויבן פון קינדערשע

לידעלעך און ביז דראַמאַטישע באַלאַדעס. און אין יעדער ליד אַנטפּלעקט די אויספֿילערן אַ טיפֿן אינהאַלט, וואָס עס מאַכט דעם צוהערער צו דערפֿילן דעם עמעס און די כאָכמע פֿונעם ייִדישן פֿאָלקלאָר.

לעצטנס זוכט א. גאָרעליק נײַע אויסדרוק-פֿאָרמען באַם אויספֿילן ייִדישע לידער. אַזוי איז אופֿגעקומען דער געדאַנק צו שאַפֿן אַ פּראָגראַם אין דער באַגלייטונג פֿון אַ ראָיאַל. די דאָזיקע אינטערפּרעטאַציע וועט דערלויבן, אָפּהיטנדיק דאָס שוין דערגרייכטע, קומען צו ברייטערע מוזיקאַל-בילדערישע פֿאַראַלגעמיינערונגען, שאַפֿן נײַע מעגלעכקײַטן אין דער ניואַנסירונג און דינאַמיק פֿון די לידער.

אין דעם וואָקאַלן רעפּערטואַר פֿון אַלעקסאַנדרע גאָרעליק זײַנען פֿאַראַן אויך לידער פֿון די סאָוועטישע ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן וולאַדימיר טערלעצקי און זינאָווי קאָמפּאַנייעץ. מיט דער אויספֿילונג פֿון טערלעצקיס לידער איז פֿאַרבונדן גאָרעליקס ערשטע עפֿנטלעכע אַרויסטרעטונג אַלס זינגערן. אָפֿן אוווטאָרישן קאָנצערט פֿון טערלעצקין אין אַל-פֿאַרבאַנדישן הויז פֿון קאָמפּאָזיטאָרן האָט זי אויסגעפֿילט אַנטיפֿאַשיסטישע לידער אָף אָרן ווערגעליסעס ווערטער — די „באַלאַדע וועגן אַ שיינער ייִדישקע" און „עסטערקע". אײַנגיכן האָט מען איר פֿאָרגעלייגט זיך פֿאַרשרײַבן אָף טערלעצקיס פּלאַסטינקע מיטן טיטל „דער אַרויסגאַנג פֿון די שטערן", וועלכע איז ניט לאַנג צוריק אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין דער פֿירמע „מעלאָדיאַ". אײַנײַנעם מיט אַנדערע אַרטיסטן פֿונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל — באָריס קינערן און מאַרגאַריטע ווישניאַקאָווען — זינגט זי „צאַר-לי" און „שאָלעם!", באַטייליקט זיך אינעם אויספֿילן אַנדערע לידער אין באַשטאַנד פֿון אַ וואָקאַלן אַנסאַמבל.

אַלעקסאַנדרע גאָרעליק איז בעלי סאָפעק אַן אינטערעסאַנטע און פּערספּעקטיוופֿולע אויספֿילערן פֿון ייִדישע פֿאָלקסלידער, און דאָך איז איר איקערדיקע שעפֿערישע אַרבעט פֿאַרבונדן מיטן טעאַטער. די ערשטע אַרבעט אירע אינעם ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל איז געווען די ראָל פֿון דער ציג אינעם ספּעקטאַקל „דער פֿאַרקישעפֿטער שנײַדער" לויט שאָלעם-אַלייכעמען (רעזשי — פּ. בערמאַן). די ספּעציפֿיק פֿונעם ספּעקטאַקל איז באַשטאַנען אין אַרײַנברענגען אינעם הײַנטצײַטיקן טעאַטער עלעמענטן פֿון אַ פּורים-שפּיל-קאַרנאַוואַל מיט מאַסקעס און מיט אַנדערע זײַנע אַטריבוטן. אינגאַנצן גענומען, איז עס ניט קיין נאָווינע פֿאַרן ייִדישן טעאַטער. שוין גאָלדפֿאַדן האָט מיט הונדערט יאָר צוריק אין זײַן „קישעפֿמאַכערן" אָנגעטאָן אָף אַ מענטשלעכן פּערסאָנאַזש די מאַסקע פֿון אַ כײַע. נאָר אַ ציג זאָל דערוווערבן אַ מענטשלעך געשטאַלט — אַזוינס איז נאָך ניט געווען. דאָס „פּובליקום" האָט אָבער גלײַך אופֿגענומען „דאָס מיידל, וואָס שפּילט אַ ציגעלע". אין דעם זעלבן ספּעקטאַקל האָט גאָרעליק געזונגען פֿינף פֿאָלקסלידער — פֿריילעכע, פֿולע מיט געזונטן שפּאַס „כ'בין אַ ציגעלע", „טשירי-באָם", „די גאָלדענע פּאַווע פֿליט", די לירישע „ליב האָב איך אַ שטיקל ליים" און די פֿולע מיט טראַגיזם „אוי, ס'בענקט זיך אַהיים". די דאָזיקע לידער האָבן ניט קאָמענטירט די האַנדלונג, נאָר געווען אירע אַ באַשטאַנדטייל, וואָס עס שטאַמט אויך פֿון די טראַדיציעס פֿון דער ייִדישער בינע.

גאָרעליקס אַקטיאָרישער אַמפּלואַ איז די העלדן-ראָל. טאַקע אין אָט דעם אַמפּלואַ באַטייליקט זי זיך אינעם ספּעקטאַקל „קאָמעדיאַנטן", וועלכן ס'האָט אוועקגעשטעלט יאַקאָוו גובענקאָ לויט די מאָטיוון פֿון שאָלעם-אַלייכעמס „בלאָנדזנדע שטערן". דער ווונדערלעכער צונויפֿפֿאַל פֿונעם כאַראַקטער פֿון דער אויספֿילערן און פֿון דעם פּערסאָנאַזש, וועלכן זי פֿאַרקערפּערט, האָט, קאָן זײַן, מיטגעהאָלפֿן דער ראָמאַנטישער באַאַרבעטונג פֿון דער האַנדלונג, וועלכע עס האָבן נישט געקאָנט ניט אָפּשאַצן די צושויער. און דעריקער איז דאָס, וואָס די אַרטיסטקע שפּילט אַ נאַציאָנאַלן ייִדישן כאַראַקטער. דעריבער פֿאַרגעדענקט זיך איר שפּיל ווי אַ דערשײַנונג פֿונעם עצעם ייִדישן טעאַטער.

אין זעלבן ספּעקטאַקל האָבן צום ערשטן מאָל געקלונגען אַ סאַך פֿון די הײַנט באַוווּסטע טערלעצקיס לידער, און זייערע אויספֿילער זײַנען געווען די טעאַטראַלע אַרטיסטן א. גאָרעליק און ב. קינער.

באָריס קינער איז איינער פֿון די אַמערסטן אינטערעסאַנטע און טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן פֿונעם איצטיקן ייִדישן טעאַטער. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט קאָלאָמנע הינטער מאָסקווע. זײַן פֿאָטער, וועלכער האָט אַמאָל געשפּילט אָף פֿידל אין אַ ייִדישן פֿאָלקס-טעאַטער, האָט ווונדערלעך געקענט דעם ייִדישן אינסטרומענטאַלן פֿאָלקלאָר אין בעסאַראַביע און מײַרעוו-אוקראַיִנע, ווו עס איז דורכגעגאַן זײַן יוגנט. די מוטער, וועלכע האָט אונטעריכטעט ענגליש אין אַן אָרטיקן אינסטיטוט, האָט אַ סאַך צײַט אָפּגעגעבן דעם דערלערנען און פּראָפּאַגאַנדירן די סאָוועטישע און די אויסלענדישע טעאַטראַלע קונסט. אָט פֿאַרוואָס עס איז קיין כידעש ניט, וואָס באָריס האָט פֿרי אָנגעהויבן זיך פֿאַרנעמען מיט מוזיק — זי געלערנט אין אַ מוזיקאַלער שול אָפֿן פֿידל-קלאַס און אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס צו דער גיטאַרע. נאָך פֿונעם פֿינפֿטן

קלאַס האָט ער אָנגעהויבן אַליין פאַרפאַסן, אויספילנדיק זײַנע אייגענע לידער אַף זעלבס-טעטיקע קאָנצערטן און אין ספּעקטאַקלען פון אַ טעאַטראַלער סטודיע.

וועגן דעם פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער אָבער האָט קינער לעכאַטכילע אַפילו ניט געכאַ-לעמט. נאָכן פאַרענדיקן די מיטלשול איז ער, אַ ליבהאָבער פון מאַטעמאַטיק, אָנגעקומען אין קאָלאָמנער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, ווו ער האָט באַקומען דעם פאַך פון אונטעריכטן דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד. און דאָך האָט די שטרע-בונג צום טעאַטער באַזיגט. באַריס קינער ווערט נאָכאַמאָל אַ סטודענט, איצטער שוין פון דער טעאַטראַלער שול אַף שטשוקינס נאָ-מען. דאָרט לערנט ער זיך בײַ דער פאָלקס-אַרטיסטקע פון רספסר א. א. קאַזאַנסקאַיאַ. צו אים קומט דער עכטער פּראָפעסיאָנאַליזם, און צוזאַמען מיט דעם די מעגלעכקײַט זיך צו אַנטפּלעקן אין פאַרשיידענע ריכטונגען פון דער אַקטיאָרישער קונסט. זײַענדיק נאָך אַ סטודענט פון דער טעאַטראַלער שול, האָט ער געשפּילט אין ספּעקטאַקלען פון דער פּאַטער-לענדישער און אויסלענדישער קלאַסיק.

עס קאָן זיך דוכטן, אַז באַריס קינערס ביאָ-גראַפיע פאַרן פאַרענדיקן די טעאַטראַלע הויכ-שול איז לאַכלוטן ניט פאַרבונדן מיט דער ייִדישער קונסט. ס'איז אָבער ניט אַזוי. נאָך אין דער קינדהײַט אינטערעסירט ער זיך מיט ייִדישער מוזיק און טעאַטער. כוץ דעם, לערנט ער זעלבשטענדיק אויס און זינגט אונטער דער גיטאַרע אייניקע ייִדישע פאָלקסלידער.

יאָ, ווידער די גיטאַרע... זי האָט אָפּגע-שפּילט אין דער שפּעטערישער ביאָגראַפיע פון באַריס קינערן אַ וויכטיקע ראָליע. נאָך אין די פריִע יאָרן האָט זיך צונויפגעלייגט אַן אינטע-רעסאַנטער דועט פון באַריסן און זײַן ברודער מיכאל. זיי האָבן אַליין-פאַרפאַסט לידער און זיי געזונגען אין דער גיטאַרע-באַגלייטונג. דער דועט האָט דערוואָרבן פּאָפּולערקײַט אין דער יוגנטלעכער סוויווע. זײַנע לידער, באַ-נאַנד מיט די לידער פון די איצט באַוווסטע יורי וויזבאָר און סערגיי ניקיטין, האָט געזונ-גען די סטודענטישע יוגנט פון פיל שטעט אין לאַנד.

אין 1980 איז פאָרגעקומען דער אַלפאַר-באַנדישער פעסטיוואַל פון דער יוגנטלעכער ליד, אַף וועלכן די ברידער קינערס האָבן גע-קראָגן דעם הויפּט-פּריז — דעם פּריז פונעם זשורנאַל „קלוב אי כודאָזשעסטווענאַיאַ סאַמאָ-דעיאַטעלנאָסט". וועגן זיי האָט אָנגעהויבן שרײַבן די פּרעסע.

דער זשורנאַל „מוזיקאַלנאַיאַ זשיזן" האָט געשריבן: „אַן עמעסע אַנטדעקונג פונעם פעס-טיוואַל זײַנען געווען די ברידער באַריס און מיכאל קינערס... זייער באַגאַבונג איז פילזײַ-טיק און וווּנדערלעך גאַנצלעך. טאַקע דאָס איז דער טאָך פון דער זעלבסטעטיקער ליד, ווו די מוזיק, די פּאָעזיע, די אויספילונג זײַנען אומ-צעטיילבאַר. זיי זײַנען ניט בלויז גלײַכע לויט זייער באַדײַטונג, נאָר — אין אידעאַל — פאַרייניקט אין איין פּערזאָן. אין געגעבענעם פאַל זײַנען פאַראַן צוויי שעפערישע פּערזאָנען (באַריס — דער אווטאָר פון דער מוזיק, מי-כאל — דער אווטאָר פונעם טעקסט), זייער קעגנזײַטיקער צווישנפאַרשטאַנד איז פּער-פעקט, דער אויספילערישער דועט קרייַנט די וווּנדערלעכע אייניקײַט, נאָר פאַרשליסט זיך ניט אין איר. אויסערגעוויינלעך דין און פול-בלוטיק אינטערפּרעטירן די קינערס די שאַ-פונג פון אַנדערע אווטאָרן, וואָס זײַנען זיי נאָענט לויטן גײַסט. „די סאָלדאַטישע מיטל-אַלטערלעכע", „די ווינטערדיקע וועג-ליד" (דועט פון די אווטאָרן), ווי אויך „דער 33-ער טראַמוויי" (ווערטער פון אי. ראַדקאָווסקין, מו-זיק פון פּ. סטאַרטשיקן) — זײַנען, דאַכט זיך, דאָס בעסטע, וואָס איז אויסגעפאַלן צו הערן אָפן פעסטיוואַל. בעלי סאָפעק, איז די שאַפונג פון די קינערס אַ דערשײַנונג פון עכטער קונסט, אָבער נאָך וויכטיקער איז דאָס, וואָס זי איז פאַרשטענדלעך און איז אויפגענומען געוואָרן אין דער יוגנטלעכער אאודיטאָריע, ווי אַן עכטע קונסט, אַ בירגערלעכע, אַ קינסט-לערישע, אַן עטישע"[1].

שפּעטער ווערן די ברידער קינערס זיגער פונעם קאָנקורס פון דער יוגנטלעכער ליד אין טאַשקענט. זיי זײַנען געווען לאַורעאַטן אויך אין אַלמאַ-אַטאַ, ווו זיי האָבן געזונגען בײַס די פײַערונגען פון דעם 60-יאָריקן יובילײ פונעם לענינישן קאָמסאָמאָל. לויט פּוטיאָווקעס פון דעם מאָסקווער שטאָט-קאָמיטעט פון קאָמ-יוג זײַנען זיי אַרויסגעטראָטן אין קויבישעוו, וואָלגאָגראַד, אין פיל אַנדערע שטעט פון דער רוסלענדישער פעדעראַציע און פון אַנדערע רעפּובליקן.

אינעם וולאַדיוואָסטאָקער קאָנקורס פון דער יוגנטלעכער ליד זײַנען זיי שוין מיטגלידער פון דער זשורי. די קינערס זינגען אויך אינעם טאָג פון דער דערעפענונג פון דער מאָסקווער אָלימפּיאַדע פאַר אַן אוילעם, וועלכער האָט זיך פאַרזאַמלט אָפן פלאַץ פונעם פּאַרק אַף גאָרקיס נאָמען.

ס'האָט זיך פאַרגעדענקט אַזאַ עפּיזאָד. בײַס אַ צונויפלי פון די ענטוזיאַסטן פון דער יוגנט-לעכער ליד, אַף אַ וואַלד-לאָנקע אונטער אַן אימפּראָוויזירטן דאַך פון אַ ספּאָרטיוון פּאַראַ-שוט, האָט באַריס קינער געזונגען זײַנע לי-

[1] זע «Музыкальная жизнь», 1980, № 13.



אנעטע טאבאטשניקאָווע אינעם ספעקטאקל „לאָמיר אלע איינעם״



די ארטיסטקע א. גאָרעליק און דער ארטיסט ג. קאהאנאָוויטש אינעם ספעקטאקל „די טײַערסטע מײַנע״

דער. און צווישן זיי — צוויי פֿאָלקסלידער אויף ייִדיש. דער אוילעם האָט מיט פֿרייד אויפֿגענומען די אַרויסטרעטונג.

באָריס קינער איז אַ טאַלאַנטפֿולער קאָמפּאָזיטאָר. לעצטנס האָט ער פֿאַרפֿאַסט אַ ציקל ראָמאַנסן אויף די טעקסטן פֿון אינאָקענטי אַנענסקי. אַרום דער אוטאָרישער אויספֿירונג פֿון די דאָזיקע ראָמאַנסן איז אינעם ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל געשטעלט געוואָרן דער ספּעקטאַקל „צעשיידט זיך ניט מיט געליבטע“ לויט א. וואָלאָדינס פּיעסע. קינערס גיטאַרע האָט געשפּילט אויך אין אַנדערע ספּעקטאַקלען. אין „קאָמעדיאַנטן“ זײַנען דאָס די לידער „שאָלעם“, „דער מאַמעס האַרץ“ און „צאַר־לי“ (אין אַ טריאָ מיט מ. ווישניאַקאָווען און א. גאַרעליקן), אין „ייִדישן אַנעקדאָט“ — די באַלאַדע „לאָמיר רעדן פֿון די קדושים“.

אַלס דראַמאַטישן אַקטיאָר זעען מיר באָריס קינערן אין פֿאַרשיידענע ספּעקטאַקלען — סײַ מיט דער גיטאַרע, סײַ מיטן פֿידל (אין „קאָמעדיאַנטן“), סײַ בײַ דער פֿאָרטעפּיאַנע (אין „טעוויע דעם מילכיקן“), — און אומעטום אָרגאַניש און איבערצײַגעוודיק. אין „קאָמעדיאַנטן“ איז ער איזאַק שוואַלב, אין „טעוויע דעם מילכיקן“ — פֿעדאָצער, אין „צעשיידט זיך ניט מיט געליבטע“ — דער אויספֿירער פֿון ראָמאַנסן. און טאָמיד איז דער אַרטיסט קינער אופֿריכטיק, פּינקטלעך אינעם שילדערן זײַן פּערסאָנאַזש.

אין ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל זײַנען, דאַכט זיך, ניטאָ קיין צוויי גלײַכע לויטן שעפֿערישן גאַנג יונגע אַקטיאָרן. גריגאָרי קאַהאַנאָוויטש איז אַ כאַראַקטערנער אַקטיאָר, אַ כיינעוודיקער אויף דעם בינע, אַזוי אויך אין לעבן. פֿאַרמאָגנדיק אַן אומיטלבאַרע מאַניר זיך צו האַלטן פֿאַרן צושויער, רופֿט ער אַלעמאָל אַרויס אַ סימפּאַטיע מיט זײַן נאַטירלעכער טראַקטירונג פֿון פּערסאָנאַזשן. עס זײַנען אים ניט פֿרעמד קאָמישע געשטאַלטן. אַזאַ איז אַנשל אין „קאָמעדיאַנטן“, וווּ קאַהאַנאָוויטש, אויסנוצנדיק עלעמענטן פֿון סצענישן גראָטעסק, שילדערט ניט נאָר אַ סאַטירישן פּאָרטרעט פֿון „דעם טאַטנס אַ קינד“, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן אויף דער פֿרײַ, נאָר אַקצענטירט אויך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿונעם צושויער אויף דער אומגעלומפּערטקייט פֿון דער שוין אָפּגעווײַטערטער טקופֿע מיט אירע קאַבאַרעס, וואַריעטעס, קאַפֿע־שאַנטאַנען, מיט איר קולט פֿון וואָלוועלע פֿאַרגעניגנס...

קאַהאַנאָוויטש טרײַבט קיינמאָל ניט איבער. זײַן מענאַכעם־מענדל אין דעם ספּעקטאַקל „טעוויע דער מילכיקער“ איז וואָרהאַפֿטיק און פּינקטלעך.

דער אַרטיסט שפּילט, ווי עס שילדערט דער ספּעקטאַקל, — לעכאַטכילע אַ יונגן אַוואַנטיוריסט, וואָס איז פֿאַנאַטיש איבערגעגעבן דעם אידעאַל פֿון באַרײַכערן זיך, נאָכדעם אַ דערפֿאַרענעם שאַדכן, וועלכער האָט שוין געזען די פּאָגראָמען, די „קאָנסטיטוציע“ און אַלערליי אַנדערע „ייִדישע פֿריידן“ באַם צאַרישן רעזשים. אין ביידע פֿאַלן זײַנען אין דעם אַקטיאָרס שפּיל ניטאָ קיין איבעריקע זשעסטן און אינטאָנאַציעס, קיין שום פֿאָרסירונגען.

גריגאָרי קאַהאַנאָוויטש איז אַ מײַסטער פֿון דער כאַראַקטעריסטישער דעטאַל. צומאָל זעען זיך אין זײַנע ראָלן פֿאַרענדיקטע, שאַרף אויסגעפֿילטע אַקטיאָרישע עטיודן. אײַנדרוקספֿול איז די סצענע, בײַס וועלכער קאַהאַנאָוויטש — מענאַכעם־מענדל עסט „געשמאַק“ באָרשטש. ס'איז אומעגלעך אײַנהאַלטן דעם געלעכטער, ווען ער, אינאיינעם מיטן אַרטיסט טשערנאָוו (סימכע), אימיטירט די קאָרטן־שפּיל, וועלכע פֿאַרענדיקט זיך מיט אַ געשלעג („קאָמעדיאַנטן“).

ג. קאַהאַנאָוויטש איז נאָך פֿאַרן אָנקומען אין דער טעאַטראַלער שול אויף שטשעפּקינס נאָמען דורכגעגאַן די שול פֿונעם ליאַלקע־טעאַטער און איז אַרויסגעטראָטן אויף דער בינע פֿונעם מאָסקווער טעאַטער פֿון ליאַלקעס. שפּעטער, שוין אַ רײַפֿער אַרטיסט, האָט ער געשפּילט אין דער מאָסקווער עקספּערימענטאַלער טעאַטער־סטודיע, וווּ אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקײַט פֿלעגט מען שענקען דער פּלאַסטישער אויסדריקלעכקײַט. אין זײַן אַקטיוו זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשיידנאַרטיקע לויטן זשאַנער און אינהאַלט טעאַטראַלע אַרבעטן. אויף יעדער נײַער ראָל זײַנער אינעם ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל וואַרט מען מיט גרויס אינטערעס.

צום שלוס פֿון אָט דער קורצער פֿאַרצייכענונג וועגן די יונגע אַרטיסטן פֿון דעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל ווילט זיך זאָגן וועגן נאָך איין טאַלאַנטפֿולער אַקטריסע — אַנעטע טאַבאַטשניקאָווע. אין אַנסאַמבל איז אַנעטע געקומען ניט לאַנג צוריק. נאָכן פֿאַרענדיקן די „וואַכטאַנגאָוו־שול“ (אַזוי רופֿט מען די טעאַטראַלע שול אויף שטשוקינס נאָמען) האָט זי פֿינף יאָר געשפּילט אויף דער בינע פֿונעם ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער, און בלויז לעצטנס האָט זי פֿאַרבונדן איר גורל מיטן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו. אַנעטע איז אַן אוניווערסאַלע אַקטריסע. באַהערשנדיק מײַסטעריש די פּלאַסטיק, האָט זי נאָך אינעם מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער געשפּילט אַ ריי עפּיזאָדן און זשאַנער־נומערן, אין וועלכע זי האָט דורך טאַנץ־מיטלען פֿאַרקערפּערט קאָלאָריטפֿולע נאַציאָנאַלע געשטאַלטן. אין

דעם נײַעם קאָלעקטיוו האָבן זיך פרײַ אַנטפּלעקט אירע דראַמאַטישע פעיִקייטן. די אַקטריסע איז אימשטאַנד אויסצודריקן סײַ אַ שאַרפן גראָטעסק, סײַ עכטן טראַגיזם, סײַ גוטהאַרציקן הומאָר און ליריק. איר אַרט שפּילן איז שטענדיק אומדערוואַרט. צײַטל אין „טעוויע דעם מילכיקן" טראַקטירט זי ווי אַ געשטאַלט, וואָס אַנטוויקלט זיך אָן אופהער אין מעשעך פון דער גאַנצער האַנדלונג. אַ קונדייסע, אַ זעלבסטליבנדיקע — אַזאַ זעען מיר זי אין אָנהייב פון דער האַנדלונג, צום שלוס דערוועריבט זי אין דער פולער מאָס דאָס געשטאַלט פון אַ טראַגישער ייִדישער פרוי. גאָר אַן אַנדערע איז די שאַדכנטע אינעם „ייִדישן אַנעקדאָט". מיט קאַרגע שטריכן שילדערט די אַקטריסע דעם סאָציאַל פּינקטלעכן פּאָרטרעט פון אַ הײַנטצײַטיקער שאַדכנטע — אַ יוירעשטע פון מענאַכעם-מענדלען. אומדערוואַרט, נאָר אויך איבערצײַגעוודיק, איז די ראָל פון איינעם פון די ריכטער אינעם ספּעקטאַקל „צעשיידט זיך ניט מיט געליבטע".

דער איקער אָבער איז בא אַנעטע טאַבאַטשניקאָווען איר פולע נאַטירלעכקײַט אינעם אַמפּלואַ אַלס ייִדישע אַקטריסע. שפּירנדיק נאָך איר אופירונג אַף דער בינע, איבערצײַגסטו זיך, אַז ווײַט ניט אַלץ קאָן אַ שוישפּילער זיך „אויסלערנען". צומאָל באַשטימט די נאַטור אַליין די אויסדריקלעכקײַט, און מיט דעם איז צו דערקלערן, פאַרוואָס אַנעטע טאַבאַטשניקאָווע, פונקט ווי די אַנדערע יונגע אַרטיסטן, וועגן וועלכע עס גייט דאָ אַ רייד, ציט צו די סימפּאַטיעס פונעם צושויער-זאַל.

---

# כראָניק

נײַס פון ביראָבידזשאַן

## אַ מוזיק-סטודיע פאַר קינדער

שוין קימאַט דרײַ יאָר, ווי עס אַרבעט אינעם קלוב פון דער ביראָבידזשאַנער נײַ-פאַבריק אַ קינדערשע מוזיק-סטודיע. ייִנגעלעך און מיידעלעך פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון דער אונטערנעמונג לערנען זיך שפּילן אַף מוזיקאַלישע אינסטרומענטן.

די קליינע אַרטיסטן טרעטן אָפּט אַרויס מיט קאָנצערטן אין די פאַבריק-צעכן, אַף די פעלדער און פערמעס פונעם קאָלווירט „איליטשס געבאָטן", איבער וועלכן די אונטערנעמונג האַלט שעפסטום.

## פרײַנטלעכע באַגעגענישן

אין ביראָבידזשאַן האָבן שוין פון לאַנג זיך אײַנגעשטעלט פרײַנטלעכע באַציִונגען צווישן דער שול-יוגנט מיטן זאַוואָד „דאַלסעלמאַש".

אַף איינער אַ באַגעגעניש האָבן די שילער פון די עלטערע קלאַסן זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט די אַרבעטער אין דער וויקטאָרינע אַף דער טעמע „וואָס ווייסטו וועגן דײַן זאַוואָד, וועגן דײַן שטאָט, וועגן דער געגנט?".

אַף דער באַגעגעניש האָבן וועטעראַנען פון דער מי דערציילט דער יוגנט וועגן דער געשיכטע פון דעם עלטסטן אין דער געגנט זאַוואָד.

■



פֿאָטאָ־רעפּאָרטאַזש פֿון דער קינ־
דערישער קונסט־שול

# איך האָב ליב מאָלן





# א ליבלינג פונעמ טעאטער=קאָלעקטיוו



**א** ניטשקע קליאַנסקע — אזוי צערטלעך רופט מען אינ טעאטער קאָלעקטיוו די יונגע טענצערנ. זי איז אַנ עכטער ליבלינג פונעמ קאָלעקטיוו.

לויט דער ספּעציאַליטעט איז זי א מעדיקער. פארענדיקט א מיטעלע מעדיצינ־שול, געארבעט אינ א קינדער־שפּיטאָל, אָפּגעבנדיק די קליינינקע פּאציענטנ די גוטסקייט פונ איר הארצנ. אפילע אצינד, ווענ עמעצער נייטיקט זיכ אינ איר הילפ, זשאלעוועט זי ניט דערופ קיינ מי אונ צייט.

טאנצנ האָט קליאַנסקע ליב געהאט נאָכ פונ קינדווייז. זי האָט געטאנצט אינ קינדער־גאָרטנ, אינ שול אונ אינעמ זעלבסטעטיקנ אנסאמבל באַמ מינסקער קולטור־פּאלאצ פונ די אייזנבאנער.

אינ מיי 1979 האָט זי באשטימט האלטנ עקזאמענ אינ יידישנ מוזיקאלנ קאמער־טעאטער, וועלכער איז גראָד דעמלט ארויסגעטראָטנ אינ מינסק. אלס קלאל, נעמט מענ אָנ אינ טעאטער מענטשנ, וועלכע האָבנ שוינ ספּעציעלע בילדונג. בא קליאַנסקענ איז קיינ טעאטראלע בילדונג ניט געווענ. בא איר איז אָבער געווענ א גרויסער ווילנ צו ארבעטנ אפ דער בינע, אונ אָט איז שוינ זיבנ יאָר, ווי זי איז אַנ אָרטיסטקע פונעמ יידישנ טעאטער.

ווי באוווסט, פארנעמט די כאָרעאָגראפיע א וויכטיקנ אָרט אינ דער שאפונג פונעמ טעאטער, אונ קליאַנסקע איז פארנומענ קימאט אינ אלע ספּעקטאקלענ. זי שפּילט ראָלנ פונ דערוואקסענע אונ קינדער, זאָגט זיכ ניט אָפּ פונ אנטייל אינ מאסנ־סצענעס.

**א. גערצבערג.**

**אפנ בילד: א. קליאַנסקע.**



אלעקסאנדרע אײַכענוואלד

געבוירן געוואָרן אין 1957 אין מאָסקווע. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן. אווטאָר פון א ריי ווערק. ארבעט אין אינסטיטוט פאַר מיזרעך־קענטעניש. וווינט אין מאָסקווע.

# די אויספאָרעמונג פונעם הײַנטצײַטיקן איווריט אַלס שפּראַך־עקספּערימענט

דער הײַנטצײַטיקער איווריט איז ניט קיין פּראָדוקט פון א נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פון דער אוראַלטער העברעיִשער שפּראַך. ער איז קינסטלעך ווידער אופגעשטעלט געוואָרן אפן סמאַך פון דער שפּראַך פון אוראַלטע און מיטלאַלטערלעכע שריפטלעכע דענקמעלער. גענעטיש איז דער הײַנטצײַטיקער איווריט, פונקט ווי די אוראַלטע העברעיִשע שפּראַך, א גליד פון דער קאַנאַאַנעיִש־אַמאָרעיִשער סובגרופּע פון דער צאָפן־צענטראַלער גרופּע סעמיטישע שפּראַכן.

ס׳איז אָנגענומען די פאָלגנדע פּעריאָדיזאַציע פון דער אוראַלטער העברעיִשער שפּראַך:

**א.** טאַנאַך־העברעיִש: 1. דאָס פריִע טאַנאַך־לאָשן (פון דעם 14־טן יה. פאַר אונדזער ערע ביזן סאָף 6־טן יה. פאַר אונדזער ערע). הויפּט־דענקמעלער: די טוירע, די נעוויִים יעשײַאָהו, ייִרמעיאָהו, יעכעזקל און אנד. 2. דאָס שפּעטע טאַנאַך־לאָשן (5־טער יה. פאַר אונדזער ערע — 1־טער יה. פאַר אונדזער ערע). הויפּט־דענקמעלער: טהילים, שיר־האַשירים, איִעוו, עזראָ, מעגילאַס־עסטער, נעכעמיע, דאַניִעל, דיוורײ־האַיאָמים.

**ב.** מישנע־העברעיִש: 1. דאָס לאָשן פון דער טאַנאַיִם־טקופע (2־טער יה. פאַר אונדזער ערע — 2־טער יה. פון אונדזער ערע). די הויפּט־דענקמעלער: מישנע, האַלאָכע. די שפּראַך פון דעם דאָזיקן פּעריאָד איז נאָך א גערעדטע, ניט געקוקט אף דער פאַרשפּרייטער העברעיִש־אַראַמעיִשער צווייִשפּראַכיקײַט. 2. דאָס לאָשן פון דער אָמוראָיִם־טקופע (3־טער יה. פון אונדזער ערע — 6־טער יה. פון אונדזער ערע). די הויפּט־דענקמעלער: טאַלמוד באַוולי, טאַלמוד יערושאַלמי, מעדראָשים. גראָד אינעם דאָזיקן פּעריאָד הערט העברעיִש ענדלעך אוף צו זײַן א גערעדטע שפּראַך.

**ג.** די מיטלאַלטערלעכע העברעיִשע שפּראַך (6־טער יה. פון אונדזער ערע — 18־טער יה. פון אונדזער ערע). דאָס איז געווען דאָס לאָשן פון דער עמונע און פון דער ליטעראַטור, אף וועלכן מע האָט געשריבן קאָמענטאַרן פונעם טאַנאַך און צום טאַלמוד, ראַבאָנישע רעספּאָנסן, פילאָסאָפישע און גראַמאַטישע טראַקטאַטן, פּאָעטישע ווערק (ביז צום אָנהייב פונעם 16־טן יה.), קאַבאַלע־ווערק.

פאַר די ייִדן איז, וואַרשײַנלעך, שוין זינט דער טקופע פונעם גאָלעס־באָוול (6־טער יה. פאַר אונדזער ערע) געווען כאַראַקטעריסטיש א פילשפּראַכיקײַט. אָנהייבנדיק פונעם 5־טן יה. פאַר אונדזער ערע גייען בעהאַדראָגעדיק איבער די פונקציעס פונעם אומגאַנגלאָשן בא די ייִדן אין ערעץ־ייִסראָעל און אין מעסאָפּאָטאַמיע צו אַראַמעיִש. אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער נײַער ערע פאַרלירט העברעיִש פולקום זײַן גערעדטע פאָרם. אָנהייבנדיק פון דער צווייטער העלפט פונעם 1־טן יאָרהונדערט פון אונדזער ערע, איז פאַר העברעיִש כאַראַקטעריסטיש דאָס פונקציאָנירן אין זייער באַגרענעצטע ספערן (עמונע, ליטע-

ראַטור). עס האָבן זיך אויסגעפורעמט פאַרשיידנאַרטיקע יידישע אידעס (ספאַרדים, אשקענאַזים אאַוו). יעדע פון זיי האָט געהאַט אַן אייגן אומגאַנג־לשון. אַף וויפל דאָס פאַרמירן דעם הייַנטצייַטיקן איוורית איז פאַרבונדן איבערהויפּט מיט דער אשקענאַזישער אידע, וועלן מיר דאָ וויַיטער פאַרשטיין אונטערן באַגריף יידן בלויז אשקענאַזים (כּוץ ספּעציעל אָפּגערעדטע פאַלן).

אין 18־טן יה. איז אין העסקעם מיט די רעליגיעזע מינהאָגים פאַרפירט געוואָרן, אַז אָבליגאַטאָריש זיך לערנען לייענען און פאַרשטיין העברעיִשע עמונע־טעקסטן האָבן געמוזט נאָר מאַנצבלען. דעריבער האָט די מערהייַט פרויען אינגאַנצן ניט געקענט לאַשנקוידעש. די איינציקע שפּראַך פונעם מינדלעכן פאַרקער איז געווען יידיש. קיין אָרגאַניש וועלטלעכע ליטעראַטור האָט דעמלט פאַקטיש ניט עקזיסטירט נישט אַף העברעיִש, נישט אַף יידיש. און דאָך, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס העברעיִש פלעגן אויסנוצן פראַקטיש בלויז מאַנצבלען און דערצו נאָך איבערהויפּט אין רעליגיעזע איניאָנים און אין אַלע אַנדערע ספערן איז דאָס מיטל פאַר קאָמוניקאַציע געווען יידיש, איז אינעם באַוווסטזייַן פון דער יידישער קעהילע די פּריווילעגירטע שפּראַך פון די יידן געווען דאַפקע העברעיִש, און יידיש פלעגט מען האַלטן פאַר אַ „זשאַרגאָן”.

אין די 70־ער יאָרן פונעם 18־טן יאָרהונדערט איז אַלס רעאַקציע אַף דער פאַרשלאָסנקייַט פונעם יידישן שטייגער און קולטור אויפגעקומען אַ נייַע באַוועגונג — די האַסקאָלע, וועלכע איז געווען באַווירקט פון דער אַלגעמיינער אייראָפּעיִשער אויפקלערונג. דער גרינדער פון אָט דער באַוועגונג איז געווען מוישע מענדעלסאָן. אין דער פּראָגראַם פון דער האַסקאָלע איז, צווישן אַנדערס, אַרייַן דאָס אויפלעבן די העברעיִשע שפּראַך ווי אַ ליטעראַריש לאָשן, זי זאָל דינען דער וועלטלעכער ליטעראַטור און קולטור. דערבייַ האָט מען געהאַלטן העברעיִש פאַר אַ לעבעדיק לאָשן, וואָס כאַפּט פּאַשעט ניט אַרום אַלע ספערן פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די אויפגאַבע פונעם שפּראַך־ווידערגעבורט, פלעגן דעקלאַרירן די מאַסקילים, איז דאָס פּראָסטע, מעכאַנישע פאַרשפּרייטן די שפּראַך אין די ספערן, ווו זי האָט דאַן ניט פונקציִאָנירט.

אין אָנהייב פונעם 19־טן יה. האָבן זיך אין דער האַסקאָלע־באַוועגונג אויסגעפורעמט צוויי הויפּט־שטראָמען — דער „קאָסמאָפּאָליטישער” און דער „קאָנסאָלידירנדיקער”. די פאָרשטייער פון דער „קאָסמאָפּאָליטישער” (אַסימיליאַטאָרישער) ריכטונג זייַנען אַרויסגעטראָטן פאַר אַ פולן צונויפגוס פון די יידן מיט דער קולטור און מיטן אָרט לעבן פון די אַרומיקע פעלקער, קוידעמקאָל — מיט די דייַטשן (ווייַל דער הויפּט־צענטער פון דער האַסקאָלע האָט זיך געפונען אין דייַטשלאַנד). די פאַרשטייער פון דער „קאָנסאָלידירנדיקער” ריכטונג האָבן זיך צעטיילט אַף צוויי שטראָמען: איינציקע זייַנען אַרויסגעטראָטן פאַר דער קאָנסאָלידאַציע אַפן יעסאָד פון דער ביבלישער קולטור און שפּראַך, אַנדערע האָבן גערופן צו פאַרוואַנדלען יידיש פון אַ שטייגעריש מינדלעכן לאָשן אין אַ ליטעראַרישער שפּראַך. דעמלט זייַנען געשטעלט געוואָרן די ערשטע טריט פון דער הייַנטצייַטיקער יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור. עס באַווייַזן זיך מערערע פּעריִאָדישע אויסגאַבעס אין העברעיִש: דער זשורנאַל „פּירכיי צאָפן” (ווילנע, 1841—1844), די צייַטונג „האַקאַרמעל” (וואַרשע, 1860—1880) און אַנד.

די טעטיקייַט פון אַזעלכע ליטעראַטן ווי אַווראָם־בער לעווינזאָן, יעהודע־לייב גאָרדאָן, אַווראָם מאַפּו און אַנד. האָט באַוויזן די פּרינציפּיעלע מעגלעכקייַט אויסצונוצן העברעיִש אַלס שפּראַך פון דער וועלטלעכער ליטעראַטור. אָבער אין טאָך גענומען, האָט די סטיכייִשע פאַרייניקונג פון די עלעמענטן פון דעם טאַנאַך־, מישנע־ און מיטלאַלטער־העברעיִש, ווי אויך דאָס מעכאַנישע אויסנוצן די רעליגיעזע סטיליסטישע סיסטעם אין ווערק פון פאַרשיידענע זשאַנרען (אַ פּרווו אָפּצוהיטן די ריינקייַט פון דעם טאַנאַך־לאָשן), ניט געבראַכט די רעזולטאַטן, אַף וועלכע מע האָט געוואַרט. די שפּראַך פון דער וועלטלעכער היסטאָרישער ליטעראַטור פון יענער טקופע האָט באַקומען די אָפּשאַצונג פון „מעליצע” מיט אַ נעגאַטיוון בייַטאַם. און דאָך דאַרף מען אָפּמערקן, אַז איינציקע פון די אויפגעקומענע אַף אַזאַ אופן וואַריִאַנטן פון העברעיִש זייַנען שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן באַם שאַפן דעם ליטעראַרישן וואַריִאַנט פונעם הייַנטצייַטיקן איוורית (אַזוי, לעמאָשל, איז די שפּראַך פון די איבערזעצונגען פון מענדעלע מויכער־ספאָרימס דערציילונגען פון יידיש אַף העברעיִש, וועלכע ער אַליין האָט געמאַכט אין 1884, לויט דער אַלגעמיינער אָנערקענונג, געלייגט געוואָרן אין גרונט פון דער ליטעראַטור־שפּראַך פונעם הייַנטצייַטיקן איוורית).

סאָף 70־ער — אָנהייב 80־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט זייַנען געווען אַ פּעריִאָד פון שטורמישן אויפבלי פון קאָלערליי שפּראַך־עקספּערימענטן. עס זייַנען געשאַפן געוואָרן קינסטלעכע צווישנפעלקערלעכע קאָנסאָלידירנדיקע שפּראַכן אַפן סמאַך פון פולקום אויסגעטראַכטע (אַפּריִאָרנע) סיסטעמען אָדער אַפן יעסאָד פון פאַרפּראָסטעטע באַוווסטע נאַ-

טירלעכע שפּראַכן (אַפּאָסטעריאָרנע סיסטע-
מען). אין דער זעלבער צײַט איז געשטיגן דער אינטערעס צו פּאַזיגראַפיעס — קינסטלעכע שפּראַכן פון אַזאַ מין, ווי די יאַם-קאַדן, ווי דער מאַרזע-אַלפעבייס אדג.

בלויז אין משך פון 1880 יאָר זײַנען פאַרגעלייגט געוואָרן 10 פּראָיעקטן פון קינסט-לעכע צווישנפעלקערלעכע שפּראַכן. איינצײַ-טיק מאַכט מען פּרוּוון „אופצולעבן" טויטע שפּראַכן און אויסנוצן זיי אַלס צווישנפעלקער-לעכע. ס'איז ניט געווען קיין מאַנגל אין באַ-נײַטע וואַריאַנטן פון לאַטײַן, אַלט-גריכיש און אַפילע העברעיִש.

א געוויסן דערפאָלג האָט געהאַט די קינסט-לעכע צווישנפעלקערלעכע שפּראַך עספּעראַנ-טאָ, וועלכע ס'האָט געשאַפן אין 1887 דער ביאַליסטאָקער דאָקטער לודוויג-לייזער זאַ-מענהאָף. זי האָט ביז איצט ניט ווייניק רעדנער אין פאַרשיידענע עקן פון דער וועלט.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו דער אַנט-וויקלונג פונעם הײַנטצײַטיקן איוריט. עליעזער בען-יעהודע (לייזער פּערלמאַן), אַן אָפּ-שטאַמיקער פון ליטע, דער אויטאָר פונעם ברייט-באַוווּסטן אַרטיקל „שאלה הניכבדה" („די ברענענדיקע פראַגע"), וואָס איז פאַר-עפנטלעכט געוואָרן אינעם ווינער זשורנאַל „השאכאר" און האָט גערופן צו אופלעבן די מינדלעכע פונקציעס פון העברעיִש, איז אין 1881 געקומען קיין ירושלאַיִם און אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין דער דאָרטיקער העברעיִשער פּרעסע. ער האָט פּאַנאַנדערגעוויקלט אַ קאַמף פאַרן פאַרוואַנדלען העברעיִש אין דער מינד-לעכער און אין דער בילדונגס-שפּראַך פאַר די פּאַלעסטינער ייִדן (דערבײַ האָט ער אין אַ געוויסער מאָס אויסגענוצט די שוואַך אָפּגע-היטע שוין אין פּאַלעסטינע טראַדיציע אויס-צונוצן אַ מין „מאַרק-העברעיִש" צוליב מינד-לעכן פאַרקער פון פאַרשיידענע ייִדישע איי-דעס). אין דער מישפּאָכע פון ע. בען-יעהודע האָט מען גערעדט אויסשליסלעך העברעיִש, און זײַן עלטערער זון איטאַמאַר, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין 1884, איז געווען דאָס ערשטע פאַר די לעצטע אָנדערהאַלבן טויזנט יאָר קינד, וועמענס ערשטע שפּראַך איז גע-וואָרן העברעיִש.

צום 1890 איז אַדאַנק די באַמיִונגען פון ע. בען-יעהודע און זײַנע אָנהענגער אָרגאַני-זירט געוואָרן אַ נעץ קינדער-שולן מיט אונ-טעריכטונג אויף העברעיִש. אין 1889 איז גע-גרינדעט געוואָרן די „געזעלשאַפט פון דער העברעיִשער שפּראַך" (זינט 1890 — אַ קאָ-מיטעט). אינגיכן איז די טעטיקייט פונעם קאָ-מיטעט איבערגעריסן געוואָרן, נאָר ע. בען-יעהודע האָט פאָרגעזעצט זײַן רעפאָרמאַטאָ-רישע אַרבעט, פּובליקירנדיק רעגולער רעשי-מעס פון נײַע ווערטער און מאַטעריאַלן וועגן זיי.

אין 1904 האָט זיך ווידער באַנײַט די טע-טיקייט פונעם קאָמיטעט פון דער העברעיִשער שפּראַך. דאָס איז געוואָרן דער גרונט-אָרגאַן פאַר רעגלאַמענטירן און בויען דעם הײַנטצײַ-טיקן איוריט. אין 1908 איז ע. בען-יעהודע צוגעטראָטן צום אַרויסגעבן זײַן 16-בענדיקן ווערטערבוך פון העברעיִש.

צו *1912—1913* זײַנען די פּאָזיציעס פון איוריט אַלס מינדלעכע שפּראַך פון די פּאַ-לעסטינער ייִדן געווען שוין גאַנץ פעסטע. אַ פּרוּוו אונטערצורײַסן אַזאַ סטאַטוס פון איוריט איז פאָרגעקומען געוואָרן בעשאַס דער אַזוי-גערופענער „מילכאָמע פון לעשוינעס" אין 1912—1914, ווען אין רעזולטאַט פון אַן עמיגראַציע-כוואַליע פון דײַטשישע ייִדן קיין פּאַלעסטינע איז צווישן זיי אויפגעקומען אַ שטרעבונג צו פאַרבײַטן איוריט אין פּאַלעס-טינע מיט דײַטש. אַזאַ טענדענץ האָט אַרויס-גערופן אַן אויפגעבראַכטקייט אין דער סוויווע פון די גרינדער פונעם הײַנטצײַטיקן איוריט. דער „דײַטשמעריזאַטאָרישער" שטראָם איז גע-שטילט און באַזײַטיקט געוואָרן מיטן אָנהייב פון דער ערשטער וועלט-מילכאָמע.

אין 1918 איז פּאַלעסטינע געוואָרן אַ מאַנ-דאַט-טעריטאָריע פון גרויסבריטאַניע, און אין 1920 האָט מען דעם הײַנטצײַטיקן איוריט אָנערקענט אַלס איינע פון די דרײַ אָפיציעלע שפּראַכן אין פּאַלעסטינע, באַנאַנד מיט אַראַ-ביש און ענגליש. נאָך דער צווייטער וועלט-מילכאָמע און דעם פּראָקלאַמירן די אומאָפּ-הענגיקע מעדינאַס-ייִסראָעל איז איוריט, צו-זאַמען מיט אַראַביש, געוואָרן די מעלוכע-שפּראַך. דער קאָמיטעט פון דער העברעיִשער שפּראַך איז אין 1953 רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין דער „אַקאַדעמיע פון דער העברעיִשער שפּראַך", און זי זעצט פאָר אַדהײַנט פונקציאָ-נירן אַלס הויפּט-אָרגאַן אויף רעגולירן די פּראָ-צעסן פון דער שפּראַך-בויונג אין ייִסראָעל.

אַזאַ איז געווען די היסטאָרישע קאַנווע פו-נעם ווידערגעבורט, פּינקטלעכער — ווידער-שאַפונג פונעם הײַנטצײַטיקן איוריט.

אין פּראַט פון מאָרפאָלאָגיע און סינטאַקסיס איז דער הײַנטצײַטיקער איוריט פאַרטראַכט געוואָרן אַלס ריין אַפּאָסטעריאָרנע שפּראַך-סיסטעם. די הויפּט-פּראָבלעמען, וואָס זײַנען אויפגעקומען באַם ווידערשאַפן איוריט, זײַנען געווען:

א. די פּראָבלעם פונעם אויסקלײַבן די פּאָ-נעטישע סיסטעם.

ב. די פּראָבלעם פון שאַפן נײַע לעקסיק.

די פאָנעטישע סיסטעם, אויף וועלכער ס׳האָט זיך אָנגעשפאַרט ע. בען-יעהודע, איז איבערהויפּט די סיסטעם פון דער ספאַרדישער אויסשפּראַך (פאַר דער דאָזיקער סיסטעם איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער „ת״ לייענט זיך נאָר ווי „ט״ און קיינמאָל ניט ווי „ס״, דער „קאָמעץ״ לייענט זיך דאַסראָוו אַלס „אַ״ און אויך אַ ריי אַנדערע אייגנשאַפטן). ווי עס מערקן אָפּ אַ סאַך פאָרשער פונעם היינטצייטיקן איוורית, איז די דאָזיקע שפּראַך פּאַקטיש גרינטלעך באַווירקט געוואָרן פונעם אשכנזישן (ייִדישן) סובסטראַט. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף די אַקצענטן, אינטאָנאַציעס אאַוו. אַלס האַנטשריפט פונעם היינטצייטיקן איוורית איז אויסגעקליבן געוואָרן דער אשכנזישער וואַריאַנט.

דאָס שאַפן די לעקסיק פונעם היינטצייטיקן איוורית איז געגאַנגען איבער די פאָלגנדיקע וועגן (וועלכע האָבן אַ דירעקטע שייכות מיטן שאַפן די לעקסיק פאַר קינסטלעכע — אַפּאָסטעריאָרנע — שפּראַכן):

א. דורך צוגעבן מיט אַ פרייען אויסוואַל די אָדער יענע סעמאַנטיק (באַדייטונג) צו אַ וואָרט, וואָס איז רעאַל אָפּגעמערקט אין די אוראַלטע העברעיִשע דענקמעלער. למשל, „אבץ״ באַצייכנט אין טאַנאַך אַן אומבאַוווּסטן מעטאַל און אינעם היינטצייטיקן איוורית — צינק.

ב. דורך פאַרברייטערן די באַדייטונג פון אַ וואָרט. למשל, „בקרת״ — אין טאַנאַך „שטראָף״ און אינעם היינטצייטיקן איוורית — „קריטיק״.

ג. דורך אַ „פאָרמעלער אינאָוואַציע, דה. דורך צונויפפאָרן אַן אוראַלטן העברעיִשן שוירעש מיט אַ וואָרטשאַפונגס-מאָדעל, מיט וועלכער אין דער אוראַלטער העברעיִשער שפּראַך ווערט דער שוירעש ניט צונויפגעפאָרט. אַזוי איז, אַשטייגער, געשאַפן געוואָרן דאָס וואָרט „קידמה״ — „פּראָגרעס״ — פונעם שוירעש „קדם״ — „זיין פאָרויס״.

דער באַשלוס מיקויעך שאַפן און אַריינברענגען אין געברויך אַזעלכע ווערטער, זיינען ניט זעלטן אָנגענומען געוואָרן אַליין פון ע. בען-יעהודען, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן אַלס עקספּערימענטאַטאָר-שעפער פון דער שפּראַך. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט איינמאָל ע. בען-יעהודע פאָרגעלייגט אויף אַ זיצונג פונעם קאָמיטעט פון דער העברעיִשער שפּראַך אָנצורופן אַ פּיסטאָלעט „אקדח״ אויף דעם סמאַך, וואָס דער שוירעש „קדח״ אַנטשפּרעכט אין זיינע באַדייטונגען „דורכשטעכן״ און „ברענען״, וואָס עס איז נאָענט צו די פונקציעס פון אַ פּיסטאָלעט. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט זיך טאַקע פאַרפעסטיקט אין אַזאַ באַדייטונג. צומאָל האָט ע. בען-יעהודע געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זיינע אינאָוואַציעס. אַזוי איז געשען מיטן וואָרט „קלף״ — „קאַרטל״, ווייל עס האָט געקלונגען (אָמאָנימיש) ווי דאָס וואָרט „כלב״ — „הונט״.

אינעם אָננעמען די אָדער יענע אינאָוואַציעס האָבן געקאָנט מיטהעלפן אַנדערע שפּראַכן. למשל, אין פאַל מיטן וואָרט „חשמל״ — „עלעקטרע״ האָבן די ראָליע פון שפּראַך-פאַר-מיטלער געשפּילט לאַטיין און גריכיש, אין וועלכע דער אוראַלטער העברעיִשער „חשמל״ (צונויפגוס פון גאָלד און זילבער) אַנטשפּרעכט דעם לאַטייניש „עלעקטרום״ און דעם גריכישן „עלעקטראָן״.

ד. דורך קאַלקירן. למשל, „אב-מים״ — „הידראָגען״ (בוכשטעבלעך — דער פאָטער פון דער וואַסער), „עתון״ — „צייטונג״ פונעם וואָרט „עת״ — „צייט״, אַזוי ווי אין ייִדיש. אייניקע אינאָוואַציעס זיינען שפּעטער אַרויס פונעם געברויך. למשל, דאָס וואָרט „מכללה״ (אוניווערסיטעט) איז געוועזן פאַרביטן מיטן וואָרט „אוניברסיטה״.

ה. דורך אַריינפירן קלאַנג-אימיטאַציעס. למשל, „פטפט״ — פּלאַפּלען.

אַזויאַרום קאָן מען אָפּמערקן, אַז די וואָרצלען פון דער דערפאָלגרייכער אַנטוויקלונג פונעם היינטצייטיקן איוורית און פון זיין פאַרוואַנדלונג אין דער איקערדיקער מינדלעכער און ליטעראַרישער שפּראַך פון די ייִסראָעלדיקע ייִדן ליגן אין אַ דערפאָלגרייכן שפּראַך-עקספּערימענט, דעם איינציקן, ווי עס שטעלט זיך פאָר, דערפאָלגרייכן שפּראַך-עקספּערימענט פון אַזאַ מאַסשטאַב.





## א ל א   מ א ר ק א ָ ו ו ע

אלא מאַרקאָווע איז געבוירן געוואָרן אין 1959 אין לענינגראַד. אין 1981 פאַרענדיקט די שפּאַנישע אָפּטיילונג פונעם פאַקולטעט פון אויסלענדישע שפּראַכן באַם לענינגראַדער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אף א. אי. הערצענס נאָמען. אַרבעט אַלס לערערן פון אויסלענדישע שפּראַכן אין א קולטור-הויז. וווינט אין לענינגראַד.

# אין דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביבליאָטעק

אין דעקאַבער-נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן פאַריקן יאָר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אינטערוויו מיטן פאַרוואַלטער פונעם ייִדישן און העברעיִשן סעקטאָרן פון דער מעלוכע-ביבליאָטעק אף לענינס נאָמען אין מאָסקווע לייב דאַגאָוויטש. כ'מיין, אַז עס איז אינטערעסאַנט אינקורצן צו דערציילן די לייענער פונעם זשורנאַל וועגן די זעלבע פאָנדן אין דער מעלוכישער עפנטלעכער ביבליאָטעק אף סאַלטיקאָוו-שטשעדרינס נאָמען אין לענינגראַד.

באַקענען זיך מיט די פאָנדן האָבן מיר געהאָלפן יורי וואָרטאַנאָוו, וועלכער פאַרוואַלטעט מיט זיי אין מעשעך פון די לעצטע זעקס יאָר, און דער גוט באַקאַנטער בא די לייענער פונעם זשורנאַל לייב ווילסקער, וואָס האָט אָפּגעאַרבעט אף דעם דאָזיקן אָרט העכער דרײַסיק יאָר.

דער געדרוקטער ייִדיש-העברעיִשער פאָנד געפינט זיך אינעם אָפּטייל פון דער ליטעראַטור אף די לעשוינעס פון אַזיע און אַפריקע און באַשטייט פון קימאַט 20 טויזנט ביכער אף איוורית און העכער 21 טויזנט — אף ייִדיש. אין דעם פאָנד גייט אַרײַן אויך די ליטעראַטור אף אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן (כוץ אַראַביש), אף די שפּראַכן, וועלכע נוצן דעם ייִדישן אַלעפבייס: ייִדיש-פּערסישער (טאַדזשיקישער), ייִדיש-אַראַבישער, לאַדינאָ (ספּאַרדישער) אאַ.

אין ייִדישן פאָנד פונעם אָפּטייל פון דער ליטעראַטור פון די לענדער פון אַזיע און אַפריקע געפינען זיך נאָר געדרוקטע מאַטעריאַלן (ביכער, זשורנאַלן, צײַטונגען), אָנגעהויבן פון XVI יאָרהונדערט. די ביכער, וואָס זײַנען געדרוקט ביזן 1501 (אינקונאַבולן), ווערן אָפּגעהיט אינעם לענינגראַדער אינסטיטוט פאַר מיזרעכקענטעניש בא דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פון פססר.

דער ייִדישער פאָנד פאַרמאָגט ליטעראַטור אין אַלע געביטן פונעם וויסן, נאָר אַזיוויי די ביכער זײַנען צעשטעלט לויט דעם פאָרמאַט, קאָן טרעפן, אַז די ליטעראַטור אף פאַרשיידענער טעמאַטיק שטייט בישכיינעס. צווישן פילצאָליקע אויסגאַבעס פונעם טאַנאַך און טאַלמוד טרעפן זיך עמעסע שעדעווערס פון פּאָליגראַפישער קונסט, ביכער-גיגאַנטן און מיניאַטיורנע ביכעלעך.

די ביבליאָטעק פאַרמאָגט איינע פון די גרעסטע זאַמלונגען פון דער פאָר-רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור אף ייִדיש און העברעיִש. אין דער אימפּעראַטאָרישער עפנטלעכער ביבליאָטעק פלעג אָנקומען אַן אָבליגאַטאָרישער עקזעמפּליאַר פון יעדן אַרויסגעגעבענעם אין רוסלאַנד בוך. אַזאַ עקזעמפּליאַר קומט אָן אויך איצט. די קאָלעקציע ווערט דערגאַנצט, אויסער דעם, אפן כעזשבן פון מאַטאָנעס, פונעם אויסטויש מיט אַנדערע ביבליאָטעקן און פון אײַנקויפן ביכער בא די אײַנוווינער פון לענינגראַד און אַנדערע שטעט.

ווי עס מערקט אָפּ דער איצטיקער היטער פונעם פאָנד, האָבן פאַר די לעצטע יאָרן זיך געביטן די באַזוכער פונעם לייענזאַל. אויב אין די ערשטע יאָרן פון זײַן אַרבעט, זאָגט דער כאַווער וואָרטאַנאָוו, זײַנען די מערהײַט לייענער געווען באַיאָרטע מענטשן, זעט מען איצט מערסטנטייל יונגעלײַט, פיל פון וועלכע עס קומען אין לייענזאַל לערנען די שפּראַך.

## מארק קופּאָוועצקי



געבוירן געוואָרן אין 1955 אין מאָסקווע. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישן אינסטיטוט. אַרבעט אין מעלוכע־קאָמיטעט פאַר קינעמאַטאָגראַפיע. מיטגליד פון דער אַלפאַרבאַנדישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט. וווינט אין מאָסקווע.

# אייניקע אָנגאַבן וועגן ייִדן אין לעטלאַנד און עסטלאַנד

ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אויף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פון לעטלאַנד אין דער צווייטער העלפט פונעם 16-טן יה. דאָסדראָוו זײַנען זיי געווען אָפּשטאַמיקע פון צאָפּן-מיזרעכדיקע וואָיעוואָדסטוועס פונעם דעמאָלטיקן פוילן, דה. פון דער איצטיקער ליטע. א טייל מיגראַנטן איז געקומען פון די צאָפּן-מיזרעכדיקע, בײַיאַמישע ראַיאָנען פון דײַטשלאַנד. ביז צו דער מיט פונעם 17-טן יה. איז די דאָזיקע ייִדישע באַפעלקערונג געווען ביז גאָר קליינצאָליק, וואָרעם לעטלאַנד איז אין יענע יאָרן געלעגן אין א זײַט פון די גרונט-וועגן פון דער ייִדישער מיגראַציע אין מיזרעך-אייראָפּע. אָבער אין דער צווייטער העלפט פונעם 17-טן יה. מערקט זיך שוין א היפּשער צוווּקס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אין דער געגנט פון לעטלאַנד, וועלכע רופט זיך ליפלאַנד און וואָס האָט זיך ביזן אָנהייב פונעם 18-טן יה. געפונען אונטערן קאָנטראָל פון די שוועדן, האָבן די ייִדן אָנגעהויבן זיך באַזעצן ערשט אין דער צווייטער העלפט פונעם 18-טן יה., דה. שוין נאָך דעם, ווי דער דאָזיקער שטעטל איז אַרײַן אין באַשטאַנד פון רוסלאַנד. אין לעצטן פערטל פונעם 18-טן יה., נאָכן אַרײַנגיין פון די אַנדערע געגנטן — לאַטגאַליע און קורלאַנד — אין באַשטאַנד פון רוסלאַנד, איז דאָרט אויך היפּש גרעסער געוואָרן די מיגראַציע פון די ייִדן. אַזוי ווי פריער, זײַנען אין אָט די געגנטן דאַסראָוו איבערוואַנדערער געווען אָפּשטאַמיקע פון די ליטוויש-ווײַסרוסישע גובערניעס.

אין דער דעמאָגראַפישער געשיכטע פון לעטלאַנד איז דער פּעריאָד פון סאָף 18-טן יה. — אָנהייב 19-טן יה. כאַראַקטעריסטיש מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער אורבאַניזאַציע, וואָס עס איז געווען פאַרבונדן סײַ מיט סאָציאַל-עקאָנאָמישע סיבעס, סײַ מיט דער אָפּווירקונג פון מעלוכישע מאָסמיטלען. אין 19-טן יה., ניט געקוקט דערויף, וואָס ליפלאַנד און קורלאַנד זײַנען ניט אַרײַן אין טכום-האַמוישעוו, איז אויף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פון לעטלאַנד אָפּגעמערקט געוואָרן אַן אינטענסיווער וווּקס-טעמפּ פון דער צאָל ייִדן. פאַרבונדן איז דאָס קודעמקאָל מיטן הויכן ניוואָ פונעם נאַטירלעכן צוווּקס.

א טייל פון דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון די אַזויגערופענע ניקאָלײַעווער סאָלדאַטן — די אויסגעדינטע אָדער זייערע קינדער און קינדס קינדער.

צום אָנהייב פון דער ערשטער וועלט-מילכאָמע זײַנען אין עסטלאַנד געווען אַן ערך זעקס טויזנט ייִדן און אין לעטלאַנד אַן ערך 178 טויזנט. לאָמיר פאַרגלײַכן: אין דער מיט פון די 60-ער יאָרן פונעם 18-טן יה. האָט לעטלאַנד געציילט קאָרעוו 5 טויזנט ייִדן, אין 1797 יאָר — 13,3 טויזנט, אין 1858 — 39,2 טויזנט, אין 1897 — 141 טויזנט; אין עסטלאַנד: אין 1858 יאָר — 500 ייִדן, אין 1897 — 5 טויזנט.[1] אויף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פון לעטלאַנד האָט דער ציילעק פון די ייִדן באַטראָפן: אין 1766 יאָר —

---

[1] דאָ און ווײַטער — מער גענוי וועגן דער דעמאָגראַפישער געשיכטע פון די ייִדן אין לעטלאַנד און עסטלאַנד זע: Куповецкий М. С. Еврейское население Латвии и Эстонии в XIV— первой половине XX в. (Опыт этнодемографического исследования). — В кн.: Малые и дисперсные группы в Европейской части СССР, М., 1985, с. 70—83.

0,9%, אין 1797 — 1,8%, אין 1897 — 7,4%, אין 1913 — 7,0%; אַף דער איצטיקער טעריטאָריע פֿון עסטלאַנד: אין 1858 0,1%, אין 1897 — 0,5%, אין 1913 — 0,5%. דער כײלעק פֿון די שטאָט-אײַנוווינער צווישן די ייִדן פֿון לעטלאַנד האָט זיך פֿאַרגרעסערט פֿון 34% אין 1766 יאָר ביז 70,3% אין 1897 יאָר. אין עסטלאַנד איז דער זעלבער צײַגער אין מעשעך פֿון דעם גאַנצן 19-טן יה. געבליבן זייער אַ סטאַבילער: פֿון 99% אין 1858 ביז 94,1% אין 1897.

די ייִדישע באַפֿעלקערונג, וואָס האָט געוווינט אַף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פֿון לעטלאַנד און עסטלאַנד אין סאָף 19-טן — אָנהייב 20-טן יה., איז באַשטאַנען פֿון צוויי גרופּעס, העכסט פֿאַרשיידענע לויט זייער עטנאָקולטורעלן אָנבליק. אין דער קורלענדישער, ליפֿלענדישער און עסטלענדישער גובערניעס האָבן געוווינט די אַזוי־גערופֿענע „קורלענדער", וואָס זײַנען שפּעטער באַוווּסט געוואָרן ווי „בײַבאַלטישע ייִדן". און לאַטגאַליע, וועלכע איז דעמלט אַרײַנגעגאַן אין באַשטאַנד פֿון דער וויטעבסקער גובערניע, האָבן געוווינט די „ליטוואַקעס", עטנאָגראַפֿיש זייער נאָענטע צו די ייִדן פֿון די ליטוויש-ווײַסרוסישע גובערניעס.

די קורלענדער האָבן פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונדערע עטנאָגראַפֿישע גרופּע צווישן די מיזרעך-אייראָפּעיִשע אַשקענאַזים, אָן ענלעכע לויט אייניקע פּראַטים אַף די אַשקענאַזים פֿון צענטראַל-אייראָפּע. די סיבעס פֿון אַזאַ נאָענטקײַט דאַרף מען זוכן סײַ אין דער געשיכטע פֿון דער אויסבילדונג פֿון דער אָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג, סײַ אין דער אייגנאַרטיקײַט פֿונעם עטנאָקולטורעלן מיקראָקלימאַט, וואָס האָט זיך געשאַפֿן אין דעם דאָזיקן רעגיִאָן נאָך אין דער עפּאָכע פֿונעם שפּעטן מיטלאַלטער. מע דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז אַף דער באַפֿעלקערונג פֿון די דרײַ בײַבאַלטישע גובערניעס, און קודעמקאָל אַף איר שטאָטישן טייל, האָט אַ מאַמאָשעסדיקע האַשפּאָע געהאַט די דײַטשישע און זינט דער צווייטער העלפֿט פֿונעם 19-טן יה. אויך די רוסישע קולטור.

גערעדט האָבן די קורלענדישע ייִדן אַף אַ דײַטשמערישן דיִאַלעקט פֿון ייִדיש. אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם 19-טן יה. האָבן זיי טיילווײַז אָנגעהויבן איבערגיין אַף דײַטש, און פֿונעם סאָף 19-טן יה. — אויך אַף רוסיש. נעענטער צו דער מיט פֿון 19-טן יה. האָבן די קורלענדישע ייִדן אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרלוירן זייער עטנישע ספּעציפֿיק אויך אין דער מאַטעריעלער קולטור.

אינגאַנצן גענומען, איז פֿאַר די קורלענדער געווען כאַראַקטעריסטיש דער אומפֿאַרגלײַכלעך העכערער גראַד פֿון קולטורעלער נאָענטקײַט צו דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג, איידער בײַ די ליטוואַקעס. אין דער פֿאַרמירונג פֿון די דערמאָנטע עטנאָקולטורעלע אונטערשיידן צווישן די ליטוואַקעס און די קורלענדער, ווי מע קאָן זיך מעשאַער זײַן, האָט ניט קיין לעצטע ראָליע געשפּילט דער פֿאַקט, וואָס לאַטגאַליע, ווי אַ טייל פֿון דער וויטעבסקער גובערניע, איז אײַנגעשלאָסן געוואָרן אינעם טכום-האַמושעוו אין דער צײַט, ווען די בײַבאַלטישע גובערניעס זײַנען געבליבן אויסער דעם טכום.

בעשאַס דער ערשטער וועלט-מילכאָמע און דעם בירגערקריג איז די צאָל ייִדן פֿאַרקלענערט געוואָרן אין לעטלאַנד ביז 79,4 טויזנט נעפֿאָשעס (אין 1920) און אין עסטלאַנד ביז 4,4 טויזנט (אין 1922). פֿאַרבונדן איז עס געווען מיט דער גוואַלד-דעפּאָרטאַציע און עוואַקואַציע, מיט דער שאַרפֿער פֿאַרקלענערונג פֿונעם געבורט-ניוואָ און מיט דער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער שטערבלעכקײַט. און כאָטש אין אָנהייב פֿון די 20-ער יאָרן האָבן קאַרעוו 12,5 טויזנט דעפּאָרטירטע און בעזשענצעס זיך אומגעקערט אַף די אַלטע ערטער, איז טײַוווי די צאָל ייִדן פֿאַר די יאָרן 1913—1925 קלענער געוואָרן אַף 82,3 טויזנט אין לעטלאַנד און אַף 1,6 טויזנט אין עסטלאַנד.

נאָכן 1925 איז דער דאָזיקער פּראָצעס פֿאַרגעצעצט געוואָרן. דער עקאָנאָמישער קריזיס פֿונעם סאָף 20-ער — אָנהייב 30-ער יאָרן האָט אַרויסגערופֿן אַ היפּשע לויט אירע מאַסשטאַבן עמיגראַציע.

אין די 20-ער—30-ער יאָרן איז שטאַרקער געוואָרן די קאָנצענטראַציע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין די אַדמיניסטראַטיווע און הויפּט-עקאָנאָמישע צענטערס — ריגע און טאַלין. אין 1897 האָבן אין ריגע געוווינט 15,7 פּראָצ. לעטלענדישע ייִדן, אין 1920 — 31,2 פּראָצ., אין 1935 — 46,7 פּראָצ. דאָס זעלבע בילד זעען מיר אין טאַלין, וווּ אין 1897 האָבן געוווינט 24 פּראָצ. ייִדן פֿון עסטלאַנד, אין 1922 — 43,2 פּראָצ. און אין 1934 — 50 פּראָצ. אין דער מיט פֿון די 30-ער יאָרן האָבן אין די שטעט שוין געוווינט 92,6 פּראָצ. פֿון דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון לעטלאַנד, און אין עסטלאַנד האָבן אין די שטעט געוווינט 97,6 פּראָצ. פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. די קאָנצענטראַציע אין די גרויסע שטעט האָט באַגלייט מיט דער אָפּשוואַכונג פֿון דער רעליגיִעזקײַט געפֿירט צו אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער אַסימיליאַציע, ביפֿראַט — צו געמישטע הייראַטן.

אין צווישנמילכאָמעדיקן פּעריִאָד זײַנען

פאַרגעקומען באַשטימטע ענדערונגען אויך אינעם עטנאָקולטורעלן אַנבליק פון דער אַר־טיקער ייִדישער באַפעלקערונג. אַזוי, זײַנען אין א געווויסער מאָס צוגעגלעט געוואָרן די אונטערשיידן אין לעבנשטייגער און אין דער קולטור צווישן די ליטוואַקעס און די בײַבאַל־טישע ייִדן. פון דער אַנדערער זײַט, האָבן אָנגעהויבן נאָך דײַטלעכער זיך אַרויסווײַזן די אונטערשיידן צווישן די ייִדן פון לעטלאַנד און פון עסטלאַנד.

ערעוו דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן אין לעטלאַנד געלעבט 92 טויזנט ייִדן, אין עסטלאַנד — 4,3 טויזנט.

בעשאַס דער נאַציסטישער אָקופּאַציע זײַנען אין לעטלאַנד אומגעקומען 100 טויזנט ציווילע בירגער, דערין 85 טויזנט ייִדן. אין עסטלאַנד זײַנען צווישן די 60 טויזנט אומגעקומענע גע־ווען 1—1,5 טויזנט ייִדן. אַזויאַרום, זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אַרום 92 פּראָצ. ייִדן פון לעטלאַנד און א דריטל ייִדן פון עסטלאַנד. די קלענערע פאַרלוסטן צווישן ייִדן פון עסט־לאַנד דערקלערן זיך מיט דעם, וואָס א היפּ־שער טייל פון עסטלאַנדס טעריטאָריע (אײַנ־שליסנדיק טאַלין) איז אָקופּירט געוואָרן אין אָנהייב סעפּטעמבער 1941, דה. מיט צוויי כאַ־דאָשים נאָכן אָנהייב פון דער מילכאָמע, און פיל ייִדן האָבן באַוויזן אַרויספאָרן, בעשאַס לעטלאַנד האָבן די היטלעראָווצעס פאַרכאַפּט נאָך אין יונ—יול.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מילכאָמע זײַנען דאָסראָוו לעבנגעבליבענע ייִדן געקומען צוריק אין די היים־ערטער. דעם גרעסטן טייל אָבער פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער באַ־פעלקערונג אין לעטלאַנד און אין עסטלאַנד שטעלן צונויף נאָכמילכאָמעדיקע איבערוואַנ־דערער פון אַנדערע געביטן פון פססר. די ייִדן קאָנצענטרירן זיך איצט אין ריגע און אין טאַ־לין. כוץ דעם, האָבן אין לעטלאַנד מער אָדער ווייניקער באַדײַטנדיקע גרופּעס ייִדן זיך באַזעצט אין דאַוגאַווּפּילס, רעזעקנע, ליִעפּאַיע און יורמאַלע; אין עסטלאַנד — אין טאַרטו, נאַרווע, קאָכטלאַ־יאַרווע און פּיאַרנו.

לויט די אָנגאַבן פון א ספּעציעלער דעמאָ־גראַפישער פאָרשונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין לעטלאַנד אין סאָף פון די 60־ער יאָרן, איז די צאָל קינדער בא די כאַסענע גע־האַטע ייִדישע פרויען דורכשניטלעך גלײַך גע־ווען צו 1,16. בא די לעטן איז דער צײַגער געווען 1,41 און בא די רוסן — 1,37. נעמענ־דיק אין אַכט, אַז צוליב אײַנהיטן א סטאַבילן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג דאַרף דער צײַגער זײַן ניט קלענער פון 2,3, קאָן מען קו־מען צום אויספיר וועגן א טענדענץ צו א פאַר־קלענערונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. ענלעכע אויספירן באַקומען זיך אויך באַם אַנאַליז פון די לויפנדיקע סטאַטיסטישע אָנ־גאַבן (זע די טאַבעלע).

א שטאַרקע ווירקונג אַף דער דינאַמיק פון דער צאָל און פונעם באַשטאַנד, ווי אויך אַף דער עלטער־סטרוקטור פון די לעטלענדישע און עסטאָנישע ייִדן האָבן אויך די עטנישע פּראָצעסן, דעריקער — די אַסימילאַציע מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. א מעכטיקער פאַקטאָר פון דער אַסימילאַציע זײַנען די גע־מישטע הייראַטן. און כאָטש די צאָל פון די געמישטע כאַסענעס צווישן די ייִדן איז קלע־נער, איידער צווישן אַנדערע נײַגעזעסענע עט־נישע גרופּעס האָבן פונדעסטוועגן 34,9 פּראָצ. מאַנצבלען און 25,2 פּראָצ. פרויען אין 1959 אויסגעקליבן ניט קיין ייִדישע קאַלעס און כאַ־סאַנים און 44,6 פּראָצ. מאַנצבלען און 33,6 פּראָצ. פרויען — אין 1970.

אין דער איבערוועגנדיקער מערהײַט שפּיג־לען זיך ניט אָפּ אַזעלכע געמישטע כאַסענעס אַף דער עטנישער אָריִענטאַציע פונעם פאָר־פאָלק, זיי ווײַזן זיך אָבער אַרויס אַף זייערע קינדער. אין דער מיט פון די 60־ער יאָרן האָבן 6,7 פּראָצ. דערוואַקסלינגען פון די גע־

| רעפובליק | יאָר | סאכאקל ייִדן (טויזנטער נעפאשעס) | דערין (%) הויפט־שטאָט (ריגע, טאלין) | אנדערע שטעט | דערפער | צו דער גאנצער באפעלקערונג פון דער רעפובליק (%) |
|---|---|---|---|---|---|---|
| לעטלאנד | 1959 | 36,6 | 82,7 | 16,0 | 1,3 | 1,7 |
| | 1970 | 36,7 | 83,3 | 15,8 | 0,9 | 1,6 |
| | 1979 | 28,3 | ... | .... | .... | 1,1 |
| עסטלאנד | 1950 | 5,4 | 68,3 | 29,2 | 2,5 | 0,5 |
| | 1970 | 5,3 | 67,7 | 30,0 | 2,3 | 0,4 |
| | 1979 | 5,0 | ... | ... | ... | 0,3 |

מישטע רוסיש-ייִדישע מישפּאָכעס אין ריגע און 10 פּראָצ. אין טאַלין אויסגעקליבן די ייִדישע נאַציאָנאַליטעט באַם באַקומען דעם פּאַס. גאַנץ וואַרשײַנלעך שפּיגלען אָפּ אָט די אָנגאַבן די רעאַלע עטנישע אָריִענטאַציע פֿון די קינדער אין די געמישטע רוסיש-ייִדישע מישפּאָכעס אין לעטלאַנד און אין עסטלאַנד אינעם נאָכמילכאָמעדיקן פּעריִאָד.

דער הײַנטצײַטיקער עטנאָקולטורעלער אָנבליק פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון לעטלאַנד און עסטלאַנד האָט אַ סאַך אונטערשיידן לעגאַבע די פֿאַרמילכאָמעדיקע יאָרן. פֿאַרבונדן איז דאָס סײַ מיט דער מאַסן-פֿאַרניכטונג, סײַ מיט דער נאָכמילכאָמעדיקער מיגראַציע, סײַ מיטן אויסערסט צעשפּליטערטן כאַראַקטער פֿון דער באַזעצונג הײַנט-צו-טאָג. די לעצטע צוויי פֿאַקטאָרן האָבן געשאַפֿן די סיטואַציע, בא וועלכער אין דער נאָכמילכאָמעדיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון לעטלאַנד און עסטלאַנד טיילן זיך אויס גענוג דײַטלעך די צוויי גרופּעס:

די אַלטגעזעסענע (דה. די, וואָס האָבן דאָרט געווינט פֿאַר דער מילכאָמע, אָדער זייערע יאָרשים) און די נײַע מיגראַנטן. דער גאַנג פֿון די עטנישע פּראָצעסן אין אָט די צוויי גרופּעס טיילט זיך אויס מיט קאָנטיקע אייגנאַרטיקײַטן.

ס'לאָזט וועגן זיך צו וויסן, כאָטש ניט שאַרף אויסגעטיילט, אַ שטרעבונג צו הייראַטן אין די ראַמען פֿון די גרופּעס. אין די געמישטע הייראַטן זײַנען די אַלטגעזעסענע אָפּטער געניגט צו כאַסענעס מיט לעטן און עסטאָנער, איידער די נײַע מיגראַנטן. ניט קיין לעצטע ראָליע שפּילט דאָ דער פֿאַקט, וואָס פֿאַר אַ סאַך אַלטגעזעסענע איז די מוטערשפּראַך אָדער די צווייטע נאָך ייִדיש שפּראַך — לעטיש אָדער עסטאָניש, און פֿאַר די נײַע מיגראַנטן — רוסיש. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז די אַלטגעזעסענע היטן אָפּ ביזן הײַנטיקן טאָג מער סטאַביל ייִדיש אַלס שטייגער-שפּראַך. לעצטנס זײַנען פּראַקטיש נעלעם געוואָרן די אונטערשיידן צווישן די „ליטוואַקעס" און די אַנדערע ייִדן. אין לעטלאַנד איז דאָס פֿאַרבונדן מיט דעם, וואָס די פֿולע פֿאַרניכטונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין קורזעמע, זעמגאַלע און ריגע האָט געבראַכט דערצו, אַז דאָסראָוו אַלטגעזעסענע שטאַמען איצט פֿון די „ליטוואַקעס".

אין אַ געוויסער מאָס קאָנען די עוואָליוציע פֿונעם עטנאָקולטורעלן אָנבליק פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון לעטלאַנד און עסטלאַנד אין מעשעך פֿונעם 20-טן יה. איליוסטרירן די אָנגאַבן וועגן דער מוטערשפּראַך.

| שפּראַכן | יאָרן 1897 | 1925 | 1959 | 1979 |
|---|---|---|---|---|
| לעטלאַנד | | | | |
| ייִדיש | 86,5 | 85,0 | 47,9 | 28,3 |
| רוסיש | 1,2 | 4,9 | 50,0 | 70,0 |
| לעטיש | 0,3 | 0,6 | 1,5 | 1,4 |
| אַנדערע | 12,0 [1] | 9,5 [1] | 0,6 | 0,3 |
| עסטלאַנד | | | | |
| ייִדיש | 90,0 | . . . | 24,6 | 15,1 |
| רוסיש | 3,3 | . . . | 67,2 | 76,4 |
| עסטאָניש | 0,7 | . . . | 7,2 | 8,1 |
| אַנדערע | 7,0 [1] | . . . | 0,8 | 0,4 |

[1] אין 1897 און 1925 יאָרן — איז דאָס געווען דײַטש.



## אַלעקסאַנדער סעגאַלטשיק

געבוירן געוואָרן אין 1958 אין אָרענבורג. פאַרענדיקט די יאַראָסלאַוולער טעאַטראַלע שול. אַרטיסט, סעקרעטאַר פון דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע פונעם ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער. וווינט אין מאָסקווע.

## אַ טעאַטער פון יונגע אַרטיסטן

איינער פון די ייִנגסטע טעאַטער־קאָלעקטיוון אין לאַנד, דער ייִדישער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1977 אין דער הויפּטשטאָט פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט ביראָבידזשאַן. קעדיי אויספאָרמירן דעם קאָלעקטיוו, איז געמאָלדן געוואָרן אַ קאָנקורס. פון אַלע עקן לאַנד זײַנען זיך צונויפגעפאָרן יונגע אַקטיאָרן, זינגער, טענצער, מוזיקער און סתּם ענטוזיאַסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ פאַרלאַנג אָפּצוהיטן און אַנטוויקלען ווײַטער די סאָוועטישע ייִדישע קונסט.

צווישן די, וואָס האָבן געפּרוווט זייער מזל, זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געקענט ייִדיש און געזונגען ייִדישע פאָלקסלידער, אַנדערע זײַנען פּשוט פאַרכאַפּט געווען מיט דעם נײַעם אומגעווייִנלעכן זשאַנער. דער קאָנקורס האָט אַרויסגעשטעלט שטרענגע פאָדערונגען: אַן אַקטיאָר פונעם ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער דאַרף, נאַטירלעך, באַהערשן דראַמאַטישע, וואָקאַלע און פּלאַסטישע קונסט, און כּוץ דעם, האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז ס'וועט אויסקומען גוט אַ האָרעווע טאָן אַף די לימודים פון ייִדיש לאָשן און דיקציע.

צווישן די אָנגעקומענע זײַנען געווען מאָסקווער און לענינגראַדער, קיִעווער און מינסקער, טבילייסיער און טאַשקענטער באָכערים און מיידלעך. פאַרן רעפּרעזענטאַטיוון זשורי זײַנען דורכגעגאַנגען צענדליקער קאַנדידאַטן, ביז עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן די טרופּע פונעם קינפטיקן טעאַטער.

אין פרילינג 1978 האָט דער טעאַטער באַוויזן אין



אַ סצענע פונעם ספּעקטאַקל „טום־באַלאַלײַקע“

בירא־בידזשאַן זײַן ערשטן ספּעקטאַקל, די אָפּערע־מיסטעריע „א שוואַרץ צימל פאַר א ווײַס פערדל״ (רעזשי — יו. שערלינג). אין דער שטעלונג איז אַלץ נײַ און ניט געוויינלעך. די יידישע פאָלקס־מוזיק איז איבערגעפלאָכטן מיט מאָדערנע דזשאַז־ריטמען, די פּערזן פון אליא רעזניק אין דער איבערזעצונג פון כאַים ביידערן, די רעטשיטאַטיוון און פאַנטאַסמאַגאָריעס האָבן געקלונגען אייגנאַרטיק. עס האָט אויסגענומען אויך די ענערגישע כאָרעאָגראַפיע. די אָפּערע־מיסטעריע האָט געהאַט דערפאָלג.

נאָך דער ערשטער פּרעמיערע איז קלאָר געוואָרן, אַז עס האָט געלאָזט וועגן זיך צו הערן א נײַער טאַלאַנטפולער קאָלעקטיוו. אים איז פאַרגעשטאַנען צו לייזן ניט קיין גרינגע אויפגאַבן.

דער יוגנטלעכער באַשטאַנד פון דער טרופּע איז געבליבן אַזאַ ביז הײַנט, אויב ניט רעכענען, אַז די, וואָס זײַנען אַלט געווען 25 יאָר, זײַנען אַרײַן אין די דרײַסיקער. דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם טעאַטער, דער קאָמפּאָזיטאָר מיכאַיל גלוז איז איצט אַלט 34 יאָר. אים איז צוגעייגנט דער ערן־טיטל פאַרדינסטפולער קונסט־טוער פון רספסר. אין ספּעקטאַקל „טום־באַלאַלײַקע״ (רעזשי — א. לעווענבוק) טרעט גלוז אַרויס אַלס פּיאַניסט, אויספּילער פון יידישע פאָלקסלידער.

אַכט יאָר אַרבעט אין טעאַטער יאַשע יאַוונאַ — א באַגאַבטער כאַראַקטער־אַקטיאָר, וועלכער האָט געשאַפן אויף דער בינע די בולטע געשטאַלטן פון שאָלעם־בערן אין „א שוואַרץ צימל פאַר א ווײַס פערדל״ און פונעם הויפּט־העלד אין „טעוויע פון אַנאַטעווקע״.

„לאָמיר אַלע אינײַנעם״ — אַזוי הייסט דער צווייטער ספּעקטאַקל פונעם טעאַטער. דאָס איז א מוזיקאַלישע פאָרשטעלונג, אין וועלכער עס קלינגט די פאָלקלאָר־מוזיק אין איר אורשפּרינגלעכן נוסח באַנאַנד מיט פאָלקסלידער, באַאַרבעטע אין הײַנטצײַטיקע ריטמען. אין ספּעקטאַקל זײַנען אַרײַן אַזעלכע פאָלקסלידער, ווי „מוישעלע, מײַן פרײַנט״, „וואַרנעטשקעס״, „קינדער־יאָרן״, „אויפן בריק״ און א סאַך אַנדערע, זיי בײַטן זיך נאָכאַנאַנד מיט טענץ, וואָס עס ווערט זייער גוט אויפגענומען פונעם צושויער־זאַל.

דעם 50־יאָריקן יוביליי פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט האָט דער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער געווידמעט זײַן ספּעקטאַקל „די גאָלדענע כאַסענע״, וועלכער האָט אין א קינסטלערישער פאָרם אַרומגעכאַפּט אַלע עטאַפּן פונעם לעבן פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט פאַר א האַלבן יאָרהונדערט. די פּרעמיערע איז באַוויזן געוואָרן אין דער נײַער געבײַדע פון דער בירא־בידזשאַנער פילהאַרמאָניע.

פאַראַיאָרן זומער, ווען פון אַלע עקן פון דער וועלט זײַנען קיין מאָסקווע זיך צונויפגעפאָרן דעלעגאַציעס און געסט אויפן XII אַלוועלטלעכן פעסטיוואַל פון יוגנט און סטודענטן, איז דעם בירא־בידזשאַנער טעאַטער צוגעטיילט געוואָרן דער קאָוועד אָנטייל צו נעמען אין דער קולטור־פּראָגראַם פונעם פעסטיוואַל. בײַס דעם פעסטיוואַל האָבן די אַרטיסטן געהאַט פרײַנטלעכע באַגעגענישן מיט די דעלעגאַציעס פון ייִסראַעל און איטאַליע, זיי האָבן באַוויזן זייער קונסט פאַר טויזנטער געסט.

„שטאַרקער פונעם לעבן, שטאַרקער פון דעם טויט״ איז דער ערשטער דראַמאַטישער ספּעקטאַקל אין רעפּערטואַר פונעם טעאַטער. געשטעלט האָט אים א יונגער רעזשיסער אַנדריי סאַנאַטין. די פּרעמיערע איז באַוויזן געוואָרן דעם 9 מײַ 1985 אין בירא־בידזשאַן. דער געגנטקאָם פון קאָמיוג האָט באַלוינט די יונגע אַקטיאָרן, אָנטיילנעמער פונעם ספּעקטאַקל, מיט ערן־גראַמאָטעס פאַר דעם אַקטיוון אָנטייל אין פּראָפּאַגאַנדירן די סאָוועטישע פילנאַציאָנאַלע קולטור.

דער טעאַטער איז נאָך יונג. נאָר ער איז שוין צוויי מאָל געווען אין אויסלאַנד. אין 1982 האָט ער באַקאַנט מיט זײַן קונסט די צושויער פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, און אין נאָיאַבער 1985 — די צושויער פון טשעכאָסלאָוואַקיע.

הײַנטיקס יאָר שטייט פאַר דעם טעאַטער צו פאָרן אויף גאַסטראָלן איבער די שטעט פון בולגאַריע און אונגאַרן.

דער יידישער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער איז קעסיידער אין וועג — אין גאַסטראָל־מאַרשרוטן, אין שעפערישע זוכונגען.

## צאַליק פראַנק



געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין 1951. פאַרענדיקט דעם ווילנער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אַרבעט אַלס קינדער־דאָקטער. וווינט אין ווילנע.

# זיכרוינעס וועגן דעם נאָענטן אָוור

אין 1956 בין איך, א פינפיאָריק קינד, געווען צווישן די צושויער אויפן ערשטן ספּעקטאַקל פון דער ווילנער יידישער זעלבסטטעטיקייט. מע האָט געשפּילט „200.000״ לויט שאָלעם־אַלייכעמען. דער גרויסער זאַל אין פּאַלאַץ פון די פּראָפאַריינען איז געווען פולגעפּאַקט. אין יענער צײַט זײַנען פאַרבײַ אינגאַנצן 11 יאָר נאָך דער מילכאָמע און 13 יאָר נאָך דער ליקווידאַציע פון דער ווילנער געטאָ.

אין 1944, ווען די צאָל ייִדן אין דער אָקאָרשט באַפרייַטער שטאָט האָט באַטראָפן אַן ערך 600 נעפאַשעס (ביז דער מילכאָמע האָבן אין ווילנע געלעבט מער פון 80.000 ייִדן), האָט זיך געדאַכט, אַז „ערושאַלאַיִם דע ליטע" וועט שוין קיינמאָל ניט אופלעבן. און אָט קוק איך איצט אַף די פאָטאָגראַפיעס פון דעם ערשטן ספּעקטאַקל. אַף איינער פון זיי זע איך די צושויער אין זאַל. די נאָכמילכאָמעדיקע צושויער. זיי זייַנען אָנגעטאָן זייער באַשיידן, ניט „טעאַטראַליש", אָבער די פּנעמער בלִיִען.

דער יאָמטעווּ־געפיל איז געבליבן בא מיר אין האַרצן אַף לאַנגע יאָרן. איך בין טאָמיד מעקאַנע געווען די אַקטיאָרן פונעם ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, נאָר ניט פילנדיק אין זיך קיין פעיִקייַטן, בין איך געווען ניט מער, ווי איינער פון די געטרייַע צושויער. אין 1971 האָב איך אָבער צופעליק זיך אייַנגעשלאָסן אין דער שעפערישער אַרבעט פונעם קאָלעקטיוו.

פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרן זייַנען פאָרגעקומען פיל אייַנדרוקספולע באַגעגענישן מיט די ליבהאָבער פונעם ייִדישן טעאַטער. וועגן אייניקע פראָטים פון אַזעלכע באַגעגענישן ווילט זיך דערציילן.

בייַס די גאַסטראָלן אין באָברויסק (ווייַסרוסלאַנד) אין 1975 איז אין זאַל געזעסן אַן עלטערער ייִד פון מינסק, וועלכער איז געווען טיף אַרייַנגעטאָן אין דעם קאָנצערט, וועלכן מיר האָבן געגעבן. אַף מאָרגן האָט ער געבראַכט צו פירן מיט אַ מאַשין פון מינסק זייַן זון, אַ יאָר 20 אַלט, אַ פאַראַליזירטן נאָך דער קראַנקייַט פאָליאָמיִעליט. דער פאָטער האָט אַרייַנגעטראָגן דעם זון אין זאַל אַף די הענט. דער קראַנקער האָט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן געהערט פון דער בינע ייִדישע פאָלקסלידער און געזען ייִדישע טענץ.

אין 1983 האָט אונדזער קאָלעקטיוו אָפּגעמערקט דעם 40־יאָריקן יויוול פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ מיט אַ טעאַטראַליזירטן קאָנצערט. די פּרעמיערע איז פאָרגעקומען דעם 2־טן מייַ אין ווילנע (צוזאַמען מיט דער קאָוונער ייִדישער זעלבסטעטיקייַט), און זומער האָבן מיר די פאָרשטעלונג געוויזן אַף די גאַסטראָלן אין דער קוראָרט־שטאָט דרוסקינינקייַ. דער ספּעקטאַקל איז געווען אַן עמאָציִאָנעלער און אַ טראַגישער, ווייַל אונדזערע ווונדן בלוטיקן הייַנט און וועלן בלוטיקן אייביק. נאָכן ספּעקטאַקל איז אַף דער בינע אַרויף אַ צושויער, קעדיי אויסדריקן זייַנע געפילן פאַר די אַרטיסטן. אין זייַנע אויגן זייַנען געווען טרערן. ביז דעם קומענדיקן טאָג איז דעם מענטשנס געשטאַלט ניט אַרויס פון מייַן זינען. אַף מאָרגן האָבן מיר געשפּילט אַ פריילעכע קאָמעדיע „כעלמער כאַכאָמים". נאָך דעם ספּעקטאַקל איז אונדזער באַקאַנטער ווידער אַרייַן הינטער די קוליסן. ס'איז אים געווען ניט צו דערקענען. ער איז געווען פריילעך, האָט אַ סאַך גערעדט, געלאַכט. דעמלט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער לעבט אין דער איוואַנאָווער געגנט. דער נעכטיקער ספּעקטאַקל האָט אים אופגערודערט, דערמאָנט וועגן דער טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק, וועגן די מאַרטירער און קעמפער, און הייַנט האָט ער מיט האַנאָע געלאַכט פון די נאַיִווע און גייַוועדיקע כאַכאָמים פון כעלם. צום סאָף האָט ער, פּונקט ווי פיל אַנדערע, געבעטן אונדז קומען מיט אַ ספּעקטאַקל אָדער קאָנצערט אין זייַן שטאָט.

אַף די פאָרשטעלונגען קומען אַ סאַך יונגע מענטשן און אַפילע קינדער.

אין אונדזערע ספּעקטאַקלען איז געוויינלעך פאַראַן אַ סאַך מוזיק, געזאַנג און טענץ, וועלכע פאָדערן ניט קיין איבערזעצונג. ווען איך זע די יונגע צושויער, ווילט זיך אַרבעטן און ווידער אַרויסגיין אַף דער בינע.

## כאַיִם באַרגמאַן



געבוירן געוואָרן אין 1951 אין קאָוונע. פאַרענדיקט דעם קאָוונער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. אַרבעט אַלס קאָמפּיוטער־פּראָגראַמיסט. וווינט אין קאָוונע.

## עטלעכע ווערטער וועגן אונדזער זעלבסטעטיקייַט

די קאָוונער ייִדישע זעלבסטעטיקייַט איז אַ פענאָמען. אויב איר פאַרשטייט ניט, אין וואָס פאַר אַ הינזיכט, איז פּרובירט געפינען אַף דער וועלט נאָך אַ שטאָט, אין וועלכער עס לעבן ניט מער פון צוויי טויזנט ייִדן און זי פאַרמאָגט אַ פאַרצווייַגטן ייִדישן קונסט־קאָלעקטיוו. אומזיסט אייַער מי: איר וועט ניט געפינען. אַצינד פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס איך רוף אונדזער זעלבסטעטיקייַט, אין וועלכער איך בין איינער פון די אַרטיסטן — „פענאָמען".

דער קאָלעקטיוו באַשטייט מערסטנטייל פון יונגעלייַט. בלויז צוויי וועטעראַנען: יודל ראָנדער און

בענציען שליאם — איינער איז עטלעכע און זעכציק יאָר אַלט (א וועטעראַן פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע), דעם צווייטן איז שוין געווען פופציק יאָר.

מיר פאַרמאָגן פיר קרײַזן: פון מוזיקער, פון טענצער, פון זינגער און א דראַמקרײַז. די ייִנגסטע זײַנען באַ אונדז די טענצער. צווישן זיי זײַנען פאַראַן גאָר קליינע קינדער, וועלכע לערנען זיך אין די אָנפאַנג־קלאַסן. עס זײַנען פאַראַן אויך שילער פון די עלטערע קלאַסן, סטודענטן און אַרבעטנדיקע יוגנט.

די אָנפירער פונעם טאַנץ־קרײַז קאָסט ניט ווייניק מי, קעדיי אויפזוכן און שטעלן נײַע און נײַע טענץ, אונטערהאַלטן די געהעריקע דיסציפּלין צווישן די קליינע אַרטיסטן, באַקליידן די אָנטיילנעמער מיט טאַנץ־קליידער. דערפאַר אָבער האָבן די טענצער דעם גרעסטן דערפאָלג: זיי פאַרנעמען פּריז־ערטער אָף די ראַיאָנישע און שטאָטישע קאָנקורסן פון די זעלבסטעטיקע קאָלעקטיוון, מע לאַדט זיי אײַן אָבטיילצונעמען אין פאַרשיידענע עסטראַדע־יאָמטויווים, ווו זיי נעמען שטענדיק אויס באַם אוילעם.

דער צווייטער לויט דער צאָל אָנטיילנעמער איז דער וואָקאַלער אַנסאַמבל. די מערהײַט זײַנען דאָ מיידלעך און יונגע פרויען. פאָלקסלידער פאַרנעמען אינעם רעפּערטואַר דעם אויבנאָן. די זינגערנס אין שיינע קליידער, וואָס עס מאַכט זייער א גוטן אײַנדרוק אָף די צושויער.

ריידנדיק וועגן די פּראָבלעמען פונעם וואָקאַלן אַנסאַמבל, ווילט זיך זאָגן א פּאָר ווערטער וועגן די „באַציִונגען" צווישן די זינגער און די מוזיקאַנטן, די קלעזמאָרים אונדזערע. צום באַדויערן, פּאַסירט גאַנץ אָפט, אַז מע הערט שוואַך דעם זינגער איבער דער שטאַרקער מוזיק. די פּראָבלעם פּרובירט מען לייזן מיט טעכנישע מיטלען, אָבער, אָפן גערעדט, ניט יעדעס מאָל גיט זיך דאָס אײַן...

פאַר די מיטגלידער פונעם וואָקאַלן אַנסאַמבל שטייט אויך די שפּראַך־פּראָבלעם. עס איז ניט קיין סאָד, אַז די נויטווענדיקײַט אַרויסצוברענגען ריכטיק דאָס ייִדישע וואָרט פאַרשאַפט צוגאָבלעכע שווערייִקײַטן באַם צוגרייטן די זינגלידער. אין דעם איז דער אוילעם אין קאָוונע און אין ווילנע א גרויסער איבערקלײַבער.

מוזיק איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע קונסט. מוזיק פאַרשטייען אַלע פעלקער. עפּשער דערפאַר איז באַ אונדזערע מוזיקאַנטן די לאַגע פאַרהעלטניסמעסיק לײַכטער: זיי שטויסן זיך ניט צונויף מיט קיין שפּראַך־פּראָבלעמען. אינעם ייִדישן מוזיקאַלן אַנסאַמבל באַטייליקן זיך מיט דערפאָלג פאַרשטייער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. דאָס פאַרברייטערט די מעגלעכקײַטן, פאַרלײַכטערט דאָס פּאַרבײַטן א קראַנקן אָדער א שטאַרק פאַרנומענעם כאַווער.

די פּראָבלעם פון די מוזיקאַנטן איז — באַוואָרענען די געהעריקע צוזאַמענאַרבעט מיט די טענצער און מיטן וואָקאַלן אַנסאַמבל. די מוזיקאַנטן דאַרפן דאָך פאַרזיכערן א קוואַליפיצירטע באַגלייטונג פון די זינגער און טענצער ניט בלויז אָף די קאָנצערטן, נאָר אויך אָף די רעפּעטיציעס. דאָס פאָדערט א סאַך צײַט און מי.

אינעם דראַמקרײַז, ווי געזאָגט, באַטייליקן זיך ביידע אונדזערע וועטעראַנען. זיי גיבן איבער זייער רײַכע דערפאַרונג די יונגע אַרטיסטן, און דאָס פילט זיך בײַסן דערפאָלג פון די פאַרשטעלונגען.

דער דראַמאַטישער קרײַז איז דער אײנציקער, וועמענס רעפּעטיציעס קומען פאָר בלויז אין ייִדיש. די רעד־שפּראַך ווייסן אַלע אָנטיילנעמער. צום באַדויערן, קאָן ניט יעדערער לייענען און שרײַבן אָף ייִדיש. אָפּטמאָל לערנט מען א ראָל, וואָס איז אָנגעשריבן אָף ייִדיש, נאָר מיט רוסישע אָדער לאַטײַנישע אויסיִעס.

א פּראָבלעם פונעם דראַמקרײַז איז, ווי שטענדיק און אומעטום, דאָס געפינען פּאַסיקע ווערק צו ווײַזן אָף דער בינע. מע דאַרף זיך מודע זײַן, אַז לעצטנס איז די אַרבעט געוואָרן פּאַסיווער. מע זוכט מיטלען, אַז די טעטיקײַט פונעם דראַמאַטישן קאָלעקטיוו זאָל ווידער אויפלעבן. ס'ווילט זיך האָפן, אַז די נייטיקע מיטלען צו באַנײַען די שטעלונגען און באַרײַכערן דעם רעפּערטואַר וועלן געפונען ווערן.

לויט דער טראַדיציע, גרייט דער קאָלעקטיוו יעדעס יאָר א נײַע פּראָגראַם, אין וועלכער עס ווערן אײַנגעשלאָסן נומערן פון אַלע פיר קרײַזן. אין מײַ כוידעש ווײַזט מען די פּראָגראַם פאַר די קאָוונער אײַנוווינער, און זומער טרעטן מיר אַרויס מיט קאָנצערטן אין די קוראָרט־ייִשווים פון ליטע — פּאַלאַנגע, דרוסקינינקײַ, בירשטאָנאַס. דער שלוס־קאָנצערט פונעם יאָר קומט פאָר האַרבסטצײַט אין ווילנע. דאָס איז דער פאַראַנטוואָרטלעכסטער אַרויסטריט.

מיט דעם ענדיקט זיך דער סעזאָן, און מע הייבט אָן קלערן וועגן צוגרייטן א נײַע פּראָגראַם, וועלכע וועט באַווײַזן ווערן אין קומענדיקן יאָר...

איך האָב ווײַט ניט אָנגערירט אַלע פּראָבלעמען אין דער קליינער (דעם ערשטן אין מײַן לעבן!) באַטיק פאַר אַן ערנסטן זשורנאַל. אויב דער „פּגישאָמען" אין קאָוונע וועט אײַך פאַראינטערעסירן, קומט צו פאָרן קיין ליטע אָף די קאָנצערטן, וועט איר זיך איבערצײַגן, אַז איין מאָל זען און הערן איז בעסער, ווי צען מאָל לייענען.





איבערגעזעצט אף יידיש — איגאָר שניידמאַן

געבוירן געוואָרן אין 1956 אין כערסאָן. געענדיקט דעם מאַטעמאַ־טישן פאַקולטעט פונעם וואָראָניעזשער אוניווערסיטעט. לייטן פאַך א פּראָגראַמיסט. וווינט אין ווילנע.

## דאַמאַרטאַס מיט די קנישעס

עס האָט געלעבט אין ליטע אין די אַלטע צייטן איינער א פויער. מע האָט אים גערופן דאַמאַרטאַס. געלעבט האָט ער מיט זיין ווייב רייך, און קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט. סאַפּקאָלסאָף איז בא זיי געבוירן געוואָרן א זון. דאַמאַרטאַס האָט געמאַכט א סודע, גערופן צוגאַסט א גרויסן אוילעם. קרוויוּוים און שכיינים האָבן דעם גוויר אָנגעבראַכט קנישעס, קעז, פלייש און נאָך עסנווארג פון קאַלטווי.

בישכיינעס מיט דאַמאַרטאַסן האָט געלעבט אַן אָרעמאַן. דאָס גאַנצע פאַרמעגן זיינס איז געווען א זעקעלע פאַרפלער. האָט ער געבראַכט דעם גוויר א מאַטאָנע די פאַרפלער. דאַמאַרטאַס האָט זיך באַליידיקט.

— גיי אין גענעם אריין מיט דיינע פאַרפל! — האָט ער געזאָגט מיט פאַרדראָס. — שיידים, זאָגט מען, מאָלן אין גענעם ארבעס. עפּשער וועלן דיינע פאַרפל דאָרט אויך צוניץ קומען.

— און ווו זאָל איך זוכן אָט דעם גענעם? — פרעגט דער אָרעמאַן.

— גיי אַפּן זון-אונטערגאַנג, ווּעסטו טרעפן אין סאַמע גענעם.

איז דער אָרעמאַן אין גענעם אוועקגעגאַנגען: אים איז וואָס אינדערהיים, וואָס איז אין גענעם — אַלציינס. אין גענעם איז שלעכט, אָבער אין שטוב איז ניט בעסער.

ער איז געגאַנגען און געגאַנגען און דערגאַנגען ביז א וואַלד. דאָרט האָט זיך אים געטראָפן א זאַקן א קאַפּצן. האָט ער געבעטן בא דעם אָרעמאַן א נעדאָווע. דער אָרעמאַן האָט אף אים ראַכמאָנעס געהאַט און ארויסגעשאָטן אַלע זיינע פאַרפל.

— זאָל מיינס איבערגיין, — זאָגט ער, — מע וועט מיך אופנעמען אין גענעם אָן פאַרפל אויך.

— און צוליב וואָס דאַרפסטו דעם גענעם? — פרעגט דער זאַקן.

דאַן האָט דער אָרעמאַן אַלץ דערציילט: וויאַזוי ער האָט דאַמאַרטאַסן געבראַכט א מאַ־טאָנע דאָס זעקעלע פאַרפל, וויאַזוי יענער האָט אים אָפּגעשיקט אין גענעם, און ווי שווער ס'איז צו לעבן אַן אָרעמען מענטשן — אפילע דער גענעם איז אים ניט שרעקלעך.



— אוי, גיי ניט בעסער אין גענעם, — זאָגט דער זאַקן. און ער האָט געגעבן דעם פויער דרײַ שטײנער.

— קער זיך אום אהיים, — זאָגט דער זאַקן. — נאַ דיר דרײַ שטײנער, און ווען דו וועסט קו-מען אהיים, זאָלסטו אָפּטראָגן זיי אין שײַער אַרײַן: אײן שטײן לייג אַרײַן אין דעם ערשטן קאַסטן, דעם צווייטן — אין דעם צווייטן קאַסטן און דעם דריטן — אינעם דריטן. אינדערפרי וועסטו זען, וואָס עס וועט מיט זיי גע-שען.

דער אַרעמאַן האָט טאַקע אַזוי געטאָן. און ווען ער איז אַרײַן אינדערפרי אין שײַער, האָט ער דערזען: דער ערשטער קאַסטן איז פול מיט זילבער, דער צווייטער מיט גאָלד, דער דריטער מיט ווייץ.

עס האָבן זיך דערפרייט דער אַרעמאַן מיט זײַן ווײַב, ווייסן גאָר ניט, וויאַזוי דעם אַלטן קאַפּצן צו באַדאַנקען.

זיי שיקן זייער טאָכטער צום שאָכן דאַמאַרטאַס נאָך אַ מעסטל — דאָס גאָלד, דאָס זילבער און דאָס ווייץ איבערצומעסטן.

די טאָכטער בעט דעם שאָכן:

— ס'איז אונדז צוגעקומען אַ גרויס רײַכטום, גיט אונדז אַ מעסטל, אונדזער גוטס צו מעסטן.

דאַמאַרטאַס האָט זיך פאַרוווּנדערט.

— וואָס פאַר אַ רײַכטום? אַפאַנעם אויסגעבעטן ערגעץ אַ זעקעלע מעל.

ווען דער אַרעמאַן האָט געמאָסטן דאָס גאָלד, האָט זיך איין מאַטבייע פאַרשטעקט אין אַ שפּאַרונקעלע פון דעם מעסטל. דאָס מיידעלע האָט דאַמאַרטאַסן צוריק דאָס מעסטל אוועק-געטראָגן, און דער גוויר איז געווען אַ באַלן צו וויסן, וואָס דער אַרעמאַן האָט געמאָסטן.

ער האָט אַ קלאַפּ געגעבן מיט דעם מעסטל איבער דער ערד און פון דאָרטן האָט זיך אַרויסגעקײַקלט די מאַטבייע.

דאַמאַרטאַס איז דאַן אַרײַנגעקומען צום שאָכן און געפרעגט:

— ווּ האָסטו, טײַערער שאָכן, געקראָגן אַזויפיל געלט? צי דען אינעם גענעם? זאָג מיר דעם גאַנצן עמעס — פאַרגעס ניט, דאָס האָב איך דאָך דיך אהין געשיקט.

דער אַרעמאַן האָט זיך ניט אַרײַנגעלאָזט אין לאַנגע דיבורים און געזאָגט:

— ווען דו האָסט מיך אוועקגעטריבן מיט די פאַרפל, בין איך אוועק גלײַך אין גענעם. און טאַקע אַ דאַנק דיר פאַר דער אייצע: ווען ניט די פאַרפל, וואָלט איך קיין גאָלד ניט גע-בראַכט.

דאַמאַרטאַס האָט זיך אָפּגעזעגנט מיטן שאָכן, זיך אומגעקערט אהיים און געהייסן דעם ווײַב באַקן קנישעס:

— דער האַלאַדראַנעץ האָט זיך מיט די פאַרפל אוועקגעלאָזט אין גענעם, און, זעסט, וויפל גאָלד ער האָט געבראַכט! נו, ווען איך וועל אהין גיין מיט די קנישעס, וועל איך שוין מיסטאָם עפּעס בעסערס ברענגען.

ער האָט אָנגעשטאָפּט מיט קנישעס אַ זאַק און אויך דעם בוזעם מיט די קעשענעס און זיך געלאָזט גיין אין גענעם אַרײַן. אין וואַלד האָט ער באַגעגנט דעם זעלבן זאַקן דעם קאַפּצן, וועלכער האָט געבעטן בײַ אים אַ נדבֿה.

— איך האָב מיט זיך קיין געלט ניט, — האָט געענטפערט דאַמאַרטאַס.

— גיב כאָטש ברויט אַ שטיקל, — בעט דער זאַקן.

— קיין ברויט האָב איך אויך ניט. און מיט קנישעס דיך מעכאַבעד זײַן קאָן איך ניט. זיי וועלן מיר אַליין צוניץ קומען.

— און וויַט גייסטו? — פרעגט דער זאַקן.

— ס'איז ניט דײַן אייסעק! — איז דאַמאַרטאַס בײַז געוואָרן און זיך אוועקגעלאָזט ווײַ־טער מיט זײַן וועג.

צי ער איז דערגאַנגען ביזן גענעם, צי ניט, ווייסט קיינער ניט, נאָר אַהיים האָט ער זיך ניט אומגעקערט.

ס'איז נאָר געבליבן וועגן אים א שפּריכוואָרט: „אַוועקגעגאַנגען און פאַרפאַלן געוואָרן, ווי דאַמאַרטאַס מיט די קנישעס".

## פאַרוואָס א קאַץ וואַשט זיך נאָכן פרישטיק



א שפּערלינג האָט איינמאָל זיך אַראָפּגעכאַפּט אין א פויערש הויז און זיך געלאָזט וווילגיין: גענומען פּיקן די זרע.

שפּרינגט ער אַזוי אויפן גראָז, קלײַבט א קערעלע נאָך א קע־רעלע, און א קאַטער האַלט אין איין קוקן אויף אים. מיטאַמאָל טוט דער קאַטער א שפּרונג אויפן שפּערלינג, כאַפּט אים אָן פאַר א פליגל און זאָגט:

— אַט וועל איך באַלד האָבן נישקאָשע פון א פרישטיק!

— וויאַזױיאַרום, פּאַניע קאַ־טער? — האָט א צוויטשער גע־טאָן דער שפּערלינג, — צי דען קלײַבט איר זיך מיר אופצוועסן?

— וואָדען, איך זאָל זיך דאָ שפּיגלען אין דיר? — האָט דער קאַטער א פאַרשקע געטאָן און זיך שוין צוגעגרייט אָפּ־צוזויַסן באַם שפּערלינג דעם קאָפּ.

— שעמט זיך, פּאַניע קאַטער, — האָט ווידער געגומען צוויטשערן דער שפּערלינג. — איר האָט דאָך פאַרגעסן זיך אַרומוואַשן! צי דען ווייסט איר ניט, אַז בײַ די מענטשן וואַשט מען זיך פריִער און ערשט דערנאָך פרישטיקט מען.

— טאַקע עמעס! — האָט דער קאַטער געזאָגט און אופגעהויבן די לאַפּע, קעדיי זיך אַרומוואַשן די צורע.

און דער שפּערלינג האָט, ניט לאַנג געטראַכט, א שפּרונג געטאָן אין א זײַט, א פאַכע געגעבן מיט די פליגל און אוועקגעפלויגן.

דער קאַטער האָט זיך שטאַרק געערגערט.

— ניין, איצט וועט מען שוין מיך ניט אָפּנאַרן! — האָט ער געזאָגט. — זאָלן מענטשן טאָן אַזוי, ווי זיי ווילן, אָבער איך וועל פריִער פרישטיקן, דערנאָך זיך וואַשן.

פון דעמלט אָן וואַשן זיך אַלע קעץ אויף דער וועלט נאָכן עסן.



סאָוועטיש היימלאַנד 1986

## די פּאָטשט פֿון

# עס שרײַבן אונדז יונגע

מיסטאָמע ווייסן שוין אַלע, אַז אין מעשעך פֿון די פֿינף און צוואַנציק יאָר פֿון זײַן עקזיסטענץ טיילט ניט דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" לויטן עלטער ניט זײַנע מעכאַברים, ניט זײַנע לייענער. באַיאַרטע מענטשן קאָן מען זען סײַ צווישן די אויטאָרן, סײַ צווישן די אַבאָנענטן, אַזוי אויך — יוגעלײַט. מיר שטרעבן לאַכלוטן ניט פֿאַנאַנדערגרענעצן זיי ווי „אַנטאַגאָניסטישע דוירעס". כאָלילע! נאָר ווײַבאַלד עס האָט זיך שוין יאָ אויסגעפֿורעמט א יוגנטלעכער נומער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלן מיר א קוק טאָן, וועלכע פּראָבלעמען ס'אַנטהאַלטן די בריוו פֿון אונדזערע יוגנטלעכע קאָרעספּאָנדענטן.

דער יונגער אַרבעטער אַלעקסאַנדער דוביצקי פֿון סווערדלאָווסק שטעלט קוידעמקאָל אַרויס אינעם בריוו, וועלכן ער האָט דאָ ניט לאַנג צוגעשיקט, זײַן ייִכעס. „איך בין א פּרעזעראָווטשיק אַף א גרויסן זאַוואָד, — שרײַבט ער, — דאָס אָרט בא דעם ווערקשטעל אין מעכאַנישן צעך האָב איך פֿאַרנומען בלויז מיט דרײַ כאַדאָשים צוריק, געקומען פֿון א פּראָפֿעסיאָנעל-טעכנישער שול. כ'וויל זיך ניט באַרימען, נאָר איך דאַרף זאָגן, אַז איך בין געווען א פֿלײַסיק לערן-ייִנגל, מײַן פֿאַך האָב איך דעראָבערט מיט שווייס. איצט גיב איך שוין דעם לאַנד פּראָדוקציע. כ'פֿאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז אַלץ, וואָס עס האָט באַהאַנדלט דער XXVII צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד האָט א דירעקטע שײַכעס צו מיר. איך בין איינער פֿון די, וואָס דאַרפֿן אַקטיוו אָנטיילנעמען אינעם פֿאַרווירקלעכן די אויפֿגאַבן, וועלכע עס האָט אָנגעמערקט דער העכסטער פֿאָרום פֿון די קאָמוניסטן. וואָס קאָן איך קאָנקרעט טאָן, קעדיי באַרעכטיקן אַזעלכע פֿליכטן? די דאָזיקע פֿראַגע שטעל איך פֿאַר זיך אָן קאָמפּראָמיסן. איך בין נאָך ניט אַזא געניטער פֿאַכמאַן, און ווירקן אַף דער פֿאַרגיכערונג פֿונעם טעכנישן פּראָגרעס קאָן איך אין דער מאָס פֿון מײַנע באַשיידענע קויכעס. בא הײַנטיקן טאָג, ווײַזט אויס, דאַרף איך זיך סטאַרען ניט פֿאַרלירן קיין איין רעגע פֿון דער אַרבעט-צײַט. איך בין מעכויעוו מײַנע מעגלעכקײַטן אויסנוצן פּראָדוקטיוו. אויב יעדערער פֿון אונדז, אַף זײַן אָרט, וועלן זיך באַגיין אַף אַזא אויפֿן, וועלן מיר אויסמײַדן לעכאַלהאָפּאָכעס איבעריקע פֿאַרלוסטן אין דער פּראָדוקציע, און דאָס אַליין וועט מיטווירקן דעם פּראָגרעס. איך שרײַב וועגן דעם, ווײַל אַזעלכע, ווי איך, זײַנען פֿאַראַן בא אונדז אַפֿן זאַוואָד ניט ווייניק, און איך האָף אויסהערן אויך זייער מיינונג וועגן דעם איניען. טאָן דאָס, וואָס א מענטש איז מעכויעוו טאָן, איז ניט קיין העלדישקײַט, אָבער אָן דעם איז ניט מעגלעך ביכלאַל צו גיין פֿאָרויס. עפּשער בין איך ניט גערעכט?"

מיט דעם געפֿיל פֿון פּערזענלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַר אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אַף דער וועלט, זײַנען דורכגעדרונגען ניט ווייניק בריוו פֿון אונדזערע יונגע קאָרעספּאָנדענטן. און דאָס איז זייער גוט. וואָס פֿריִער עס וואַכט אויף אינעם מענטשן דער געזעלשאַפֿטלעכער באַוווּסטזײַן, אַלץ גיכער קומט אָן זײַן רײַפֿקײַט, אַלץ שנעלער שטעלט ער זיך אַף די פֿיס.

די געזעלשאַפֿטלעכע רײַפֿקײַט פֿון דער סאָוועטישער יוגנט קאָן מען באַשײַמפּערלעך שפּירן אין יענע בריוו, וועלכע באַרירן די פֿראַגן פֿון פֿאַרהיטן דעם פֿרידן. די מערהײַט אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן זאָגן אַרויס אין זייערע ווענדונגען צו דער רעדאַקציע די אויפֿגעבראַכטקײַט מיט דעם, וואָס די אַמעריקאַנישע מיליטאַריסטן ווילן זיך ניט רעכענען מיט די פֿאָדערונגען פֿון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענטשהײַט און זעצן פֿאָר צו פֿירן א געפֿערלעכע שפּיל מיט די נוקלעאַרע באָמבעס. בא דעם רוסישן שרײַבער אַנטאָן טשעכאָוו איז פֿאַראַן אַזא געדאַנק: אויב אינעם

ערשטן אקט פון דער דראמע הענגט אַף דער וואנט א ביקס, מוז זי אינעם לעצטן אקט אויסשיסן, — שרײַבט אונדז פון דער שטאָט ארמאוויר עליע טאַנענבוים. — מיר דארפן מיט אַלע קויכעס זיך ראנגלען פאַר דעם, אַז די „ביקס", דאָס הייסט — די באַוואָפענונג, זאָל נאָך „אין ערשטן אקט" אראָפּגענומען ווערן פון דער וואנט, די אטאָם-באָמבע טאָר מען ניט איבערלאָזן ביז צו דעם „לעצטן אקט". דאָס איז אין א געוויסער מאָס געווענדט אין יעדן איינעם פון אונדז. לאָמיר אַלע איניינעם, יעדערער אַף זײַן אָרט, קרעפּטיקן דעם קויעך פון אונדזער היימלאַנד. איך בין א שאָפער אַף א לאַסטמאַשין, איך טראַנספּאָרטיר דעטאַלן פאַר דער בויונג פון א מעכאַנישן זאַוואָד. וואָס מערער איך וועל ברענגען אַף דעם בוי-פּלאַץ פּליטעס, אַלץ גיכער וועט פאַרטיק ווערן דער נײַער זאַוואָד, אַלץ שטאַרקער וועט ווערן אונדזער לאַנד. קעגן דער מילכאָמע דארף מען ארויסשטעלן סטאַכאַנאָווישע ארבעט".

דאָס פּאַרפּאַלק טשערטאָק פון דער שטאָט ארכאַנגעלסק האָט ארײַנגעשיקט אין רעדאַקציע א געמיינזאַמען בריוו, אין וועלכן ס'זײַנען פאַראַן אַזעלכע ווערטער: „מיר האָבן געבוירן צוויי מיידעלעך, ווילן מיר, זיי זאָלן אויסוואַקסן געזונטינקע און שיינע, מיר זאָלן האָבן פון זיי נאַכעס. רייגאַנען און זײַנע מיליטאַריסטן מוז מען אָפּשטעלן, ביז עס איז נאָך ניט שפּעט!"

יאַשע שנײַדערמאַן, א סטודענט פון קאַזאַן, שרײַבט: „מע דאַרף מאַכן א סאָף צו די אויפרײַסן פון די אטאָם-באָמבעס אונטער דער ערד, עלע ניט, וועלן די מאַניאַקן צעשמעטערן דעם ערדקײַלעך, ניט פון אינווייניק, איז פון דרויסן".

פאַראַן אין דער רעדאַקציע-פּאָטשט ניט ווייניק בריוו, וואָס הייבן זיך אָן מיט א ריין פּערזענלעכן מאָטיוו און פאַרוואַנדלען זיך אין א לײַדנשאַפטלעכן אָפּרוף אַף פּראָבלעמען, וועלכע רירן אָן די לעבנס-אינטערעסן פון דעם גאַנצן קלאַל.

„ס'וואָלט געווען ניט אינגאַנצן ריכטיק צו זאָגן, אַז כ'בין פולקום צופרידן מיט מײַן לעבן, — איז זיך מודע אין איר בריוו סוועטלאַנע שערעשעווסקאַיאַ פון דער שטאָט באַלאַשאָוו, סאַראַטאָווער געגנט. — כאָטש, אָפּן גערעדט, קיין אָסאָבענע גרויסע טײַנעס צום גוירל קאָן איך ניט ארויסשטעלן. מע דאַרף ניט זינדיקן, ווי מײַן מאַמע זאָגט. פיר פון מײַנע פיר און צוואַנציק יאָר ארבעט איך אַלס וועבערין אַפן מעלאַנזש-קאָמבינאַט, כ'גיי יעדן טאָג אַף דער אונטערנעמונג פאַרבײַ מײַן פּאָרטרעט, וואָס הענגט אַף דעם ערן-טאָוול. אוואַדע בין איך ניט קיין פּוליאַטשקע. מײַנע געוועבן באַקומען די העכסטע אָפּשאַצונג. כ'זאָג זיך ניט אָפּ אויך פון געזעלשאַפטלעכער ארבעט — אַלע פאַרגעבונגען פונעם קאָמיוגישן קעמערל סטאַרע איך זיך אויסּפילן. האַיאָר בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אין פּראָפּקאָם: מע האָט אַף מיר דאָרט ארופגעלייגט די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דער קולטור-מאַסן-ארבעט.

דוכט זיך, אַז אַלץ איז בא מיר אין אָרדענונג. נאָר ניין, ניט אַלץ. מיסטאָמע האָט איר שוין פאַרשטאַנען, וואָס עס פעלט מיר אויס. א מאַמע איז בא מיר פאַראַן, א טאַטע — אויך, קיין מאַן — ניטאָ. געווען א באָכער, האָט אים אוועקגעפירט פון מיר א פרעמדע פרוי... זײַט ניט באַרויגעז, איך מוז אויסריידן דאָס האַרץ, עס זאָל ווערן א ביסל גרינגער אַף דער נעשאָמע. ס'איז נאָך א גליק, וואָס איך בין די גאַנצע צײַט צווישן מענטשן, פאַרגעס איך אין מײַן פאַרדראָס. פאַרשטייט זיך, אַז שאַפן אַן אייגענע מישפּאָכע וואָלט איך וועלן. כ'האָב ליב קינדערלעך. אָן זיי צו לעבן איז אומעטיקלעך. די מאַמע מוסערט מיך: איך בין נאָך ניט קיין פאַרזעסענע מויד און כ'זאָל ניט וואַגן צו דערלאָזן אַזעלכע נאַרישקײַטן, ווי ווייַנען אין די נעכט אָן א סיבע. מע דאַרף ניט, זאָגט זי, פאַרומערן דאָס אייגענע לעבן. ביפּראַט נאָך, אַז אַף דער וועלט איז אומרויִק.

וועגן דער אָנגעשטרענגטקײַט אין די צווישנבאַציִונגען צווישן מיזרעך און מײַרעוו קומען פאָר בא אונדז אינדערהיים געשפּרעכן קימאַט יעדן טאָג, מיר באַהאַנדלען דאָס, וואָס די צײַטונגען שרײַבן און עס באַווײַזט די טעלעוויזיע. מײַן טאַטע איז א פּראָפּאַגאַנדיסט. א לײַדנשאַפטלעכער. ער פאַרשטייט, אוואַדע, א סאַך מער, איידער איך. ער דערקלערט מיר, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט. איך אָבער זע דערווײַל בלויז דאָס איינציקע: ס'איז אָן אומבאַגרײַפלעכע זאַך! וואָס הייסט, מענטשן האַלטן בא זיך געווער, וואָס קאָן פאַרניכטן די ערד, וויסנדיק, אַז אָט דאָס געווער איז בעקויעך איבערלאָזן אַף איר אויסשליסלעך ראַדיאָאַקטיווו אַש?!

אין דער לעצטער מילכאָמע זײַנען אומגעקומען מײַנע ביידע זיידעס און די באָבעס, די פעטערס און די מומעס און מײַנע שוועסטערקינדער. אַזוי האָט זיך שוין באַקומען, אַז מיר ווייסן אַפילע ניט, וווּהין עס איז אהינגעקומען זייער געביין. ווען מײַן טאַטע שמועסט בא זיך אין צער מיט זײַנע כאַווײרים וועגן דער געפאַר פון א נײַער מילכאָמע, דאַרף ער קיין איבעריקע ארגומענטן ניט זוכן — סײַ בא אים, סײַ בא יענע, וואָס הערן זיך צו צו זײַנע רייד, זײַנען נאָך ניט פאַרהיילט די וווּנדן,

וועלכע ס'האָט פֿאַרשאַפֿן דער קריג מיט די פֿאַשיסטן. מיר דאַרפֿן ניט קיין מילכאָמעס, מיר ווילן לעבן, מיר סטאַרען זיך פֿאַרגיכערן אונדזער פּראָגרעס, קעדיי די סאָוועטישע מענטשן זאָלן זײַן גליקלעך און געניסן פֿון דעם וווּנדער, וואָס רופֿט זיך לעבן! מײַן בריוו זעט אויס סומבורנע. א דאַנק אײַך, אויב איר האָט אים איבערגעלייענט. האָט ניט קיין פֿאַריבל פֿאַר מײַנע נײַן מאָס רייד, ווי עס זאָגט מײַן מאַמע..."

אין די בריוו פֿון אונדזערע יונגע קאָרעספּאָנדענטן ווערן באַהאַנדלט פּראָטים פֿונעם טאָגטעגלעכן לעבן. פֿאַראַן אויך אַזעלכע. אַן אָפֿיצער פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי, באָריס בערלין, וועלכער דינט אין דער שטאָט קיראָוואָגראַד, שרײַבט, אַז אין גאַנג פֿון זײַנע שמועסן מיט די סאָלדאַטן קומט אים אויס צו ענטפֿערן אויף סאַמע פֿאַרשיידענע פֿראַגעס. איינע פֿון זיי האָט אַרויסגערופֿן זײַן בריוו צו אונדז. "אַנומלטן, — שרײַבט ב. בערלין, — האָט אַ סאָלדאַט אים אַ פֿרעג געטאָן, צי ס'איז מעגלעך דערלערנען ייִדיש, אויסנוצנדיק דעם סאַמאָוטשיטעל, וועלכן מיר דרוקן אין זשורנאַל. ביזוואַנען וואָס-ווען, בעט דער כאָווער בערלין, מיר זאָלן אים צושיקן אַ נומער "סאָוועטיש היימלאַנד". דערבײַ אינטערעסירט ער זיך מיט דער פּרײַז פֿון אַן אייגצלנומער פֿון אונדזער זשורנאַל און מיט דעם, צי מע קאָן אים אויסשרײַבן אינמיטן יאָר. מיר האָבן געענטפֿערט, אַז אַבאָנירן זיך אויף "סאָוועטיש היימלאַנד", ווי אויף אַלע אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, קאָן מען, אָנהייבנדיק פֿון אַ באַליביקן נײַעם כוידעש, און מיר האָבן אויך אַרויסגעשיקט דעם יונגן אָפֿיצער אַ נומער פֿונעם זשורנאַל און אַ ביכעלע פֿון דער בײַלאַגע צו אים. ס'קאָן זײַן, אַז אין אָט דעם פֿאַל האָבן מיר ניט נאָר געהאָלפֿן ב. בערלינען צו ענטפֿערן אויף אַ פֿראַגע פֿון זײַנעם אַ סאָלדאַט, נאָר צוזאַמען מיט דעם באַקומען אַ נײַעם לייענער און עפּשער אַפֿילע ניט דעם איינציקן.

צוריק מיט אַ קורצער צײַט האָט אָפּגעדינט זײַן טערמין אין דער אַרמיי און זיך אומגעקערט אַהיים אין דער מאָסקווער געגנט, לעבינסקער ראַיאָן, דער צוואַנציקיאָריקער יורי קאָראָליאָוו. מיר האָבן פֿון אים דערהאַלטן אַ טשיקאַווען בריוו. "איך האָב געהערט, אַז אײַך אינטערעסירן די אײַנדרוקן פֿון מענטשן, וואָס הייבן ערשט אָן צו דערלערנען ייִדיש, — שרײַבט ער אין זײַן ווענדונג צו דער רעדאַקציע. — איך בין איינער פֿון זיי. זינט כ'האָב אָנגעצייכנט דעם ערשטן ייִדישן אָס איז אַדורך ניט קיין סאַך צײַט. און אָט איז איינער פֿון מײַנע אײַנדרוקן: אין אוראַלטער גראַפֿיק איז אָנגעטאָן אַ לעבעדיק לאָשן, אַ ביז גאָר עמאָציאָנעלס. וואָס איז שײַער דעם אַלעפֿבייס, מיין איך, אַז פֿאַר אַן אַרמענער, לעמאָשל, איז דערלערנען די רוסישע אויסיעס קיין קאַפּל ניט לײַכטער, איידער פֿאַר מיר, צי פֿאַר דעם זעלבן אַרמענער, אָדער רוס — די ייִדישע".

"צוליב וואָס באַדאַרף איך ייִדיש? — פֿרעגט ער זיך אַליין. — אָט די פֿראַגע קאָן מען פֿאַרשטיין פֿאַרשיידנאַרטיק. פֿאַרוואָס טאַקע ייִדיש? פֿאַרוואָס ניט העברעיִש? איך בין איבערצײַגט, אַז צווישן מײַנע אָוועס זײַנען קיין ראַבאָנים ניט געווען, פֿיל דוירעס פֿאַר גייער מײַנע האָבן זייערע ערשטע און לעצטע ווערטער אַרויסגעבראַכט אויף ייִדיש. מיר געפֿעלט די ייִדישע געשיכטע. כ'האָף, אַז ייִדיש וועט מיר העלפֿן זי דערלערנען".

דערנאָך גייט אין יורי קאָראָליאָווס בריוו אַ "צוריקגערעדט", מיט וועלכן מיר ווילן אויך באַקאַנען די לייענער פֿונעם זשורנאַל, ווײַל זיי כאַזערן זיך איבער אין אַנדערע בריוו.

"אויף וואָס פֿאַר אַ שוועריקײַטן האָב איך זיך אָנגעשטויסן? — שרײַבט אונדזער קאָרעספּאָנדענט פֿון הינטערמאָסקווע. — איך פֿיל אַ קעסיידערדיקן דעפֿיציט פֿון צײַט. כ'קאָן זיך דאָך ניט פֿאַרגינען צו שטודירן בלויז ייִדיש. עס זײַנען פֿאַראַן הונדערטער אייסאָקים, וויכטיקע און צוציִענדיקע, וועלכע פֿאָדערן, מע זאָל זיך מיט זיי פֿאַרנעמען. מע דאַרף באַזוכן דעם אוניווערסיטעט, קעדיי בײַזײַן אויף די לעקציעס פֿון ביִאָלאָגיע ("די מענטשהײַט האָט נאָך פֿאַר איר עקזיסטענץ ניט אויסגעטראַכט קיין אינטערעסאַנטערע וויסנשאַפֿט, איידער גענעטיק", — אַזוי האַלט מען אויף דער קאַטעדרע פֿון גענעטיק פֿונעם ביִאָלאָגישן פֿאַקולטעט, און איך שטרײַט ניט מיט דעם); מע דאַרף ערלעך שטודירן די קלאָלים פֿון דער אָפּירונג אויף די וועגן, קעדיי אויסצוהאַלטן די אויספּרוּוון אין דער מעלוכישער אַוטאָ-אינספּעקציע און באַקומען די לאַנגדערוואַרטעטע שאָפֿער-שײַן; מע דאַרף, סאָפּקאָלסאָף, פֿאָרן אין "אָלימפּישן" באַסיין, קעדיי טאָמיד זײַן מונטער און ניט דרייען קיין ספּאָדעק זיך און די שטוביקע מיט פּאַרקילעכצן און אַנדערע דערפֿינדונגען פֿונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אַזוי־אַרום קומט שוין מיר אויס צו זוכן די פֿינף־און־צוואַנציקסטע שאָ אינעם מעסלעס שוין אַצינד, כאָטש איך האָב נאָך דערווײַל פֿאַרמעל נישט אָנגעהויבן ניט אַרבעטן און ניט ווי ס'דאַרף צו זײַן זיך לערנען. זאָגן, אַז איך זוך די פֿינף־און־צוואַנציקסטע שאָ אַלעמאָל אָפּ, וואָלט געווען אַ ליגן. ניין, ניט אַלעמאָל געפֿין איך זי".

אַ סאָציאָלאָג און פֿיזיקער פֿון וואָלגאָגראַד — ערמאַן קאַפּעל — טיילט מיט דער רעדאַקציע, אַז ער האָט זיך אַבאָנירט אויפֿן

זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, כאָטש קיין עמעסער לייענער איז ער נאָך דערווײַל ניט — די שפּראַך פונעם זשורנאַל האָט ער נאָך ניט באַהערשט. „אָבער שטעלט זיך פאָר מײַן פרייד, ווען כ׳האָב באַקומען דעם ערשטן נומער פאַרן זעקס-און-אַכציקסטן און געפונען דאָרט א זעלבסטלערער פון ייִדיש! אָבער אין יענעם זשורנאַל-נומער איז אײַנגעשלאָסן דער צווייטער לימעד. ווו זשע נעמט מען דעם ערשטן?“

פיל בריוו פון אונדזערע יונגע קאָרעספּאָנדענטן אַנטהאַלטן רעקאָמענדאַציעס. יוסעף קליינער פון קאַלינינגראַד שרײַבט: „איך בין א פּראָגראַמיסט-מאַטעמאַטיקער, דרײַסיק יאָר אַלט. כ׳לייען אײַער זשורנאַל קימאַט שוין 15 יאָר. איך מיין, אַז עס איז א וווּנדערלעכער זשורנאַל. פונדעסטוועגן האָב איך צו אים צוויי פאָרשלאָגן. מיר דוכט זיך, אַז א רובריק וועגן אונטערגעהערטן קינדער-פאָלקלאָר „פון צוויי יאָר אַלט ביז פינף יאָר אַלט...“ וואָלט אין דעם זשורנאַל געווען זייער פּאַסיק. עס קאָן זיך באַקומען א טשיקאַווע רובריק. איך האָב געפרעגט מײַן מאַמע, ווי׳אַזוי וועט זײַן אַף ייִדיש „פּאָטשעמוטשקאַ“. איר ענטפער איז געווען „א פּאָטשעמוטשקעלע“. איך וואָלט געזאָגט „א פאַרוואָסניקל“. מיסטאָמע פאַרשטייט איר שוין, אַז כ׳וויל אײַך עפּעס-וואָס פאָרלייגן פון אָט דעם מין: עטלעכע „פאַרוואָסלעך“ פון אונדזער זון ראָמקע, א.א., לעמאָשל, ווי „אין אוטאָבוס“. „פונוואַנען ווייסט דער שאָפער, אַז מיר פאָרן צום זיידן? איר האָט אים גאָרנישט ניט געזאָגט, און ער פאָרט גלײַך אַהין“... אָדער „בײַסן פילם „א שטרויענע שליאַפּע“, דערזעענדיק א קאַרעטע מיט אײַנגעשפּאַנטע אין איר פערד. „פאַרוואָס האָט מען די פערד צוגעבונדן צום אוטאָמאָביל?“

מײַן צווייטער פאָרשלאָג איז א ביסל א קאָמפּליצירטערער, דאָך וויל איך אים אײַך פאָרלייגן. צום זשורנאַל וואָלט גוט געווען צוגעבן קלאַנגען-זײַטלעך. כ׳פאַרשטיי, א וועלט מיט טעכנישע קאָמפּליצירטקײַטן! נאָר עס מאַכט ניט אויס. מע דאַרף אַף דעם אײַנגיין. א סאַך אײַערע מאַטעריאַלן בעטן זיך אַף א פּלאַט. אונדז, לייענער, וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט צו דערהערן דאָס קאָל פון א באַליבטן שרײַבער, אָדער „בײַזײַן“ אַף אן אינטערוויו מיט אן אינטערעסאַנטן מענטשן, און טאַקע האַנאָע האָבן אויך פון א ייִדישער ליד. כ׳מיין, אַז אַפילע די לימודים פאַר די, וואָס דערלערנען ייִדיש, וואָלט מען געמעגט טאָניפּיצירן“.

באָריס ווײַנשטאָק פון טאַשקענט שרײַבט: „מיסטאָם האָט איר באַמערקט, אַז איצט איז די יוגנט פאַרכאַפּט מיט גיטאַרע-שפּיל. מײַן איך, אַז עס וואָלט געווען ווינטשנסווערט, דער זשורנאַל זאָל אָפּדרוקן א מאַטעריאַל וועגן ייִדישער מוזיק, וועלכע איז באַאַרבעט פאַר א זעקס-סטרוניקער גיטאַרע. איך בין איבערצײַגט, אַז די גיטאַרע איז בעקוועם אַנטפּלעקן נײַע פאַרבן און אינטאָנאַציעס פונעם ייִדישן מעלאָס“.

דאָס מיידל פון דער שטאָט פּענזע עוועלינע אײַזענשטיין טיילט אונדז מיט:

„איך בין א סטודענטקע פון דער פּענזער מוזיקאַלער שול. איצט שרײַב איך א קורס-אַרבעט פונעם קעגנשטאַנד „טעאָריע“ אַף דער טעמע „די סטיליסטישע אייגנאַרטיקײַטן פון די ייִדישע פאָלקסלידער“. איך וואָלט אײַך געווען דאַנקבאַר פאַר א רעקאָמענדאַציע, ווו צו זוכן הילפס-ליטעראַטור פאַר מײַן קורס-אַרבעט. מיך אינטערעסירן סײַ טעאָרעטישע פאָרשונגען, סײַ לידער-זאַמלונגען פון פאָלקסלידער. עפּשער וואָלט איר מיר געקאָנט מיטיילן, אין וואָס פאַר א פאַרלאַג און אונטער וועלכן טיטל האָט אַרויסגעלאָזט זײַן זאַמלונג פאָלקס-לידער דער דיכטער און קאָמפּאָזיטאָר מאַרק וואַרשאַווסקי (1909—1845), שאָלעם-אַלייכעמס א פרײַנט“. מיר האָבן געענטפערט אונדזער קאָרעספּאָנדענטקע פון פּענזע און זי פאַרבונדן מיטן מוזיק-פאָרשער מ. גאָלדין פון ריגע, מיט די מאָסקווער קאָמפּאָזיטאָרן סערגיי טשעבאָטאַריאָוו און וולאַדימיר טערלעצקי, קעדיי זי זאָל אַף ווײַטער שעפּן די נייטיקע אינפאָרמאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע קוואַלן.

פעליקס כאַימאָוויטש פון מינסק האָט אונדז צוגעשיקט פאָלגנדן בריוו:

„איך בין א יונגער ווײַסרוסישער דיכטער. עמעס, קיין מיטגליד פונעם שרײַבער-פאַריין בין איך נאָך ניט. כאָטש איך האָב שוין אַרויסגעלאָזט א ביכל לידער. איצט פּרוּוו איך איבערזעצן פון ייִדיש אַף ווײַסרוסיש. מײַן איבערדיכטונג פון אווראָם גאָנטאַרס ווערק איז געווען געדרוקט אין אַלמאַנאַך „בראַטערסטווא-82“. איצט זעץ איך איבער שיקע דריזס לידער. פאַרוואָס ווענד איך זיך צו אײַך? אַלס איבערזעצער, נייטיק איך זיך אין ווערטערביכער: אין א רוסיש-ייִדישן, ייִדיש-רוסישן און אין אויסטײַטש-ווערטערביכער. איך טרוים דערלערנען ייִדיש אַזוי, כ׳זאָל קאָנען מיטאַרבעטן אין אײַער זשורנאַל, און ניט נאָר ווי אן איבערזעצער. איך האָב שוין אַפילע איין ליד אַף ייִדיש פאַרפאַסט. און כ׳נעם זיך אָן מיט האַזע אײַך זי צו באַווײַזן. אויב ס׳איז מעגלעך, לייענט זי דורך און פאַרגעסט ניט, אַז אין מינסק וואַרט אַף אן ענטפער אײַער פרײַנט“.

מיר האָבן כאַימאָוויטשעס ליד איבערגע-

לייענט און לייגן פאַר די פאַרערער פון פּאָעזיע טאָן דאָס זעלבע:

אין הימל — שטערנדלעך א סאך.
עס שלאָפט די וועלט. בלויז איך בין וואך.
אין טונקל כ'טו מײַן בליק א טונק.
וואָס זע איך דאָרט? עס ברויזט א פונק.
ער בליצט און גליוערט. עפשער פליט
אהערצו א מעטעאָריט?
אָדער דאָס איז א שפור א העלער
פון יענע פליענדיקע טעלער,
וואָס, ניט געשטויגן, ניט געפלויגן,
בא אונדז זייווימלען פאַר די אויגן.
א קאַפּיטאַן פונוויַט אונדז זעט,
און א דערלויבעניש ער בעט,
אָן אָרט אים אויסצוטיילן פאַר לאַנדונג.
אומעגלעך איז אזא פאַרוואַנדלונג?!..
נאָר ס'ברענט דאָך פאָרט א פונק אין נאַכט.
איך שטיי פאַרגאַפט, איך טרוים און טראַכט.
איך קלער: ס'איז פראַסטיק יענע וועלט —
אין איר א פרײַנט, א ברודער פעלט.

די לידער, וואָס פעליקס כאַימאָוויטש האָט שפּעטער שוין אָנגעשריבן און זיי צוגעשיקט אין רעדאַקציע, קאָן מען דורכלייענען אין הײַנטיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד".

מיט דער ליטעראַטור אויף ייִדיש וויל פאַרבינדן זײַן צוקונפט גענאַדי ווײַנער פון סימפעראָפּאָל. „איך האָב איבערגעלייענט אין אײַער זשורנאַל, — ווענדט ער זיך צו אונדז, — אַז אין די לעצטע יאָרן האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל קוואַליפיצירטע איבערזעצער פון אַנדערע לשונות אויף ייִדיש. איצט בין איך אַלט זיבעצן יאָר. ס'איז שוין צײַט אויסצוויילן א פאַך. איך וואָלט וועלן ווערן אַן איבערזעצער. זאָגט מיר, וויאַזוי קאָן מען פאַרווירקלעכן אַזאַ מײַן פאַרטראַכט?"

א באַזונדערס גרויסן צופלוס פון בריוו אין רעדאַקציע האָבן אַרויסגערופן דער ניט לאַנג צוריק דערשינענער אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" יאָרבוך — יעזשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר" און די זאַמלונג „סאָוועטישע ייִדישע פּאָעזיע", וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן דער פאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא". אײנעם שטראָם פון אָפּרופן אויף אָט די צוויי פונדאַמענטאַלע ביכער-אויסגאַבעס פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער אין אַנדערע שפּראַכן פאַרנעמען א בעקאָוועדיק אָרט די אָפּקלאַנגען פון יונגע לייענער. גענויער וועגן דעם וועט נאָך גיין א רייד אין די קומענדיקע נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד", דערווײַל מערקן מיר פּאַשעט אָפּ אָט דעם פריידיקן פאַקט.

מיר פאַרענדיקן דעם איבערבליק, בלעטערנדיק בריוו, וועלכע זײַנען אָנגעקומען נאָרוואָס, אין דעם טאָג, ווען דער זשורנאַלנומער ווערט אָפּגעגעבן אין זאַץ. אָט וואָס עס שרײַבט פּאַוועל גענדעלמאַן פון מאָסקווע: „יעדערער, מיסטאַמע, פאַרמאָגט זײַנע ליטעראַרע קינדהײַט-דערמאָנונגען. בא מיר זײַנען עס די לידער, וועלכע ס'פלעגן זינגען דער טאַטע און די מאַמע. דעמאָלט, ניט מיט קיין סאַך צײַט צוריק, האָב איך זיי אויפגענומען ווי „לידער, וואָס זײַנען פאַרשוואונדן". איצט ווייס איך, אַז דאָס רופט זיך ייִדישער מוזיקאַלער פאָלקלאָר. אין אייניקע שטעט, אַשטייגער, אין קאָוונע, אין ווילנע, אין בירָאבידזשאַן איז פאַראַן א ייִדישע זעלבסטעטיקײַט, גאַנצע קאָלעקטיוון מיט דערפאַרענע אָנפירער. איך האָף, אַז ס'וועט קומען א טאָג, ווען אַלע זיי וועלן זיך צונויפקומען אויף א דורכקוק קיין מאָסקווע..."

„מײַנע עלטערן זײַנען לערער, — שרײַבט פון דער שטאָט זעליאָנאָדאָלסק, טאַטאַריע, איליאַ סאָסנאָווסקי. — איך פאַרבינד אויך מײַן צוקונפט מיט דער פּעדאַגאָגישער טעטיקײַט. די כעוורע פונעם נײַנטן קלאַס, אין וועלכן איך לערן זיך, האַלטן אונטער מײַנע פּלענער. די קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציע האָט מיר פאַרטרויט צו זײַן א פּיאָנער-וואָזשאַטע אין פינפטן קלאַס. מיט פאַרגעניגן גיי איך צום קליינוואַרג. אין די טעג פונעם 27-טן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז בא אונדז דורכגעפירט געוואָרן א דורכקוק פון טעכנישער קינדער-שאַפונג. די אַרבעטנדיקע מאָדעל פון א טראַקטאָר, וועלכן מיר האָבן פאָרגעשטעלט, האָט באַקומען א פּריז. מיר איז געווען אָנגענעם נאָכצושפּירן, ווי מײַנע פּיאָנערן האָבן שטאָלצירט מיט זייער דערפאָלג. איך זשאַלעווע ניט קיין צײַט און קיין קויכעס צוליב זיי: ווינטער האָבן מיר פאַרגענומען, צוזאַמען מיט די עלטערן, עטלעכע ווײַטע מאַרשן אויף ליזשעס, באַזוכט דעם טעאַטער פון יונגע צושויער אין קאַזאַן. מיר שפּילן אין וואָליבאָל און אין באַסקעטבאָל. איצט גרייטן מיר זיך צו די זומערדיקע פאַרמעסטן פון די שווימער אין דער וואָלגע. מײַן באָבעשי איז צופרידן, וואָס איך בין ניט, ווי זי דריקט זיך אויס, „קיין קעסטקינד", דאָס הייסט — קיין ליידיקגייער, זי איז צופרידן, וואָס איך בין „אַן אַרבעטאָרער" און מע קאָן פון מיר „קלײַבן נאַכעס". מײַן באָבעשי איז טאָמיד גערעכט. ווער עס האָט א מעגלעכקײַט נעמען מיט דער פולער האַנט, דאַרף זיך אויסלערנען מיט דער פולער האַנט אָפּצוגעבן..."

# יאָ, מיר זײַנען די, וואָס ווילן ענדערן די וועלט

אין דער שײַן פון טרוקענער סטאטיסטיק וועגן דעם, ווי עס וואקסט אין מײַרעוו־אייראָפּע די צאָל ארבעטלאָזע, וועלכע זײַנען ייִנגער פון 25 יאָר (זי דערגרייכט איצט 4,5 מיליאָן), אנטפּלעקט זיך א שווערער און אלץ מער דראמאטישער מאַצעוו פון יוגנטלעכע, וועמענס צוקונפט איז פארנעפּלט. ווי־אזוי רעאגירן די „פארלוירענע פון די 80־ער יאָרן" — ווי מע רופט זיי אָן אין דער פרעסע — אפן עקאָנאָמישן קריזיס און אָף דער ארבעטלאָזיקײַט?

די אמעריקאנער וואָכנבלאט „טײַם" האָט געווידמעט דער פּראָבלעם פון ארבעטלאָזיקײַט בײַ דער יוגנט אין מײַרעוו־אייראָפּע אָן ארטיקל, אין וועלכן עס ווערט פארן לייענער אופגעדעקט דער גורל פון יונגע מענטשן פון מײַרעוו־דײַטשלאנד, פראנקרײַך, ענגלאנד און אנדערע לענדער, וואָס זײַנען געוואָרן „איבעריק" אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. באגאבטע יונגעלײַט מיט הויכער בילדונג און מיט וויסנשאפטלעכע טיטלען, וועלכע לעבן פון גאסן־האנדל מיט ביכער; יונגע לערער, וואָס האָבן שוין פיל יאָרן ניט געזען קיין שול־קלאס פון אינווייניק; ארבעטלאָזע יונגע דאָקטוירים, וועמענס טיטל דאָקטער איז א „פּאספּאָרט פאר ארבעטלאָזיקײַט".

די לאגע פון די יונגע ארבעטלאָזע אין דער קאפּיטאליסטישער אייראָפּע איז פון פיל שטאנדפּונקטן שווערער, איידער פון די עלטערע ארבעטער. די שטורמישע טעכנאָלאָגיע אין דער אינדוסטריע, אפן טראנספּאָרט, אין דער פארוואלטונג, אין די ביוראָען, אין דרוק־וועזן אאוו. האָבן זיך נאָרוואָס אָנגעהויבן. דעריבער איז גאנץ לאָגיש צו טראכטן, אז אין דער צוקונפט וועלן די פּראָבלעמען פון באשעפטיקונג אפן מײַרעוו זײַן ניט ווייניקער שארף, איידער הײַנט. די, וואָס וועלן דארפן זיך פארמעסטן מיט אָט די פּראָבלעמען אין דער צוקונפט, וועלן זײַן אין דער ערשטער ריי יונגע מענטשן.

וואָס איז דער אונטערשייד אין דער רעאגירונג פון אלטע און יונגע ארבעטער אָף די טעכנאָלאָגישע און געזעלשאפטלעכע ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין די לעצטע יאָרן?

די דערוואקסענע ארבעטער האָבן געקענט די לעבנס־ און ארבעטס־באדינגונגען אין דער קאפּיטאליסטישער אייראָפּע פון די פריִערדיקע יאָרן, פארזוכט דאָס שווערע לעבן אין דער צעשטערטער אייראָפּע אין די ערשטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. זיי האָבן אין רעזולטאט פון אײַנגעשפּארטע קלאסן־שלאכטן דערגרייכט א רעאלע העכערונג פונעם ארבעטלוין און עטוואָס בעסערע ארבעטס־באדינגונגען, און זיי זײַנען געווינט צו פארגלײַכן זייער הײַנטיקע לאגע מיט דער לאגע אין די פריִערדיקע יאָרן. דער פארגלײַך שוואכט אָפּ זייער קריטיק און רופט ארויס געוויסע פּשאָרעס, טראָץ דעם, וואָס אויך זיי זײַנען ניט גרייט שאָלעם מאכן מיט דער וואקסנדיקער ארבעטלאָזיקײַט און מיט דעם אלץ שטארקערן דרוק פון די רעגירונגען אָף זייער לעבנס־ניוואָ און סאָציִאלע דערגרייכונגען.

אנדערש איז די לאגע פון די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך באוויזן אָף דער וועלט אין די 50־ער און 60־ער יאָרן און זיך געגרייט צו פּראָדוקטיווער ארבעט, קעדיי שטעלן זיך אָף די פיס און אפילע האלטן זיך פאר גליקלעך, אָבער ניט איבער זייער שולד זײַנען זיי פארוואנדלט געוואָרן אין „איבעריקע".

די מאסן־ארבעטלאָזיקײַט און די ווירטשאפטלעכע און געזעלשאפטלעכע לאגע, אין וועלכער עס געפינט זיך דער יונגער דאָר, דריקן אָף אים, און ער רעאגירט אָף זיי פארשיידן. די מיטלען פון מאסן־אינפאָרמאציע אין „די „קאפּיטאליסטישע לענדער שטרײַכן טאָמיד אונטער, אז אין קעגנזאץ צו די ראדיקאלע סטודענטן, וועלכע האָבן אופגעהויבן דעם פּראָטעסט פון דער יוגנט אין סאָף פון די זעכציקער יאָרן, זײַנען די הײַנטיקע יונגע ארבעטלאָזע געניגט צו קאָנסערוואטיזם; זיי האָבן ניט קיין שום אינטערעס צו אידעאָלאָגיעס און זיי ווילן ניט ענדערן די וועלט. די בורזשואזע פרעסע שרײַבט מיט צופרידנקײַט, אז די איצטיקע יוגנט שטורעמט ניט; „זי

די הויפּט־טעמע פון דער איצטיקער וואַלאַקציע, איז: פאַרלאָזן לבנון. אויפן בילד: אַן איבערגאַנגס־פּונקט אין לבנון וווּ מען וואַרט אויף אַ טראַנספּאָרט־מיטל קיין ישראל.

**אין דער ייִסראַעלדיקער ווירקלעכקייט ווערן יונגע מענטשן פאַרוואַנדלט אין אָקופּאַנטן, אונטערדריקער פון אַנדערע פעלקער**



## אזעלכע פּראָבלעמען שאַפט פאַר דער יוגנט דער קאַפּיטאַליזם...



...אין דער עקאָנאָמיק

• פופצן פּערזאָן זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אין קאַטאַמאָן־קוואַרטאַל אין ירושלים בעת דעמאָנסטראַציעס, נאָך דעם ווי די רעגירונג האָט אָנגענומען די דראַסטישע עקאָנאָמישע מאָסמיטלען. אויפן בילד: דעמאָנסטראַנטן אַמפּערן זיך מיט דער פּאָליציי.



...און אינעם שטייגער־לעבן

• אולטרא־אָרטאָדאָקסאלע „שומרי־שבתניקעס" גרייפן אָן אויטאָס, וואָס פאָרן אום שבת אויף רחוב ים סוף, אין רמת אשכול־קוואַרטאַל, ירושלים. אין איינעם פון די אויטאָס האָבן זיי אויסגעבראָכן די פענצטער, אָבער נישט פאַראורזאַכט קיין מענטשלעכע קרבנות.

עס בלײַבט איין וועג: קאַמף!



אינטערעסירט זיך ניט מיט דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין דער געזעלשאַפֿט, ווײַל די געזעלשאַפֿט אינטערעסירט זיך ניט מיט איר". ס׳איז ניט שווער צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס די בורזשואַזע פּרעסע מאָלט אויס אַזאַ בילד. אויב אַזעלכע דערשײַנונגען קומען יאָ פֿאָר, זײַנען זיי בלויז איין זײַט פֿון דער מאַטבייע.

אַפֿילע די רעאַגירונגען פֿון פֿאַרצווייפֿלונג בײַ דער יוגנט און די שוואַכע פֿאַרינטערעסירטקײַט מיט דער געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט זי פֿאַרנאַכלעסיקט, טראָגן אַ שאַרפֿע פֿאָרם. יונגע מענטשן רעאַגירן בִּכלל אויף אַ מער עקסטרעמען אופֿן, איידער עלטערע. און דאָס איז ריכטיק אויך אין באַצוג צו דער שטרעבונג נאָך אַ פּאָליטישן פֿאָרשריט. אין דער קאַפּיטאַליסטישער אייראָפּע, צום בײַשפּיל, פֿאַרנעמען יונגע מענטשן די ערשטע רייען פֿון קעמפֿער קעגן ראַסיזם, וועלכער איז געווענדט קעגן די אַרבעטער פֿון די ניט־אַנטוויקלטע לענדער, זיי זײַנען אַקטיווע אָנטיילנעמער אין די אַקציעס קעגן דער געפֿאַר פֿון אַן אַטאָם־מלחמה, קעגן אויפֿשטעלן די אַמעריקאַנער ראַקעטעס אויף דער אייראָפּעיִשער ערד. אַנדערע יוגנטלעכע, אונטערן אײַנפֿלוס פֿון רעכטע אידעאָלאָגיעס, שאַפֿן אין מײַרעוו־אייראָפּע דעם אַוואַנגאַרד פֿון די פֿאַשיסטישע און נעאָנאַציסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע דעמאָנסטרירן אונטער אַזעלכע ראַסיסטישע לאָזונגען, ווי „פֿרעמדע — אַרויס!". יוגנטלעכע טוען אָן פֿאַשיסטישע מונדירן, ענלעך צו די געלע העמדער פֿון די קאַהאַנאַ־לײַט אין יִשׂראָעל.

די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פֿאַרנעמען זיך מיט די פּראָבלעמען פֿון דעם יונגן דור און פּרוּוון געפֿינען אַ שליסל צו דער אייגנטימלעכער פֿאַר דער יוגנט פּסיכאָלאָגיע. אין אַן אַרטיקל, וואָס עס האָט פֿאַרעפֿנטלעכט דער כוידעש־זשורנאַל „וועלט־עקאָנאָמיק און צווישנפֿעלקערלעכע באַציִונגען" ווערט געמאַכט אַן אויספֿיר, אַז די פּאָליטישע שטעלונגען פֿון אַ יונגן מענטשן פֿאָרמירן זיך אונטערן אײַנפֿלוס פֿון דער קלאַסן־אָנגעהעריקײַט, ווי אויך אונטערן אײַנפֿלוס פֿון אַנדערע עלעמענטן, אַזעלכע ווי דער בילדונגס־ניוואָ, די סוויווע, אין וועלכער דער יונגער מענטשן לעבט, און פֿיל אַנדערע.

ניט דאָ איז דאָס אָרט ברייטער צו פֿאַרנעמען זיך מיט דער פּסיכאָלאָגיע פֿון דער יוגנט און אירע פֿאַרשיידענע אַספּעקטן. מיר וועלן אָבער דערמאָנען אָט וואָס. אַ דערוואַקסענער מענטש מיט לעבנסדערפֿאַרונג ווייסט, אַז אין געוויסע אָביעקטיווע באַדינגונגען קאָן ער דערגרייכן געוויסע מער אָדער ווייניקער באַגרענעצטע צילן, אָבער אַנדערע, גרעסערע, קאָן ער ניט דערגרייכן. ער האָט פֿון זײַן דערפֿאַרונג געלערנט, אַז ס׳זײַנען פֿאַראַן פּעריִאָדן פֿון רעוואָליוציִאָנערן אויפֿשוונג און פּעריִאָדן פֿון דעפּרעסיע. ער האָט אויך געלערנט, וועלכע טאַקטיק איז אַ ריכטיקע אין דער צײַט פֿון אַן אָנגריף און וועלכע איז גוט אין פֿאַרטיידיקונג. אַזאַ קאָמפּליצירטע און ניכטערע אָפּשאַצונג איז פֿרעמד און אַפֿילע קעגנזעצלעך דער פּסיכאָלאָגיע פֿון דער יוגנט, וואָס פּראָטעסטירט און בונטעוועט זיך. לויט זײַן כאַראַקטער שטעלט דער יוגנטלעכער אַלץ אויף איין קאָרט און שטרעבט גלײַך דערגרייכן דעם ענדציל. אין דער צײַט פֿון רעוואָליוציִאָנערן אויפֿשוונג איז די דאָזיקע נייגונג אַ טײַערער פֿאַרמעגן פֿאַר אַ רעוואָליוציִאָנערער באַוועגונג. אין אַנדערע צײַטן, ווען ס׳איז נייטיק מאַנעוורירן און זײַן צוריקגעהאַלטן, געפֿינען זיך אין די דאָזיקע נייגונגען געפֿאַרן, וואָס מע טאָר אין זיי ניט פֿאַרגעסן.

אין יִשׂראָעל שטײַגט די אַרבעטלאָזיקײַט, וועלכע קאָנצענטרירט זיך, לויט ווי עס אַנערקענט דער מיניסטער פֿאַר וויסנשאַפֿט און פּראָגראַמירונג גאַד יאַקאָבי, אין דער ערשטער ריי אין די אַנטוויקלונגסשטעטלעך, און דעריקער צווישן די בירגער אין עלטער פֿון 18—24 יאָר, וועלכע זײַנען 40 פּראָצענט פֿון אַלע אַרבעטלאָזע אין לאַנד.

וואָס קאָנען די קאָמוניסטן פֿאָרלייגן דער יוגנט, וועלכע שטרעבט „ענדערן די וועלט", דער יוגנט, וואָס לײַדט פֿון נויט און פֿון אומגלײַכהײַט, סאָציִאַלער אומגערעכטיקײַט, אַרבעטלאָזיקײַט?

אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהײַט און פֿון די סאָציִאַלע קאַמפֿן גייט דורך, ווי אַ רויטער פֿאָדעם, די שטרעבונג צו אַ געזעלשאַפֿט פֿון גלײַכהײַט און סאָציִאַלער גערעכטיקײַט. דער קאָמוניזם פֿאַרווירקלעכט די דאָזיקע טיפֿע שטרעבונג, וועלכע באַגײַסטערט דעם בעסטן טייל פֿון דער הײַנטציטיקער יוגנט, און זי שטעלט זיך אַלץ מער און מער אין די רייען פֿון די קעמפֿער פֿאַרן גליק פֿון יעדן מענטשן.

# אַ מיינונג וועגן „אַן אַנדער מיינונג"

אויפֿן טיש ליגט אַ באַשיידענע בראָשור אונטערן נאָמען: „אַן אַנדער מיינונג" — יוגנט־אָרגאַן קעגן ראַסיזם, נומ. 2, 1986. אין ווינקל אויף רעכטס — אַ צייכענונג, וואָס פֿאַרוואַנדלט זיך אַלץ מער אין אַ סימבאָל אויף די דעמאָנסטראַציעס און פֿאַרזאַמלונגען: צוויי שוואַרצע שטריכן פֿון אַ פּענדזל, וועלכע סימבאָליזירן דאָס אויסמעקן, און צוויי ווערטער אין העברעיִש און אין אַראַביש: „ניין (דעם) ראַסיזם!"

ס׳איז נייטיק קוידעמקאָל באַגריסן דעם עצם פֿאַקט פֿון אַרויסגעבן די בראָשור און ספּעציִעל די ווענדונג אויף דער לעצטער זײַט — צו אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, שולן, באַוועגונגען פֿון יִשׂראָעל, זיי זאָלן צושטיין צו דער אַלגעמיינער לאַנד־אָרגאַניזאַציע „יוגנט קעגן ראַסיזם".

די געשעענישן פֿון די לעצטע טעג האָבן אָפּגעוויזן, אַז אין דער יִשׂראָעל־ווירקלעכקײַט איז ביז

גאָר נייטיק די אייניקייט פון דער יוגנט פון אלע פארבן פון דעם רעגנבויגן, סײַ פון באוועגונגען, סײַ אויך פון ניט־אָרגאניזירטע ייִדישע און אראבישע יוגנטלעכע, וואָס קעמפן פאר שאָלעם און גלײַכהײַט, פאר מאכן א סאָף צום קאהאניזם און צו זײַנע פאשיסטישע פארבינדעטע אין אנדערע אָרגאניזאציעס. די דעמאָנסטראציעס אין א ריי שטעט אין די לעצטע פארגאנגענע וואָכן באשטעטיקן עס.

איינער פון די אויטאָרן פון דער בראָשור דאקלע טעסלער שרײַבט: „אונדזער אָרגאן... רעפּרעזענטירט איינע און די זעלבע מיינונג: קעגן דעם ראסיזם און פאר קאָעקזיסטענץ". ס׳געפינען זיך אין דער צײַטשריפט, וועלכע ווענדט זיך צו דער יוגנט, קורצע נאָטיצן, וואָס גיבן איבער די אײַנדרוקן פון די אקציעס, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אין גאנצן לאנד: דעמאָנסטראציעס, עפנטלעכע דיסקוסיעס, געזעלשאפטלעכע צוזאמענטרעפן, וועלכע זײַנען סײַ א פראָטעסט און סײַ א דיִאלאָג צווישן פאָרשטייער פון פארשיידענע ריכטונגען.

גוט טוט די צײַטשריפט, וואָס דעמאסקירט דעם „געזעץ קעגן שאָלעם", וועלכער איז דורכגעגאנגען אין קנעסעט אין דער ערשטער לייענונג און וואָס דראָעט מיט דרײַ יאָר טורמע פאר די יעניקע, וועלכע וועלן זיך טרעפן מיט פאלעסטינער.

„ס׳איז ניטאָ קיין אויפגעקלערטע אָקופּאציע", — שרײַבט טאל ראביד אין זײַן ארטיקל. אונדז בלײַבט איבער מאסקים צו זײַן מיט אים, אז „דער רינג פון שרעקלעכן טעראָר קאָן ניט איבערגעריסן ווערן בלויז דערמיט, וואָס דער אָקופּאנט וועט זיך אָפּטראָגן פונעם פארכאפּטן שטעטך".

ווי געזאָגט, איז די בראָשור א באשיידענע, זי פּרוּווט ניט ארײַנדרינגען אין די פארבאָרגענע פראָטים פון דער איצטיקער אומגעבונג. פאר דעם קאָן מען איר מוחל זײַן, ווײַל דאָס איז דערווײַל ניט איר אויפגאבע. וואָס עס איז אָבער ניט מעגלעך מוחל צו זײַן, איז דער פאקט, אז א טייל פון אירע רעדאקטאָרן זײַנען נאָך אָנגעשטעקט מיט דער געפערלעכער פלאָג פון אנטיקאָמוניזם.

די געשיכטע האָט דאָך ניט איין מאָל געלערנט, אז מיט דער דאָזיקער קרענק שוואַכט מען אָפּ און מע שפּאלט אלעמאָל די דעמאָקראטישע און אנטי־ראסיסטישע קויכעס. עס האָט שוין פּאסירט אין דער פארגאנגענהײַט, אין אַן אנדער לאנד, אז די קרענק פון אנטיסאָוועטיזם און אנטיקאָמוניזם האָט גוירעם געווען א דורכפאל פונעם קאמף און האָט דערמעגלעכט דעם טײַוול אליין צו דעראָבערן די מאכט...

דער לייענער קוקט ארײַן אין דער בראָשור, און ס׳איז שווער צו גלייבן, צו וואָס פאר א נארישקײַטן די דאָזיקע קרענק קאָן דערפירן. איינער, וואָס ברענגט א באריכט פון א דעמאָנסטראציע, באקלאָגט זיך, פון איין זײַט, אָף דער „קאָנקורענץ און די קאָנפליקטן" צווישן די פארשיידענע קאָמיטעטן און אָרגאניזאציעס, וועלכע זײַנען אין ייִסראָעל טעטיק קעגן ראסיזם. פון דער צווייטער זײַט, איז ער ניט צופרידן פון דעם, וואָס אָף דער דעמאָנסטראציע „האָט מען געטראָגן לאָזונגען פון דער קאָמוניסטישער פארטיי קעגן ראסיזם און פאר אראביש־ייִדישער פרײַנטשאפט".

לויט דער דאָזיקער לאָגיק, דארף מען דאָך פּאָסלען אזעלכע ווערטער, ווי „שאָלעם", „דעמאָקראטיע", „זעלבשטענדיקײַט", „גלײַכהײַט", „רעכט", „קאמף" און וואָס ניט — ווײַל אויך זיי זײַנען באקאנטע לאָזונגען פון דער קאָמוניסטישער פארטיי. און עפּשער דארף מען פארקערט: אויב דער לאָזונג „ייִדיש־אראבישע פרײַנטשאפט" האָט זיך אזוי פארוואָרצלט און איז אזוי טרעפלעך, — איז עפּשער בעסער, אז די אלע קעמפער פאר קאָעקזיסטענץ און קעגן ראסיזם זאָלן אים אדאָפּטירן און ער זאָל פארוואנדלט ווערן אין א בעשותפעסדיקער זאך?

מע דארף ווינטשן דער נײַער אָרגאניזאציע „יוגנט קעגן ראסיזם", זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון שפּאלטעריש, שטערעריש, ניט־געווונטשענע טריט און ארויסטרעטן מיט פארשטארקטע קויכעס אינעם גוירלדיקן קאמף פאר ייִדיש־אראבישער אייניקײַט, קעגן שאָוויניזם און ראסיזם.

(„דער וועג", טעל־אוויוו)





## כאַנע טשלענאָווע

געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע אין 1967. אַרבעט אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“. לערנט זיך איינציטיק אַף דער אָוונט־אָפּטיילונג פונעם פּסיכאָלאָגישן פאַקולטעט אין מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט.

## מיקויעך באָבע־מײַסעס, קרייצנטרעגער און פּושקינען

כידעשט זיך ניט...

וואָס פאַר א פאַרבינדונג עס איז פאַראַן צווישן קרייץ־צוגן, באָבע־מײַסעס און פּושקינען, וועט קלאָר ווערן נאָכן באַקומען אַן ענטפער אַף דער פראַגע, ווער עס איז געווען די דאָזיקע באָבע און וועגן וואָס עס רעדט זיך אין די מײַסעס.

מיר געדענקען, אַז אין די צײַטן פון די קרייץ־צוגן איז געווען זייער פּאָפּולער דער ראָמאַן „בואָווא ד׳אַנטאָנאַ“, וועגן דעם ריטערס פּאַסירונגען. דער ראָמאַן איז געווען איבערגעזעצט קימאַט אַף אַלע אייראָפּעיִשע לעשוינעס, און אין יעדער לאַנד האָט ער אין זיך אײַנגעשלאָסן אָרטיקע פאָלקלאָרישע מאָטיוון.

אין רוסלאַנד איז די איבערזעצונג פון „בואָווא ד׳אַנטאָנאַ“ אָנגערופן געוואָרן „באָווא־קאָראָלעוויטש“ (באָווא דעם קיניגס זון). באָווא איז געוואָרן א מין רוסישער באָגאַטיר (גיבער). אין די פאָלקס־מײַסעס פלעג מען אים מאָלן צוזאַמען מיט איליאַ מוראָמעצן און דאָבריניאַ ניקיטיטשן. די געליבטע פון באָוואַן איז אויך ענלעך אַף א טראַדיציאָנעלער באַסמאַלקע פון די רוסישע מײַסעס.

מיט „באָווא־קאָראָלעוויטשן“ האָבן זיך אינטערעסירט א סאַך רוסישע שרײַבער. ראַדישטשעוו האָט אָנגעשריבן א ליטעראַרישע באַאַרבעטונג פונעם שוין האַלב־פאָלקלאָרישן סוזשעט. פּושקין האָט אָנגעהויבן שרײַבן א פּאָעמע „באָווא“. צום באַדויערן, האָט ער זי ניט פאַרענדיקט.

אַף יידיש האָט „בואָווא ד׳אַנטאָנאַ“ איבערגעזעצט עלייאָהו לעוויטאַ אין 1507. די איבערזעצונג איז אָנגערופן געוואָרן „באָווע־בוך“ אָדער „באָווע־מײַסע“ און האָט זיך אײַנגעבירגערט אין דעמלטיקן שטייגער אַלס איינס פון די פּאָפּולערסטע ביכער פאַר יידישע פרויען און קינדער. עס זײַנען געווען א סאַך אויפלאַגעס פון דעם „באָווע־בוך“, דער טעקסט פלעג זיך ענדערן פון אויסגאַבע צו אויסגאַבע, און צום סאָף XVIII יה. איז ער שוין געווען אַזוי אָנגעפילט מיט קאָלערליי ניסים־וועניפלאָעס, אַז דער אויסדרוק „באָווע־מײַסע“ איז געוואָרן א סינאָנים פון אַן אויסטראַכטעניש. אין אָנהייב פונעם XIX יה. האָט די רוסלענדישע צענזור פאַרבאָטן דעם „באָווע־בוך“, ווײַל „דאָרט איז געזאָגט וועגן מעכאַשייפעס אין זייער פאַרשעמלעכע אויסדרוקן; וועגן האַרגענען א מיילעך און וועגן א ליבע פון דער אַלמאָנע מיטן מערדער“.

מיט דער צײַט איז דער „באָווע־בוך“ קימאַט פאַרגעסן געוואָרן, אָבער דער אויסדרוק „באָבע־מײַסע“ איז געבליבן. פאַר די, וואָס האָבן ניט געוווּסט דעם „באָווע־בוך“, האָט דער אויסדרוק ניט געהאַט קיין זין. אַף אַזאַ אויפן איז באָווע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באָבע.

מע קאָן זאָגן, אַז „די באָבע“, וואָס האָט דערציילט אָט די מײַסעס, איז געווען א יונגערמאַן, א ריטער...

# ביבליאָגראַפיע

**פון רעדאַקציע.**

מיר גיבן דעם סאָף פון דער ביבליאָגראַפישער אַרבעט וועגן ווערק פון די אומגעקומענע אין שלאַכט סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער. צווישן אַנדערס, האָט די רעדאַקציע דאָ אין זינען, אַז אונדזערע העלדן זײַנען, אַלס קלאַל, געפאַלן אויפן פראָנט, זײַענדיק נאָך אין יוגנטלעכן עלטער.

## ווערק פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, וואָס זײַנען אומגעקומען אין דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע פון 1941 — 1945 י.

### (מאַטעריאַלן צו דער ביבליאָגראַפיע)

### מ. גאָלדשטיין

**בירָאָבידזשאַנער אַפּן אַמור.** דערציילונג. מ., „עמעס", 1934. 104 ז. 3000 עקז.

**בירָאָבידזשאַנער אַפּן אַמור.** דערציילונג. [2־טע אויפלאַגע]. מ., „עמעס", 1934. 98 ז. 2000 עקז.

איבערגעדרוקט אין בוך „בירָאָבידזשאַנער דערציילונגען".

**בירָאָבידזשאַנער דערציילונגען.** מ., „עמעס", 1941. אײַנב., 120 ז. 3000 עקז.

**אינהאַלט:** אַ מאַרש אויף וואָלאָטשײַעווקע. — בירָאָבידזשאַנער אַפּן אַמור. — דאָס ערשטע לעמפּעלע. — אַ מאָדנער באַלעגאָלע. — אין איינעם אַ פרילינג. — אַ מאַיאָנטעק. — אַ שטיק גאָלד. — אַ שטורעם אין אַ זומער־נאַכט.

**דער מאַמעס וואָרט.** [דערציילונג]. אין זאַמלבוך „היימלאַנד", מאָסקווע, (1943). ז. 118—128.

**אָן אײַנפאַל פון אַ דײַטש.** [דערציילונג]. אין זאַמלונג „צום זיג", (1944). ז. 294—300.

### א. גורשטיין

**וועגן אונדזער קריטיק.** (פרײַנטלעכער פּאַמפלעט). מ., געדרוקט אין טיפּאָגר. „עמעס", 1925. 4 ז. 500 עקז.

אָן אַ הילע און טיטלבלאַט.

**פראַגן פון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש.** מאָסקווע—כאַרקאָוו—מינסק, צענטרפאַרלאַג, 1931. 88 ז. 4000 עקז. (דערשינען אין מאָסקווע).

דער בוך האָט זיך פריִער געדרוקט קאַפּיטלעכווײַז אין זש. „שטערן", 1930, נומ. 9 (מיט קופּיורן), אין זש. „פּראָליט", 1930 אין די נומערן 6, 7, 10—11 און אין זש. „רויטע וועלט", 1930, נומ. 10.

**פּראָבלעמען פון קריטיק.** מ., „עמעס", 1933. 271 ז. 2000 עקז.

פאַרן טיטל: מ. ווינער און א. גורשטיין.

אויף די ז. 5—74: א גורשטיין — לענין און די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־קענטעניש.

טיילווײַז איז דאָס אַרטיקל געווען געדרוקט אין זש. „שטערן", 1933, נומ. 5—6.

**דער איצטיקער צושטאַנד פון פּערעצעס ביאָגראַפיע.** צײַטשריפט, ב. 1, מינסק, 1926.

**אויפן וועג צום נײַעם אויסלייג.** אין זש. „די ייִדישע שפּראַך", 1927. נומ. 5—6, שפּאַלט 84.

פאַרן טיטל: א. ג.

באַמערקונג צו דער פראַגע וועגן נאַטוראַליזירן די העברעיִשע ווערטער אין דער ייִדישער שפּראַך. וועגן דער באַציִונג צו דעם אין פוילן.

**וועגן „דײַקע".** אין זש. „די ייִדישע שפּראַך". 1927, נומ. 5—6, שפּאַלט 84.

באַמערקונג צו ה. קאַזאַקעוויטשעס אַ נאָטיץ אין זש. „די ייִדישע שפּראַך", 1927, נומ. 1. מיט ליטעראַרישע טעקסטן ווערט דערוויזן, אַז „דײַקע" איז אַן אָנגענומענע דיִאַלעקטישע פאָרם.

**דעם אָנדענק פון אַן אַלטן שרײַבער.** אין זש. „רויטע וועלט", 1927, נומ. 5—6, ז. 161—164.

צום טויט פונעם שרײַבער יאַקנעהאָז (י. גאָלדבערג).

**די לינקע זײַט.** (שטריכן פון גאָלדפאַדענס טעאַטער־שטייגער), אין „טעאַטער־בוך" (1927). ז. 69 — 72.

**נ. אויסלענדער, ד. וואָלקנשטיין, ב. לוריע, ע. פינינבערג. — ייִדישע ליטעראַטור. כרעסטאָמאַטיע פון ליטעראַטור און קריטיק. ערשטער טייל.** „קול־

טור־ליגע", קיעוו, 1928. זײַטן 367 (פֿאָרמאַט — גרויסע אָקטאַוו). [רעצענזיע]. אין זש. „רויטע וועלט", 1928, נומ. 11, ז. 103—106.

דער יונגער מענדעלע אין קאָנטעקסט פֿון די 60־ער יאָרן. (שטריכן). אין זאַמלבוך „שריפֿטן", ב. 1. (1928). ז. 180—198.

סאַכאַקלען פֿון דער מענדעלע־פֿאָרשונג. אין זאַמלבוך „צײַטשריפֿט". נומ. 2—3. (1928). שפּאַלטן 485—524.

קריטיש־ביבליאָגראַפֿישער איבערזיכט איבער דער וויכטיקסטער ליטעראַטור וועגן מענדעלען אין ייִדיש, העברעיִש און רוסיש, פּובליקירט אין די יאָרן 1884—1927.

וועגן אײניקע טײַנעס צו „דער ייִדישער שפּראַך". אין זש. „די ייִדישע שפּראַך", 1929, נומ. 1, ז. 39—44.

וועגן אײניקע שפּראַך־מאָמענטן (פּוריזם און אנד.) וועלכע ווערן קולטיווירט אין זשורנאַל „די ייִדישע שפּראַך". אַן ענטפֿער דער רעדאַקציע אַף אירער א באַמערקונג אינעם נומ. 3 פֿון 1928 י. סײַ די באַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע און סײַ א. גורשטיינס אַרטיקל זײַנען פֿאַרבונדן מיט א. גורשטיינס רעצענזיע אַפֿן זשורנאַל „די ייִדישע שפּראַך" אין דער צײַטונג „דער עמעס", 1928, נומ. 81.

א נײַער ווענדפּונקט אין דער מענדעלע־פֿאָרשונג. (איבערזיכט פֿון דער נײַסטער מענדעלע־ליטעראַטור). אין זאַמלבוך „וויסנשאַפֿטלעכע יאָרביכער", ב. 1. (1929). ז. 214—226.

איבערזיכט איבער דער ליטעראַטור וועגן מענדעלען, דערשינען אין ראַטנפֿאַרבאַנד און אין אויסלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיטן 10־טן יאָרטאָג פֿון מענדעלעס טויט.

היסאָפּעס און אויסבעסערונגען צו ב. באָראָכאָווס „פּרעק־ביבליאָגראַפֿיע". [געדרוקט אין מאָנאַטס־שריפֿט „ליטעראַטור און לעבן — די נײַע ייִדישע וועלט", ניו־יאָרק, 1915, נומ. 5]. אין „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך", ב. 1, (1930). ז. 487—506.

מײַן ענטפֿער. אין זש. „פּראָליט". 1931, נומ. 1—2, ז. 139—142.

אַן ענטפֿער מ. כאַשטשעוואַצקין אַף זײַן אַרטיקל: „איך וויל דערגיין א טאָלק". אין זש. „פּראָליט", 1930, נומ. 1—2.

וועגן דער אַקסענפֿעלד־אויסגאַבע און וועגן אײגענע פֿעלערן.

אין דער זאַמלונג „קעגן אַנטימאַרקסיסטישע טעאָריעס אין דער ליטעראַטור־פֿאָרשונג". (1932). ז. 53—60, 116.

פֿאָרטראַג און שלוסוואָרט אַפֿן פּלענום פֿון דער ליטסעקציע פֿון אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בא דער אַלוקר. וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע. 26 פֿעוראַל — 3 מאַרט 1932 י.

וועגן כ' י. נוסינאָווס אַרבעטן. אין בוך „פֿאַרן לענינישן עטאַפּ אין דער ליטעראַטור־קריטיק". (1932). ז. 113—124, 179—182.

פֿאָרטראַג און שלוסוואָרט אַפֿן פּלענום פֿון דער ליטסעקציע פֿון אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בא דער אַלוקר. וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, (אַפּרעל 1932).

דער שלוסוואָרט איז געווידמעט פּ. שאַפּיראָס אַרויסטרעטונג אַפֿן פּלענום וועגן א. גורשטיינס בוך „פֿראַגן פֿון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש".

דאָס ייִדישע בוך אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד אין 1932. (ביבליאָגראַפֿיע). אַרויסג. פֿון דער מעלוכע־ביבליאָטעק און פֿונעם ביבליאָגר. אינסטיטוט פֿון ווססר אַפֿן נאָמען פֿון וו. אי. לענין (ייִדישער אָפּטייל), מינסק, 1933. זײַטן XXXVI + 132. [רעצענזיע]. אין זש. „שטערן", 1934, נומ. 10, ז. 109—110.

צו דער פּראָבלעם פֿון דער געשיכטלעכער טעמע (וועגן מ. ווינערס היסטאָרישער דערציילונג „קאָלווו אשקענאזי". פֿאַרלאַג „עמעס", מאָסקווע, 1934). אין זש. „שטערן", 1934, נומ. 12, ז. 85—92.

אַף דער פּערעקטעמע. אין זש. „שטערן", 1935, נומ. 4, ז. 81—86.

וועגן זוסקינס קונסט. אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש", נומ. 2. (1935). ז. 390—399.

פּיניע בערגס דיכטערישער וועג. אַלגעמיינע באַמערקונגען. אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש", נומ. 3. (1935). ז. 351—364.

פּלעכאַנאָווס אָנשויונגען וועגן ליטעראַטור. אין זאַמלבוך „וויסנשאַפֿט און רעוואָלוציע", נומ. 3—4. (1935). ז. 9—45.

וועגן שלוימע רעב כאַימס. אַרײַנפֿיר. באַמערקונגען. אין בוך: מענדעלע מוכער־ספֿאָרים — געזאַמלטע ווערק. ב. VI, מ., 1935. ז. 379—442.

דערקלערונגען צום טעקסט פֿון בוך „שלוימע רעב כאַימס" און אַנדערע אויטאָביאָגראַפֿישע מאַטעריאַלן, וועלכע גייען אַרײַן אינעם באַנד.

א געלונגענער פּרווו. (וועגן אורי פֿינקעלס בוך „מענדעלע מוכער־ספֿאָרים" [1 טייל מינסק., ווײַסר. מעלוכע־פֿאַרלאַג]. 1937. אין זש „פֿאָרפּאָסט". 1936, נומ. 2, ז. 188—193.

וועגן „יעוגעני אָניעגין". אין זש. „פֿאָרפּאָסט", 1937, נומ. 1, ז. 327—336.

א פּרײַדיקע באַגעגעניש. אין דער זאַמלונג „טעוויע דער מילכיקער אין מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאַטער". (1938). ז. 18.

פֿאָרוואָרט [צום בוך „פֿאַרגעסענע לידער"]. אין בוך „פֿאַרגעסענע לידער". צונויפֿגעזאַמלט — י. רימיניק, מ., „עמעס". 1939, ז. 3—5.

אונטער איין דאַך. אין זאַמלונג „א גרויס אײַך, באַפֿרײַטע ברידער". (1939). ז. 48—49.

אָן אַנהייב. (ראַנד־באַמערקונגען אַף שוואַרצמאַנס בוך). אין זאַמלונג „אַשער שוואַרצמאַן". (1940). ז. 70—78.

דער ייִדישער טעאַטער אין די 60־ער יאָרן פֿונעם XIX יה. אין זאַמלבוך „מענדעלע און זײַן צײַט". (1940). ז. 197—220.

וועגן פּרווון צו שאַפֿן א ייִדישן טעאַטער אין וואַרשע.

עטלעכע באַמערקונגען צו מענדעלעס בריוו. אין זאַמלבוך „מענדעלע און זײַן צײַט". (1940). ז. 47—49.

וועגן מענדעלעס 3 בריוו — געשריבן דעריקער אין רוסיש — פאר די יארן 1882 — 1883 צו מיט־גלידער פון דער מישפאכע בינשטאק, פובליקירט אין דער דאזיקער זאמלונג.

סאציאליסטישער אינהאלט און נא־ציאנאלע פארם פון דער סאוועטישער ליטעראטור. אלגעמיינע באטראכטונגען צו דער טעמע. אין אלמאנאך „סאוועטיש", נום. 11, (1940). ז. 384—404.

פארן טיטל: א גורשטיין און מ. ווינער.

### מ. גערשענזאן

אוטיל. (פיאנערן־שפיל). כארקאוו—קיעוו, צענטרפארלאג, אוקר. אפטיילונג, 1931. 51 ז. 3000 עקז. (שול־ און פיאנערן־ביבליאטעק). (דערשינען אין קיעוו).

הערשעלע אסטראפאליער. א פאלקס־שפיל אין דריי אקטן. קיעוו, נאצמינדפארלאג, 1939. איינב., 69 ז. 1350 עקז.

בא דער גרענעץ. [איינאקטער]. אין זש. „אקטיאבערל", 1938, נום. 4, ז. 4—8.

דער כאר. [קינדער־ליד]. אין זש. „אקטיא־בערל", 1935, נום. 1—2, ז. 23.

דער דאמסקער שניידער. (א קאמיטראג־געדיע אין 3 אקטן). אין זש. „פארמעסט", 1937, נום. 12, ז. 141—143.

ווו איז מיישקע? (פעליעטאן). אין זש. „זיי גרייט", 1939, נום. 1, ז. 34—37.

דער דירעקטאר. (וואדעוויל אין איין אקט). אין זש. „סאוועט. ליטעראטור", 1940. נום. 7, ז. 80—93.

באלוינט אפן אלפארבאנדישן קאנקורס פון איינ־אקטערס מיט דער דריטער פרעמיע.

באם דניעסטער. (א פיעסע אין איין אקט). אין זש. „זיי גרייט", 1940, נום. 9, ז. 18—21.

פאן־וואנצ. כיעס. (מעשאלים). אין אלמא־נאך „היימלאנד". (1943). ז. 166—167.

מעשאלים. אין אלמאנאך „דער שטערן", 1947, נום. 1, ז. 281—284.

אינהאלט: פיר כיעס. — דער מיניסטער. — דעם פוקס' מאפאלע. — די ציבעלע.
פון דער ליטעראַרישער ירושע.

### א. גרינזייד

אופקום. [דערציילונגען]. כארקאוו—קיעוו, נאצמינדפארלאג, 1932. 179 ז. 3150 עקז. (געדרוקט אין אדעס).

אינהאלט: אין שטאט אריין. — אף דער ליניע. — בריגאדיר. — אופקום. — א לייבלעכע ביקס. — שטענדיק יונג.

„אף דער ליניע" — געווען געדרוקט אין זש. „פראליט", 1928, נום. 7; „בריגאדיר" — אין זש. „פראליט", 1930, נום. 12; „א לייבלעכע ביקס" — אין זש. „רויטע וועלט", 1931, נום. 6 און „שטענדיק יונג" — אין זש. „פראליט", 1931, נום. 4—5.

א פראגמענט פון „אין שטאט אריין" איז געווען פארעפנטלעכט (מיט ענדערונגען) אין זש. „יונגער בוי־קלאנג", 1928, נום. 5.

א ויניצער קאנפערענץ [אומפארטייישע קאנפערענץ פון ארבעטער־ און קוסטארישע לערן־יוגנט. פארציילונג]. אין זש. „יונגוואלד", 1925, נום. 5, ז. 18.

גובי־ידן. [פארציילונג]. אין זש. „יונג־וואלד", 1926, נום. 4, ז. 22—23.

פריילעך אין קלוב. [פארציילונג]. אין זש. „יונגוואלד", 1926, נום. 1, ז. 18.

סמיטשקע. פארציילונג. אין זש. „יונג־וואלד", 1926, נום. 4, ז. 18.

אין פלאנטער. [דערציילונג]. אין זש. „יונג־וואלד", 1927, נום. 5, ז. 17—19.

אין די נעגל פון באהעמע. אין זש. „יונגער בוי־קלאנג", 1928, נום. 6, שפאלטן 31—34.
וועגן באהעמע־שטייגער צווישן שרייבער.

אין קעסל. (דערציילונג). אין זש. „יונגער בוי־קלאנג", 1928, נום. 7, שפאלטן 3—14.

וואס פאדערט פון אונדז דער קאמ־יוג? (פונעם פארטראג אף דער אלוקראאינישער בעראטונג פון די ייִדישע קאמיוגישע שרייבער). אין זש. „פראליט", 1932, נום. 3—4, ז. 70—82.

„ליטקאמיוג". [פארעדע]. אין זאמלבוך „ליטקאמיוג". (1933), ז. 3—5.

### מ. דובילעט

קריטישע ארטיקלען. קיעוו, נאצמינד־פארלאג, 1939. איינב., 144 ז. 1000 עקז.

אינהאלט: ייסראעל אקסענפעלד. — שלוימע עטינגער. — מענדעלעס רעאליזם. — וויאזוי האט מענדעלע געארבעט. — דעם באלעגופס טויט (וועגן פערעץ מארקישעס פאעמע). — פון די מיסטישע „גיטער" — צו די סאציאליסטישע „הויפט־שטעט". (וועגן דעם ניסטערס פארציילונגען). — „אינגול באיאר" [פון ע. גארדאן]. — געשיכטע און קונסט. [וועגן אווראם קאהאנס ראמאן „ארן ליבערמאן"]. — „מעראן" [פון ש. שקאראווסקי].

דער גרעסטער טייל ארטיקלען איז שוין פריער געווען געדרוקט אין זשורנאלן. דא זיינען זיי איי־בערגעדרוקט געווארן מיט געוויסע ענדערונגען.

„ייסראעל אקסענפעלד". צום ערשטן מאל פובלי־קירט אין זש. „שטערן", 1938 נום. 8. אין ארטיקל אין טיילווייז אויסגענוצט געווארן דער אריינפיר פון מ. דובילעט צו ש. עטינגערס „געקליבענע ווערק", קיעוו, 1935; „וויאזוי האט מענדעלע געארבעט" — אין זש. „פארמעסט", 1936, נום. 1; „דעם באלעגופס טויט" — אין זש. „פארמעסט", 1935, נום. 12. „פון די מיסטישע „גיטער" — צו די סאציאליסטישע „הויפט־שטעט". אין זש. „פארמעסט", 1935, נום. 10; „אינגול באיאר" — אין זש. „פארמעסט", 1935, נום. 5—6; „מעראן" — אין זש. „פארמעסט", 1935. נום. 2—3.

נאך וועגן א קולטור־פראגע. [נא־טיצן]. אין זש. „אדעסער ארבעטער", 1927, נום. 12, ז. 14.

וועגן די אופגאַבן צו אַנטוויקלען די ליטעראַרישע קולטור פונעם מאַסן־לייענער.

ווי אַזוי דאַרף זײַן געבויט א ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע פאַרן צווייטן קאָנצענטער אַרבעט־שול. אין זש. „ראַטנבילדונג", 1928, נום. 9—10, ז. 37—41.

דאָס אָרט פון ליטעראַטור אין דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע אין אַרבעט־שול. אין זש. „ראַטנבילדונג", 1929, נום. 10, ז. 35—37.

י.־ל. פּערעץ אין דער אַרבעט־שול. (צום 15־טן יאָרצײַט). אין זש. „ראַטנבילדונג", 1930, נום. 3, ז. 28—36.

א פאַרלאָזענער געביט. אין זש. „פּראָליט", 1931, נום. 3, ז. 54—61.

מיקויעך דער ליטעראַרישער דערציִונג פון דער שול־יוגנט. וועגן פאַרקריפּלונגען אין שול־פּראָגראַמען פאַר ליטעראַטור און אין פאַרשיידענע לערנביכער.

באַוושאַווער אין דער אַרבעט־שול. (צו זײַן 15־טן יאָרצײַט). אין זש. „ראַטנבילדונג", 1930, נום. 10, ז. 77—87.

וועגן פּאָליטעכניזם אין ליטעראַטור־לימעד. אין זש. „ראַטנבילדונג", 1931, נום. 5—6, ז. 170—175.

די ליטעראַטור־קינסטלערישע אויספאָרמירונג פון קאַרל מאַרקס „דער 31־טער ברומער פון לוי באָנאַפּאַרט". (פּרווו פון אַנאַליז). אין זש. „פאַרמעסט", 1933, נום. 5—6, ז. 106—125.

וועגן פּערעץ מאַרקישעס פּיעסעס. אין זש. „פאַרמעסט", 1934, נום. 12. ז. 87—98.

וועגן „ערד", „פינפטער האָריזאָנט", „ווער וועמען". די פּיעסעס גייען אַרײַן אין בוך: פּ. מאַרקיש — געז. ווערק. ב. 6. פּיעסעס. מ., „עמעס", 1933.

עטינגערס אויסגאַבעס. (ביבליאָגראַפישער איבערזיכט). אין בוך: ש. עטינגער — געקליבענע ווערק, קיִעוו, 1935. ז. 349—367.

וועגן עטינגערס דראַמאַטישער טעכניק. (נאָטיצן). אין בוך: ש. עטינגער — געקליבענע ווערק, קיִעוו, 1935, ז. 34—40.

טיילווײַז איבערגעדרוקט אין בוך פון מ. דובילעט „קריטישע עטיודן" אינעם אַרטיקל „שלוימע עטינגער".

י.־ל. פּערעץ אין דער מיטלשול. א פּרווו פון א מעטאָדישער באַאַרבעטונג. אין זש. „פאַרמעסט", 1936, נום. 1, ז. 50—66.

מענדעלע מוכר־ספֿרים אין דער מיטלשול. (פּרווון פון מעטאָדישער פאַנאַנדערארבעטונג). אין זש. „ראַטנבילדונג", 1936, נום. 2, ז. 22—51.

פּושקינס רעאַליזם. אין זש. „שטערן", 1937, נום. 1, ז. 126—134.

ניקאָלײַ אָסטראָווסקי. אין זש. „שטערן", 1937, נום. 3, ז. 113—120.

וועגן זשורנאַל „אָקטיאַבערל". („אָקטיאַבערל". אילוסטרירטער כוידעש־זשורנאַל. אָרגאַן פון צק אלקיופ און פאָלקסקאָמבילד אוססר, 1938, נום. 1—38). אין זש. „סאָוועטישע ליטעראַטור", 1938, נום. 10, ז. 161—163.

גרונט־שטריכן פון שאָלעם־אַלייכעמס רעאַליזם. אין זש. „סאָוועט. ליטעראַטור". 1939, נום. 1, ז. 124—149.

ווי אַזוי האָט שאָלעם־אַלייכעם געאַרבעט. אין דער זאַמלונג „פראַגן פון שאָלעם־אַלייכעמס שאַפונג". (1939). ז. 41—44.

פאַרטראָג אף דער שאָלעם־אַלייכעם־סעסיע פונעם אָפּטייל פאַר סאָציאַלע וויסנשאַפטן פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון אוססר, (24—26 אַפּרעל 1939).

ווי אַזוי האָט שאָלעם־אַלייכעם געאַרבעט. אין זש. „סאָוועט. ליטעראַטור", 1939, נום. 6, ז. 90—106.

צוויי וועלטן. (וועגן באַטאַן זאַבאַרעס ראָמאַן „פון לאַנד צו לאַנד"). אין זש. „שטערן", 1939, נום. 7, ז. 72—80.

וועגן די געשטאַלטן פון עליע גאָרדאָנס „דרײַ ברידער". אין זש. „סאָוועט. ליטעראַטור". 1940, נום. 1, ז. 154—158.

דער ניסטער. אין זש. „סאָוועט. ליטעראַטור". 1940, נום 5, ז. 152—167.

## מ. דעכטיאַר

בויער. דערציילונגען. מינסק, ווײַסר. מעלוכע־פאַרלאַג, נאַצ. סעקטאָר, 1936. אײַנב., 194 ז. 1685 עקז.

אינהאַלט: א דענקמאָל. — מוליאַרעס. — אונטער א דעמב. — צום דאָנבאַס. — ביוסטן. — די וועגנערע האָט געפינקלט. — קאַרטאָפל. — א קריגל זויערמילך. — בא א קאָלווירטיש שטיבל.

„א דענקמאָל" — געווען געדרוקט אין זש. „שטערן", 1934, נום. 8—9, איבערגעדרוקט אין בוך „אונדזער ערד"; „אונטער א דעמב" — געדרוקט אין זש. „שטערן", 1935, נום. 7, איבערגעדרוקט אין בוך „אונדזער ערד"; „צום דאָנבאַס" — געדרוקט אין זש. „שטערן", 1932, נום. 3; „ביוסטן" — אין זש. „שטערן", 1935, נום. 5—6.

טרײַע וועכטער. [דערציילונגען]. מינסק, ווײַסר. מעלוכע־פאַרלאַג, 1938. 27 ז. 2000 עקז. (מאַסן־ביבליאָטעק).

אינהאַלט: צימבאַלעס. — טרײַע וועכטער.

„צימבאַלעס" — פריִער געדרוקט אין זש. „שטערן", 1936, נום. 9, איבערגעדרוקט אין בוך „אונדזער ערד". „טרײַע וועכטער" — איבערגעדרוקט אין בוך „אונדזער ערד".

ברידער. [דערציילונגען]. מינסק, ווײַסר. מעלוכע־פאַרלאַג, 1940, 48 ז. מיט 1 פּאָרטר. פונעם אווטאָר, 2000 עקז. (מאַסן־ביבליאָטעק).

אינהאַלט: ברידער. — אַן אייגענער דאָקטער. — בא א ברעג פון פריפּיאַט.

אונדזער ערד. [דערציילונגען]. מינסק, ווײַסר. מעלוכע־פאַרלאַג, 1939. אײַנב., 155 ז. 1500 עקז.

אינהאַלט: צימבאַלעס. — אַן אייגענער דאָקטער. — די גרויסע נעסיִע. — א דענקמאָל. — אונטער א דעמב. — א פאַרלאָרענער קייווער. —

בא א ברעג פון פריפיאט. — בושלעס. — טריַע וועכטער. — הענעך דער טעסלער. — א בירא̇בידזשאנער מיידל. — גערשן דער שטוקאטור. — בא א ברונעם.

„אן אייגענער דא̇קטער״ — דערשינען פריִער אין זש. „שטערן״, 1937. נומ. 10—11. איבערגעדרוקט אין בוך „ברידער״; „די גרויסע נעסיִע״ — געדרוקט אין זש. „שטערן״, 1937, נומ. 3; „א פארלא̇רענער קיִיווער״ און „בושלעס״ — געדרוקט אין זש. „שטערן״, 1937. נומ. 7—8.

פּאלאצן. (קאפיטלען). אין זש. „שטערן״, 1936, נומ. 4, ז. 32—45.

די ווערט פון א מענטשן. [דערציילונג]. אין זש. „שטערן״, 1937, נומ. 5—6, ז. 20—26.

אף הויכע שטאפּלען. [דערציילונג]. אין זש. „שטערן״, 1938, נומ. 10, ז. 13—18.

## מ. הארצמאן

מיַין צווייטע יוגנט. לידער. כארקא̇וו — קיִעוו, צענטרפארלאג, 1931. 54 ז. 2000 עקז.

אף די ז. 3—6: פא̇רווא̇רט פון י. נוסינא̇וו.

מיר — דיזין. [לידער]. מינסק, וויַיסר. מעלוכע־פארלאג, יִיד. סעקטא̇ר, 1932. 64 ז. 2000 עקז.

גוט־מא̇רגן, מיַין לאנד! [לידער]. קיִעוו — כארקא̇וו, נאצמינדפארלאג, 1935, איַינב., 160 ז. 1500 עקז.

כ׳הא̇ב ליב דיך, לעבן. (ליריק). קיִעוו, נאצמינדפארלאג, 1937, איַינב., 131 ז. 2150 עקז.

א ברידערלעכער גרוס. [לידער]. קיִעוו, נאצמינדפארלאג, 1939. 27 ז. 8000 עקז.

גא̇לדענע פאקעלן. [לידער און פא̇עמעס]. קיִעוו, נאצמינדפארלאג. 1939. איַינב., 164 ז. + 1 בלאט פּא̇רטר. פונעם אווטא̇ר. 1000 עקז.

רא̇כלס ליבע. פּא̇עמע. קיִעוו, נאצמינדפארלאג, 1940, 73 ז. 1500 עקז.

[ארויסטרעטונג אין די דעבאטן אף דער 2־טער אלוקר. קא̇נפערענץ פון די יִידישע פרא̇לעטארישע שריַיבער. (אפּרעל 1930)]. אין בוך: „אף די שלאכט־פּא̇זיציעס פון דער פּרא̇לעטארישער ליטעראטור״. (1932), ז. 220.

לידער. אין זש. „סא̇וועט. ליטעראטור״, 1941, נומ. 2, ז. 123—125.

איַנהאלט: הא̇ט איר געזען... געכא̇לעמט הא̇ט זיך מיר. — איך וועל... — דא̇ס פישער־מיידל.

דער טויט־אורטייל. [ליד]. אין אלמאנאך „דער שטערן״, 1947, נומ. 1, ז. 148—154.

דא̇ס לעצטע ווערק פונעם העלדיש־אומגעקומענעם דיכטער. פון זיַין ליטעראַרישער יערושע.

## ש. העלמא̇נד

יוגנט אין לאנד. [לידער]. מא̇סקווע — כארקא̇וו — מינסק, צענטרפארלאג, 1931. 80 ז. 3000 עקז. (דערשינען אין מא̇סקווע).

עלעקטריע אין סטעפּ. (פּא̇עמע). קיִעוו — כארקא̇וו, נאצמינדפארלאג, 1935, איַינב., 111 ז. 1500 עקז. (דערשינען אין קיִעוו).

די ליד וועגן מישקע שאבאלין פון קא̇לווירט „סטאלין״. פּא̇עמע [פאר קינדער]. קיִעוו, נאצמינדפארלאג, 1937, איַינב., 46 ז. מיט איליוסטר., 1500 עקז.

לידער. קיִעוו, נאצמינדפארלאג, 1940. 114 ז. 1000 עקז.

גערא̇נגל. [דערציילונג]. אין זש. „יונגוואלד״, 1925, נומ. 2, ז. 16—17.

דא̇רף. [דערציילונג]. און זש. „א̇קטיאבער״ 1925, נומ. 1, ז. 57—62.

אוקראיִנע. [ליד]. אין זש. „שטערן״, 1925, נומ. 2, ז. 7—8.

1. טריפּא̇ליע. (פּא̇עמע). 2. אין כא̇רעווע שטעט. (ציקל). אין דער זאמלונג „קעפּ״. (1926). ז. 37—45.

## א. ווארא̇בייטשיק

פארווא̇ס און ביזוואנען. קינדער־מיַיסע. (אף א פּרעמדן סוזשעט). [כארקא̇וו], אוקר. מעלוכע־פארלאג, 1926. 15 ז. 5000 עקז.

שניַיעלעך־כאווערטעס. (קינדער־מיַיסע). אף א סוזשעט פון ל. טאלפּריים. כארקא̇וו, אוקר. מעלוכע־פארלאג, 1927. 5 ז. 3000 עקז.

שא̇לעם־אליַיכעם דער קינסטלער און זיַינע ווערק. אין בוך שא̇לעם־אליַיכעם — געקליבענע ווערק. כארקא̇וו, אוקר. מעלוכע־פארלאג, 1926, ז. 7—52.

פון דעם זיַידנס שפּראך־לאבא̇ראטא̇ריע. אין זש. „א̇דעסער ארבעטער״, 1928, נומ. 13, ז. 5—8.

וועגן מענדעלעס ארבעט אף דער שפּראך פון זיַינע ווערק.

באראטונג וועגן רעפא̇רמע פון אויסליַיג. אין זש. „א̇דעסער ארבעטער״, 1928, נומ. 20, ז. 14.

וועגן דער ארבעט און באשלוסן פון דער א̇רטא̇גראפישער באראטונג באם צווייטן אלפארבאנדישן צוזאמענפא̇ר פון יִידישע קולטור־טוער, 1928, (9־טן אפּרעל).

וועגן ארכיוו פון דער יִידישער ליטעראטור. אין זש. „פּרא̇ליט״, 1930, נומ. 5, ז. 88—90.

וועגן דער נייטיקיַיט צו שאפן אן ארכיוו באם מענדעלע־מוזיי אין א̇דעס.

אין די פוסטריט פון סא̇צבויונג, א̇בער נא̇ך ניט גא̇ר אין פוס. (מ. אלבערטא̇ן — „שאכטעס״), פארלאג „עמעס״, מא̇סקווע, 1931 [רעצענזיע]. אין זש. „פּרא̇ליט״, 1931, נומ. 9—10, ז. 71—88.

די ערשטע פעסטע טריט. (נא̇טע לוריע — „דער סטעפּ רופט״, מ., „עמעס״, 1932). אין זש. „שטערן״, 1932, נומ. 6, ז. 77—87, נומ. 7—8, ז. 135—144.

ארויסטרעטונג אין די דעבאטן אף דער 2־טער אלוקר. קא̇נפערענץ פון די יִידישע פּרא̇לעטארישע שריַיבער, (אפּרעל, 1931)], אין בוך: „אף די שלאכט־פּא̇זיציעס

פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור". (1932). ז. 180—181.

האַנטשריפטלעכע וואַריאַנטן פון "שלוימע רעב כאַיִמס". (באַשרײַבונג פון די מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין מענדעלע־אַר־כיוו אינעם אלוקראַאינישן מוזיי פאַר יידישער קול־טור, אָדעס). אין בוך: מענדעלע מויכער־ספאָרים — געזאַמלטע ווערק. ב. VI, שלוימע רעב כאַיִמס. מ., "עמעס", 1935, ז. 335—372.

מענדעלע מויכער־ספאָרים און דער ציִעניזם. אין זש. "שטערן", 1936, נומ. 1, ז. 67—73.

וועגן מענדעלעס ניט־פּובליקירטער דערציילונג. אין זש. "שטערן", 1938, נומ. 12, ז. 64—68.

וועגן מענדעלעס דערציילונג "פּײַטל", געדרוקט אין זש. "שטערן", 1938, נומ. 12.

אין אַן אָפּגעלעגן ווינקעלע. אין זש. "שטערן", 1939, נומ. 3—4, ז. 91—113.

וועגן שאָלעם־אַליינכעמס "א בינטל בלומען אָדער פּאָעזיע אָן גראַמען", בערדיטשעוו, 1888.

פון מענדעלעס לאַבאָראַטאָריע. (זײַן נאָוועלע "מײַן (לעצטע) נעסיע"). אין זש. "שטערן", 1939, נומ. 7, ז. 5—8.

צושטײַער צו יִצחאָק־ייִעל לינעצקיס ביאָגראַפיע. אין זש. "שטערן", 1939, נומ. 9, ז. 69—79.

צו מענדעלעס דערציילונג "אַדעראַבע, ווער איז מעשוגע?". אין בוך: "מענדעלע און זײַן צײַט" (1940). ז. 9—11.

באַגלייט־אַרטיקל צו מענדעלעס אַן אומבאַקאַנטער דערציילונג.

צו מענדעלעס דערציילונג. ["די מילכאָמע פון האַבאָסע־קאַמאַנדע"]. אין בוך: "מענדעלע און זײַן צײַט" (1940). ז. 17—18.

באַגלייט־אַרטיקל צו מענדעלעס אַן אומבאַקאַנטער דערציילונג.

אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם פּלאַן פון מענדעלעס דערציילונג "די אויסגעבאַרטע בכוירע". אין בוך: "מענדעלע און זײַן צײַט. (1940). ז. 20—22.

אַרום מענדעלעס פּלענער וועגן אַ יידישער פּעריאָדישער אויסגאַבע. אין בוך: "מענדעלע און זײַן צײַט", (1940). ז. 23—25.

צו דינעזאָנס און ספּעקטאָרס בריוו. אין בוך: "מענדעלע און זײַן צײַט", (1940). ז. 55—57.

באַגלייט־אַרטיקל צו י. דינעזאָנס און מ. ספּעקטאָרס בריוו צו י.־י. לינעצקי פאַרן יאָר 1887.

צו דער פראַגע וועגן מענדעלעס ליטעראַרישער יערושע. אין בוך: "מענדעלע און זײַן צײַט", (1940), ז. 58—61.

שאָלעם־אַליינכעם און די אָדעסער צאַרישע צענזור. אינעם בוך: "שאָלעם־אַליינכעם, זאַמלונג פון קריטישע אַרטיקלען און מאַטעריאַלן". (1940). ז. 165—175.

מוזיי פאַר יידישער קולטור פון מענדעלע מויכער־ספאָרים. אין זש. "אויפבוי" (ריגע). 1941, נומ. 3, ז. 64—69.

## מ. ווינער

עלע פּאָלעקס אונטערגאַנג. קיִעוו, אוקר. מעלוכע־פאַרלאַג, 1929. 178 ז. 3000 עקז.

פּראָבלעמען פון קריטיק. מ., "עמעס", 1933, 271 ז. 2000 עקז.

פאַרן טיטל: מ. ווינער און א. גורשטיין.

אינהאַלט: וועגן איינער אַ סטיל־פּראָבלעם (די סאָציאַלע וואָרצלען פון שאָלעם־אַליינכעמס הומאָר). — צו דער פּראָבלעם פון ליטעראַרישער יערושע ("די טעאָריע וועגן די "גוטע סאָפּן" אין א. וועוויאָרקעס בוך "רעוויזיע", כאַרקאָוו—קיִעוו, 1931). — מאַטעריאַלן צו א. וועוויאָרקעס שאַמער־לעגענדע. [צו דער קריטיק פונעם בוך "רעוויזיע"].

"וועגן איינער אַ סטיל־פּראָבלעם" איז לעכאַטכילע פאַרעפנטלעכט אין 1932 י. אלס אַרײַנפיר צום בוך: "שאָלעם־אַליינכעם. — געזאַמלטע ווערק. ב. V, מאָטל פּייסי דעם כאַזנס. קיִעוו, נאַצמינדפאַרלאַג, 1932 — "צו דער פּראָבלעם פון ליטעראַרישער יערושע" שטעלט מיט זיך פאָר אַן איבעראַרבעטונג פון אַ פּאָרטראַג אָפּן לעפענונג פון דער ליטסעקציע פון אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור אין קיִעוו, וועלכער איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער זאַמלונג "פאַרן לעניִנישן עטאַפּ אין דער ליטעראַטור־קריטיק" (1932). אינעם זש. שטערן", 1932, נומ. 4—5 איז דער זעלבער פּאָרטראַג פאַרעפנטלעכט אונטערן נאָמען "קעגן דער קלייַנבירגערלעכער רעוויזיע פון מאַרקסיזם אין דער ליטעראַטור־געשיכטע".

קאַלעווו אַשקענאַזי [דערציילונג פון יידישן לעבן אין פּוילן אין 17 יה.]. מ., "עמעס", 1934, אײַנב., 168 ז. 3000 עקז.

אף די ז. 165—168: וואָרט־דערקלערונגען.

עטיודן וועגן מענדעלען אין די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן. מ., "עמעס". 1935. אײַנב.. 200 ז. + 4 בלעטער־פּאָרטר. 2000 עקז.

אינהאַלט: אונדזער באַציִונג צו דער ליטעראַרישער יערושע פון מענדעלען. — אויפקלערונג און פּאָלקיזם אין מענדעלעס וועלט־אָנשויונג. — מענדעלע אין די 60־ער יאָרן. — מענדעלעס סאָציאַלע אָנשויונגען און זײַן ליטעראַרישע פּראָגראַם. — מענדעלע אין די זיבעציקער יאָרן. — מענדעלע און דער ליטעראַריש־שפּראַכלעכער סטיל־קאַנאָן. — רעאַליזם און ראָמאַנטיק אין מענדעלעס סטיל.

די גאַנצע אַרבעט איז שפּעטער מיט געוויסע ענדערונגען איבערגעדרוקט געוואָרן אין בוך: "צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין XIX יאָרהונדערט". קיִעוו, 1940.

קאַלעווו אַשקענאַזי. היסטאָרישע דערציילונג (נײַע, איבערגעאַרבעטע אויפלאַגע). מ., "עמעס", 1938. אײַנב., 358 ז. 2500 עקז.

אף די ז. 251—255: וואָרט־דערקלערונגען.

צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין XIX יאָרהונדערט. עטיודן און מאַטעריאַלן. קיִעוו, נאַצמינדפאַרלאַג, 1940. אײַנב., 458 ז. 2000 עקז.

אינהאַלט: פאָרוואָרט. — די יידישע ליטעראַטור באַם אָנהייב פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט. —

וועגן אקסענפעלדס פּיעסעס. — די רעקרוטשינע אין דער שײנער ליטעראַטור פֿון דער האַסקאָלע. — עטלעכע באַמערקונגען וועגן אקסענפעלדס פּראָזע. — ש. עטינגער, זײַן אָרט אין דער ליטעראַטור. — די ראָל פֿון שאַבלאָנישער פֿראַזעאָלאָגיע אין דער ליטעראַטור פֿון דער האַסקאָלע. — דיאַלעקט און ליטעראַטור־שפּראַך. — מענדעלע און די טראַדיציעס פֿון דער וועלט־קלאַסיק. — מענדעלעס סטיל (וועגן „פֿישקע דעם קרומען"). — עטיודן וועגן מענדעלען אין די 60־ער און 70־ער יאָרן. — אָנמערקונגען און עקסקורסיעס. [אויסצוגן פֿון ווערק, ביבליאָגראַפֿישע און אַנדערע מאַטעריאַלן וועגן פּראַגן, וועלכע ווערן באַהאַנדלט אין בוך].

דער גרעסטער טײל אַרבעטן פֿונעם דאָזיקן בוך איז פֿריִער געווען געדרוקט אין פֿאַרשײדענע אויסגאַבעס.

„די ייִדישע ליטעראַטור באַם אָנהייב פֿונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט" איז צום ערשטן דערשינען אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש" נום. 9—10 (1939); אין 1940 — מיט ענדערונגען אָפּגעדרוקט אַלס אַרײַנפֿיר צו דער אַנאָנימער אויסגאַבע „די גענאַרטע וועלט".

„וועגן אקסענפעלדס פּיעסעס" — פֿריִער געווען אָפּגעדרוקט אין בוך: „אקסענפעלדס ווערק", ב. 1 (1931).

„די רעקרוטשינע אין דער שײנער ליטעראַטור פֿון דער האַסקאָלע" — אין „אקסענפעלדס ווערק". ב. 1 אַלס אַרײַנפֿיר צום „ערשטן ייִדישן רעקרוט".

„עטלעכע באַמערקונגען וועגן „אקסענפעלדס פּראָזע" איז אין אַ געענדערטער פֿאָרם פֿאַרעפֿנטלעכט אַלס אַרײַנפֿיר צו אקסענפעלדס „דאָס שטערנטיכל" (מ., „עמעס", 1938).

„די ראָל פֿון שאַבלאָנישער פֿראַזעאָלאָגיע אין דער ליטעראַטור פֿון דער האַסקאָלע" — אין זאַמלבוך „שריפֿטן", 1, (קיִעוו, 1928) אונטערן נאָמען „די ראָל פֿון שפּראַך־פֿאָלקלאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור".

„מענדעלע און די טראַדיציעס פֿון דער וועלט־קלאַסיק" — אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש", נום. 3 (1935).

„מענדעלעס סטיל" — איז אין אַ געענדערטער פֿאָרם אײנצײַטיק געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אַלס נאָכוואָרט צום בוך „פֿישקע דער קרומער" (מענדעלע — געזאַמלטע ווערק, ב. VI, מ., „עמעס", 1940). געקירצט איז דאָס זעלבע אַרטיקל צום ערשטן מאָל דערשינען אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש", נום. 7—8.

די סעריע „עטיודן וועגן מענדעלען אין די 60־ער און 70־ער יאָרן" איז דערשינען אַלס באַזונדערע אויסגאַבע.

אינעם בוך זײַנען אויך איבערגעדרוקט טײלן פֿון מ. וויִנערס אַרײַנפֿיר צו אקסענפעלדס „שטערנטיכל" (מ., „עמעס", 1938).

וועגן שאָלעם־אַלייכעמס הומאָר. מ., „עמעס", 1941. פּאַפּקע, 88 ז. 4000 עקז.

דער בוך שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן איבעראַרבעטונג און דערגאַנצונג פֿונעם אַרטיקל „באַטראַכטונגען וועגן שאָלעם־אַלייכעמס הומאָר", געדרוקט אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש" נום. 12 (שאָלעם־אַלייכעמס באַנד).

אַ קאַפּיטל פֿונעם בוך אונטערן נאָמען „הומאָר אין דער ייִדישער קולטור" איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין זש. „שטערן", 1940, נום. 10.

וועגן לייוויקס לידער. („שנײַ אַראָפּגעפֿאַלענער". מ., „שול און בוך", 1926. 160 ז. „דורך זיבן טויטן". „קולטור־ליגע", 92 ז.). אין זש. „רויטע וועלט", 1927, נום. 7, ז. 78—94.

די ראָל פֿון פֿאָלקלאָר־עלעמענטן אין מענדעלעס סטיל. אין זש. „די ייִדישע שפּראַך", 1927, נום. 7, שפּאַלטן 25—32.

[ענטפֿער אויף אַן אַנקעטע וועגן די שטעלונגען פֿונעם ווײַסרוסישן ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין קיִעוו]. אין זש. „פּראָלעטאַרישע פֿאָן", 1928, נום. 6, ז. 21—22.

פּראָבלעמען פֿון מענדעלעס רעאַליזם. אין זש. „רויטע וועלט", 1928, נום. 5, ז. 119—128 און נום. 6, ז. 123—128.

די ראָל פֿון שפּראַך־פֿאָלקלאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור (פֿון עטיודן צו אַ מאָנאָגראַפֿיע וועגן שלוימע עטינגער). אין זאַמלבוך „שריפֿטן", (1928). ז. 78—129.

אויף די ז. 104—129: צוגאָבן און אָנמערקונגען. 1. באַשטאַנד פֿון שפּראַך־פֿאָלקלאָר אין עטינגערס „סערקעלע" (מיט אַ רעשימע פֿון פֿאָלקלאָר־טעקסטן אין „סערקעלע"). 2. פֿאָלקס־אידיאָמען און רעזשיאָנעלע דיאַלעקטן אין דער ליטעראַטור־שפּראַך. 3. באַמערקונגען וועגן שפּראַך־פֿאָלקלאָר באַ מענדעלען.

צו דער אויסגאַבע [פֿון י. אקסענפעלדס ווערק, ב. 1]. אין בוך: „י. אקסענפעלדס ווערק", ב. 1. כאַרקאָוו—קיִעוו, 1931, ז. V—XVI, אונטערגעשריבן מ. וו.

אָנמערקונגען און עקסקורסיעס [צו י. אקסענפעלדס ווערק, ב. 1]. אין בוך: י. אקסענפעלד — ווערק, ב. 1. כאַרקאָוו—קיִעוו, 1931. ז. 321—344.

נאָכוואָרט. (וואַריאַנטן און צוגאָבן) צו „מאָטל פּייסי דעם חזנס ייִנגל", אין בוך: שאָלעם־אַלייכעם. — געזאַמלטע ווערק, ב. V, כאַרקאָוו—קיִעוו, 1932, ז. 365—378.

טעטיקײַט פֿון דער ליטסעקציע באַם אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער קולטור. (ראַפּאָרט). אַרויסטרעטונג אויף דער 2־טער אַלוקר. קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער, (אַפּרעל, 1981). אין בוך: „אויף די שלאַכט־פּאָזיציעס פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור" (1932). ז. 212—213.

[אַרויסטרעטונג אין די דעבאַטן אויף דער 2־טער אַלוקר. קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער. (אַפּרעל, 1931)]. אין בוך: „אויף די שלאַכט־פּאָזיציעס פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור". (1932). ז. 208—211.

וועגן כ׳ וועוויאָרקעס „רעוויזיע" — אין בוך „פֿאַרן לעניניסטן עטאַפּ אין דער ליטעראַטור־קריטיק". (1932). ז. 41—66.

אַרויסטרעטונג אויפן פּלענום פון דער ליטסעקציע פון איסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קול־טור בא דער אלוקר. וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע (אַפּרעל 1932).

איבערגעאַרבעט, אין די אַרויסטרעטונג שפּעטער אָפּגעדרוקט אלס אַרטיקל אונטערן נאָמען „צו דער פּראָבלעם פון ליטעראַרישער ירושה". אינעם בוך „פּראָבלעמען פון קריטיק".

וועגן דער אײגענער אַרבעט. אין דער זאַמלונג „קעגן אַנטימאַרקסיסטישע טעאָריעס אין דער ליטעראַטור־פאָרשונג". (1932). ז. 16—26, 81—105, 113—116.

פּאַרטראַג און שלוסוואָרט, געהאַלטן אויפן פּלענום פון דער סעקציע פאַר ליטעראַטור און קריטיק פון אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור בא דער אוקר. וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, 26 פעוור. 1932.

פאָלקלאָריזם און פאָלקלאָריסטיק. (עטלעכע פאַרהאַנאַכעס צו מעטאָדאָלאָגיע פון פאָלקלאָריסטיק). אינעם בוך: פּראָבלעמען פון פאָלק־לאָריסטיק". זאַמלונג 1. (1932). ז. 11—93.

אין א פּוסנאָטע אויף דער ז. 11 איז אָנגעוויזן: „ערשטער טייל פון א בוך „סקיצן צו מעטאָדאָלאָגיע פון פאָלקלאָריסטיק". דאָס בוך איז ניט דערשינען.

וועגן די פּרינציפּן פון סאָציאַליס־טישן רעאַליזם. אין זש. „פּאַרמעסט", 1934, נום. 7, ז. 121—134 און נום. 8—9, ז. 129—146.

פּאָרם־פּראָבלעמעס פון סאָציאַליס־טישן רעאַליזם. (פראַגמענטן פון א בוך וועגן סאָציאַליסטישן רעאַליזם אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור). אין זש. „שטערן", 1934, נום. 8—9, ז. 123—141.

דאָס בוך איז ניט דערשינען.

א טראַגישער גורל (צו י־ל. פּערעצעס צוואַנציקסטן יאָרצײַט). אין זש. „שטערן", 1935, נום. 4, ז. 87—91.

באַם מיטללענדישן יאַם. (פראַגמענטן פון א היסטאָרישן ראָמאַן). דאָס ערשטע קאַפּיטל און אָנהייב פון צווייטן. אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש", נום. 2, (1935). ז. 277—323.

דער מישפּעט איבערן פּײַנט. (וועגן פּערעץ מאַרקישעס פּאָעמע „דעם באָלעגופס טויט"). אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש" נום. 3 (1935). ז. 321—350.

סטיל־פּראַגעס פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם. מ., אין זאַמלבוך „וויסנשאַפט און רע־וואָלוציע", 1935, נום. 3—4, ז. 47—64.

אַרײַנפיר [צו „מאַסאָעס בנימין השלישי" און „דאָס קלײנע מענטשעלע"]. אין בוך: „מענדעלע מויכער־ספאָרים". — געזאַמלטע ווערק, ב. III, מ., „עמעס", 1935, ז. 7—70.

טיילן פונעם אַרײַנפיר זײַנען איבערגעדרוקט אי־נעם בוך „עטיודן וועגן מענדעלען אין די 60־ער און 70־ער יאָרן".

באַמערקונגען. אין בוך: מענדעלע מויכער־ספאָרים — געזאַמלטע ווערק, ב. III, מ., „עמעס", 1935, ז. 375—396.

דערקלערונגען צום טעקסט פון „מאַסאָעס בנימין השלישי" און „דאָס קלײנע מענטשעלע". אין א געקירצטער פאָרם זײַנען די זעלבע באַמערקונגען איבערגעדרוקט געוואָרן אין „מאַסאָעס בנימין השלישי", מ., „עמעס", 1948.

ליריק און סאָציאַליזם. אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש" נום. 6. (1938). ז. 477—555.

טראַגישער הומאָר. אין דער זאַמלונג „טעוויע דער מילכיקער" אין מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאַטער". (1939). ז. 21—23.

דער באַטײַט פון דער נײַער יידישער ליטעראַטור ביז מענדעלען. אין זש. „שטערן", 1939, נום. 3—4, ז. 60—70.

אויפגעריכט די מענטשלעכע וויר־דע. אין זאַמלונג „א גרויס אײַך, באַפרײַטע ברי־דער". (1939). ז. 58—61.

די יידישע ליטעראַטור באַם אָנ־הייב פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט. אַרײַנפיר צו דער קאָמעדיע „די גענאַרטע וועלט" פון אַן אומבאַקאַנטן אויטאָר. אין בוך: „די גענאַר־טע וועלט". מ., 1940, ז. 3—47.

טיילווײַז איבערגעדרוקט אין בוך „צו דער גע־שיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין XIX יה.".

קאָמענטאַרן [צו „די גענאַרטע וועלט"]. אין בוך „די גענאַרטע וועלט". מ., 1940, ז. 104—128.

דער אײדעלער ריטער. [וועגן אַשער שוואַרצמאַנען]. אין זאַמלונג „אַשער שוואַרצמאַן". (1940). ז. 79—81.

דאָוויד בערגעלסאָן. צום דרײַסיקסטן יאָר פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט. אין זש. „שטערן", 1940, נום. 5, ז. 44—50.

סאָציאַליסטישער אינהאַלט און נאַ־ציאָנאַלע פאָרם אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור. אַלגעמײנע באַטראַכטונג צו דער טעמע. אין אַלמאַנאַך „סאָוועטיש". נום. 11. (1940). ז. 384—404.

פאַרן טיטל: א. גורשטיין און מ. ווינער.

דאָס איז א מילכאָמע פאַר אַלע־מענטשנס גליק. אין זאַמלונג „פאַרן היימלאַנד, אין שלאַכט!", (1941). ז. 14—15.

## ב. ווײַנהויז

צו הילף די קינדער־קרײַזן און רעדקאָלעגיעס. מינסק. 1926. 32 ז. מיט אילוסטר. 3000 עקז. (ביבליאָטעק פון „טשערוואָנאַיאַ זמענא", פּיאָנערישע סעריע).

אָטינבוי. [פאַרצײכענונגען]. מאָסקווע—כאַר־קאָוו—מינסק, צענטרפאַרלאַג. 1930. 81 ז. מיט אי־ליוסטר. 4000 עקז. (דערשינען אין מינסק).

אינטערנאַציאָנאַליזירט. אַן אַגיט־פּיעסע אין 3 אַקטן, 9 בילדער. מאָסקווע—כאַרקאָוו—מינסק, צענטרפאַרלאַג. 1930. 35 ז. 3000 עקז. (דער־שינען אין מינסק).

פאַרן טיטל: מ. דובראָוויצקי און ב. ווײַנהויז.

אויף דער וואַך. רויטאַרמײיִשע עטיודן. מינסק, ווײַסר. מעלוכע־פאַרלאַג, ייִד. סעקטאָר, 1932. 92 ז. 3000 עקז.

ניקאָלײַ שטשאָרס. געזאַמלט, איבערגע־זעצט און ליטעראַריש באַאַרבעט פון ב. ווײַנהויז. מינסק, ווײַסר. מעלוכע־פאַרלאַג, נאַצ. סעקטאָר,

